# די געסט

(נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעוויס

## קאַפּיטל איינס

פלאָראַ איז געשלאָפען שפּעט, אָבער מאַקס שפּינדלער האָט זיך איבערגעוועקט פרי. ער פלעגט זאָגען אַז די געדאַנקען לאָזען אים ניט שלאָפען. ווי וואויל ער האָט געהאַט אָפּגענומען אין האָטעל „בריסטאָל" דאָס שענסטע צימער, איז דאָ ניט געווען קיין באַד־צימער. מ'האָט געמוזט אָנקלינגען צו דער באַדינעריך און ביי איר באַשטעלען אַ וואַנע. אָבער, ס'איז געווען צו־פרי צו קלינגען. אַחוץ דעם האָט אים פלאָראַ אָנגעזאָגט מיט'ן האַרבען וואָרט ער זאָל זיך האַלטען שטיל. ער האָט געטראָגען אַ פּאָר געלע פּאַדזשאַמעס און שטעקשיך מאָט פּאָמפּאָנען וואָס פלאָראַ האָט אים געקויפט אין בערלין. ער האָט שטילערהייט געעפענט דאָס פענסטער און אַרויסגעקוקט. פון יענער זייט ווייסל איז געהאַט אויפגעגאַנגען די זון. זי האָט אָנגעצונדען רויטע פייערן אין די שויבען אַקעגנאיבער. צומאָל האָט זיך מאַקס'ן אויסגעדוכט אַז די שויבען נעמען לויפען מיט אַ ווילדער אייליעניש. ווי קאָנען די שויבען לויפען בעת די מויערן שטעהען אויף איין אָרט? — האָט מאַקס זיך געפרעגט, און ער האָט זיך אַליין געענטפערט: ס'איז אַן אויסדוכטעניש, אַן אויסדוכטעניש.

מאַקס. האָט אויף זיין שטייגער זיך גע'חקר'נט וועגען דער נאַטור און אירע געזעצען. די זעלבע לבנה זעהט אויס טיילמאָל קליין און געל ווי מעש און אַן אַנדער מאָל גרויס און רויט ווי בלוט. ווען מ'קוקט דורך אַ שפּאַקטיוו זעהען אויס אַלע זאַכען גרעסער און נעהנטער. מאַקס האָט ליב געהאַט צו לייענען אין דער אידישער צייטונג די פעליעטאָנען וועגען וויסענשאַפט און אויך נייעסען „מארבע פנות העולם". עמיץ האָט געהאַט אַנטדעקט שטראַלען אַזוינע וואָס מ'קאָן מיט זיי פאָטאָגראַפירען דאָס האַרץ, דעם מאָגען, די ביינער. אין דעם לאַנד טיבעט האָט אַ נקבה חתונה מיט עטליכע מאַנען. אין סיביר האָט מען ביינאַכט געהערט אַ גרויסען רעש און אינדערפרי האָט מען געפונען מיליאָנען ביימער אומגעוואָרפען און אָפּגעזענגט. אַ געלערנטער האָט געזאָגט אַז דאָס קומט פון אַ מעטעאָר, אַ שטיין אַזאַ וואָס איז אַראָפּגעפאַלען פון הימל. אַסטראָנאָמען האָבען פאָראויסגעזאָגט מיט יאָרען צוריק אַז אין דער און דער צייט וועט זיך באַווייזען אַ קאָמעט, אַ שטערן מיט אַ ווידל — און מ'האָט אים געזעהן גענוי צום טאָג וואָס יענע האָבען פאָראויסגעזעהן.

אָ, וואָס פאַר'אַ גרויסע וועלט! און ווי קלוג די געלעהרטע זיינען! נעם אַפילו אַזאַ זאַך ווי אַ גראַמאָפאָן. עמיץ זינגט אַריין אין אַ פּלאַטע „דאָס פינטעלע איד", אָדער „השכיבנו", צי גאָר כל־נדרי, און די פּלאַטע זינגט נאָך גענוי מיט יענעמ'ס קול. ווי איז דאָס געמאָלט? נו, און דער טעלעפאָן! מ'קאָן שוין רעדען פון וואַרשע קיין לאָדזש. מ'וועט אינגיכען קאָנען טעלעפאָנירען פון וואַרשע קיין פּעטערבורג און אפשר מיט דער צייט אויך קיין בוענאָס איירעס. ער, מאַקס, וועט אויפהויבען דאָס טרייבעל און זאָגען: כ'וויל רעדען מיט דער מאַדאַם בערטאַ פּוטערמאַן, בוענאָס איירעס, קונין גאַס, נומער... און ער וועט באַלד דערהערען בערטאַ'ס קול. ער וועט פרעגען: ווי איז דער ווינטער? און זי וועט ענטפערן: מאַקסעלע, אַ פּוילע קעלט. ס'נעמט אַדורך די ביינער. און ער, מאַקס, וועט זאָגען: בערטעלע, דאָ איז וואַרים. איך געה צו דער פיגור... כ'האָב ערשט געברענגט פלאָראַ'ן אַ בינטעל בען.

נו, דאָס מענשליכע קעפּעלע קאָן אַלץ אויסטראַכטען. דאָס ביסעל געהירן הינטער'ן שיידל איז ניט גלאַט עפּעס קיין צעפּאַטשקעטע מיירע, נאָר אַ גאַנצע מאַשין מיט אָדערן, נערוון און ווער ווייסט וואָס נאָך. ווען ס'דוכט זיך אַז מ'איז אַריין אין אַ קלעם און דער חלף ליגט שוין אויפ'ן האַלז, טוט אַ לייכט־אויף אַן איינפאַל און אַלץ נעמט געהן גלאַטיג ווי אַ מזמור און נאָך בעסער ווי מ'האָט זיך פאַרגענומען. די פּוילע, די שלים־מזל'ען האָבען איין לידל: אוממעגליך. אָבער אַז מ'וויל שטאַרק און מ'לאָזט דעם מוח אַרבעטען, איז אַלץ געמאָלט...

מאַקס האָט אַראָפּגעקוקט פון פערטען שטאָק אויף דער גאַס וואָס הויבט זיך אָן ווי די קראָקאָווער פאָרשטאָט, ווערט שפּעטער „די נייע וועלט" און פאַרקריכט ערגיץ קיין מאָקאָטאָוו און ווער ווייסט וואו. ווער האָט זיך געוואָלט ריכטען אַז ער, מאָטעלע ממזר, אָדער מאָטעלע שמד'ניק, ווי מ'האָט אים גערופען, וועט זיין אַ גביר, אַן איי־גענטימער פון הייזער און געשעפטען אין בוענאָס איירעס, האָבען אַ שעהן ווייב — אַן אַקטריסע, און איינשטעהן אין האָטעל „בריסטאָל"! ער האָט דאָס אַלץ דערגרייכט בלויז דערפאַר ווייל ווען די אַנדערע האָבען גע'שיכור'ט, געפאָפען, געשפּילט אין קאָרטען און זיך באַניגענט מיט צו'לקח'נען ביי אַ מאַרק־זיצערין די פּאָר זעקסערלעך, אָדער זיין אַ סוטניק ביי עפּעס אַ נפקא אויף דער סמאָטשע גאַס. — האָט ער, מאָטעלע, אַריינגעטראַכט אין זאַכען. זיי האָבען געלאַכט אויס אים, די באַנצען, די טאַפּשעס, אָבער ער, מאָטעלע, האָט צו זיך געזאָגט: אַמבעסטען לאַכט דער וואָס לאַכט דער לעצטער. וואו זיינען זיי איצט די לאַטקעס? די מערסטע זיינען געוואָרען פאַרפוילט אין טורמע, אָדער גלאַט גע'פגר'ט פון הונגער.

די גאַס איז נאָך געווען פרימאָרגענדיג לעדיג, אָבער די טראַמווייען זיינען שוין פול. מענשען זיינען געפאָרען צו דער אַרבייט. אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, די „ראָזרוכעס", האָבען די פּאָליטי'שע זיך באַרימט אַז זיי וועלען אַראָפּזעצען דעם קייסער און אַז די באַלעבאַטים וועלען ווערען די אַרבעטער. אָבער ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. דער קייסער איז קייסער און די וואָס שוויצען אין די פאַבריקען וואוינען נאָך אַלץ אין קעלער־שטובען און עסען קדחת. מ'זאָל אַפילו צען מאָל אַראָפּזעצען דעם קייסער, וועט נאָך אַלץ עמיץ איינשטעהן דאָ, אין דעם רייכען האָטעל, און דער אַנדערער וועט זיך וואַלגערן ערגיץ אין אַ פאַציאַטע אין טאַמקעס אָדער מקום.

מאַקס האָט טיף איינגעאָטעמט. ס'האָט דאָ געשמעקט מיט בלעטער, גראָז, מיט די ביימער פון זאַקסישען גאָרטען וואָס האָבען געבליט און ס'איז געפאַלען פון זיי דער צוויט. קיהלע ווינטעלעך האָבען אָנגעבלאָזען פון יענער זייט ווייסעל אָדער גאָר פון וואַלד, אָנגעטראָגען ריחות פון פעלדער און סעדער. מ'האָט געהערט פון דאַנען דאָס פייפעניש פון לאָקאָמאָטיווען, דאָס געקלאַפּ פון רעדער אויף רעלסען, דעם געקלאַנג פון בופערס. ווי ווייט איז פון דאַנען צו דער ווינער באַן? אין פאַרגלייך מיט לאָנדאָן איז וואַרשע אַ קליין שטעטעל.

מאַקס האָט געהאַט חשק אַראָפּצוגעהן שפּאַצירען, אָבער ער האָט ניט געוואָלט פאַרשאַפען פלאָראַ'ן קיין פאַרדרוס. זי ווערט נערוועזיש ווען זי כאַפּט זיך אויף און ער איז ניטאָ. זי איז צוגעבונדען צו אים מיט אַ ליבשאַפט וואָס דאָס קאָן מען גאָר קיינעם ניט איבערגעבען. זי געניסט דערפון וואָס ער האָט פאַרגעניגען. יעדעס מאָל וואָס ער מאַכט־קאַליע אַ יאַלדעוווקע, מוז ער איר דערצעהלען יעדעס קליינעקייט. זי שרייט פון תאווה. זי לאַכט ווי אַ ווילדע. זי נעמט טאַנצען און רעדען רייד וואָס מ'קאָן דאָס גאָרניט נאָכרעדען. דערביי איז זי אַ געביפּט שטיקעל סחורה, אַ נקבה אַ צוואַניאַק. דער גרעסטער חכם קאָן זי ניט אָפּנאַרען. זי לייענט דיינע געדאַנקען ווי פון אַ בוך אַרויס. ווי נאָר מ'פּרואווט אַ טרעל־טאָן, טוט זי גלייך אַ זאָג:

— טשאַקע די באַבע'ז, ניט מיך... און זי לאַכט ווי אַ כישוף־מאַכעריז און ציט ביי דיר אַרויס דעם גאַנצען אמת, ביז צום לעצטען טראָפּען...

מאַקס האָט דערהערט עפּעס וואָס איז געווען האַלב־אַ־זיפץ, האַלב־אַ־געניץ. ער האָט זיך אומגעקערט. פלאָראַ איז נאָך ניט געווען וואַך, אָבער זי איז שוין אויך ניט געשלאָפען. די אויגען אירע זיינען געבליבען פאַרמאַכט און ס'איז געבליבען אויף די ווייעס אַ צייכען פון דעם בלויעכץ וואָס דערמיט האָט זי זיך באַנוצט ווי אין די צייטען ווען זי האָט געשפּילט טעאַטער און זיך גרימירט. זי האָט זיך געצויגען און אָפּגעטרייסעלט פון זיך די חלומות. זי האָט געוויזען אַ מויל ווייסע ציין, שטאַרקע ווי ביי אַ צויג. די דעקע האָט זיך אַראָפּגעשאַרט און פון זיידענעם נאַכט־העמד מיט די שפּיצעלעך האָט זיך אַנטפּלעקט אַ ווייסע ברוסט, פול, אָנגעקוואָלען, מיט אַ רויטליכען וואָרצעל. זי האָט געעפענט איין אויג, שוואַרץ ווי אַ קאַרש, און גענומען רעדען שלאָף־לשון:

— ווי שפּעט איז, האַאַ?... וואָס קריכסטו אַרום אַזוי פרי? קום צוריק אין בעט. אַאַאַ!...

— צוריק איז צוריק. וואָס איז, דער האָבען שטעכט דיך?

— לאָז אַראָפּ דעם ראָלעט!

פלאָראַ האָט געהאַט פאַרלאַנגט אין האָטעל אַ פראַנצויזיש בעט. זי האָט פיינט געהאַט צו שלאָפען אַליין. ווי נאָר ער איז אַריין אין בעט האָט זי זיך צו אים צוגעטוליעט, אים אַרומגענומען, צוגעלייגט איר מויל צו זיינעם. זי האָט אים געלעקט דאָס פּנים. זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— אוי, די באָרד שטעכט ווי אַ ריבאייזען.

— זי וואַקסט ווי אויף הייוועז.

— ווי איז אינדרויסען?

— שעהן. די זון שיינט. וואַרשע איז געוואָרען שענער.

פלאָראַ האָט מער ניט גערעדט. זי האָט ווידער גענומען שלאָפען, אָדער אַמוועניגסטען מאַכען דעם אָנשטעל, אַז זי שלאָפט. די ליפּען אירע האָבען זיך באַוועגט ווי ביי אַ זויג־קינד וואָס חלומ'ט פון דער ברוסט אָדער דער מאַמקע.

## 2

מאַקס האָט נעכטען געהאַט באַשטעלט ביי די באַדינעריז אַ וואַנע און דאָס פאַרפאַלק האָט זיך געבאָדען. דערנאָך זיינען זיי אַראָפּגעגאַנגען עסען. די זעמעלעך האָבען געקנאַקט צווישען די ציין. מאַקס האָט באַשטעלט אייער, קעז און רויטע רעטעכלעך — ראש־חודש רעטעלעך ווי מ'האָט זיי גערופען. די אַנדערע געסט האָבען געקוקט אויף דעם פּאָרל קרום: זיי האָבען גערעדט אידיש. צו ווייזען אַז זי איז ניט גלאַט עפּעס אַ יאַכנע פון אידישען פּערטל, איז פלאָראַ מיט אַמאָל אַריבער אויף שפּאַניש. די פּאָלאַקען האָבען זיך אָנגעשפּיצט. מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— רעד מאַמען־לשון. מ'דאַרף זיך ניט פאַר זיי אויספּיינען.

— זאָלען זיי וויסען אַז מיר זיינען ניט פון מיסט אַראָפּ.

— די קאַווע דאָ איז אַנדערש ווי אין בוענאָס איירעס — האָט מאַקס גערעדט האַלב צו זיך, האַלב צו פלאָראַ'ן. — זיי מוזען אַריינטאָן ציקאָריע.

אַ ווייל איז געווען שטיל. דערנאָך האָט פלאָראַ געפרעגט:

— ווען וועסטו אָנקלינגען מאיר'ן?

— ס'איז צו־פרי. זיי שלאָפען שפּעט. זיי פירען זיך ווי ביי אונז אין אַרגענטינע: עלף אַזייגער הויבט זיך ערשט אָן די נאַכט. מאיר שיקט אַראָפּ נאָך הייסע זעמל אָדער גאָר בייגל מיט קישקעלעך. ער מאַכט אַ קנאַק־יעקב אויך. לאה קאָן אַריינרוקען צוועלף אַזייגער ביינאַכט אַ געבראָטענע קאַטשקע. דערביי בלייבט זי מאָגער. אַ געזונט שטיק. זי האָט אַן אייזערנעם מאָגען.

— וואָס איז מיט עים?

— ער האָט שמאַלץ אונטער'ן האַרץ. דער דאָקטאָר האָט אים פאַרשריבען, ווי הייסט עס דאָרט? אַ דיעטע. ער האָרכט אים ווי המן דעם גרעגער. כ'בין אַליין געזעסען דערביי ווי ער האָט אַריינגעגאָסען צען קופלעס ביר און פאַרביסען מיט גענדזענע לעבערלעך.

— וואָס איז מיט ווייבער?

— קיין שום ווייבער. אַז מ'האָט לאה'ן, בלייבט שוין ניט קיין כח פאַר אַנדערע. דערצו אַז מ'האָט אַזאַ טרעלבוך.

— זי איז בעסער פון מיר?

— ניין, אוצר מיינער. קיין שום נקבה אין דער וועלט איז ניט בעסער פון דיר. דאַרפסט ניט זיין פעפערזיכטיג.

— ווען איך בין פעפערזיכטיג וואָלט איך דיך ניט געלאָזט טאָן וואָס דו טוסט — האָט פלאָראַ געזאָגט.

— וואָס טוה איך? אַלץ וואָס כ'טוה איז פאַר דיר, אַז דו זאָלסט לעבען ווי אַ קייסערינע און זאָלסט קאָנען נאָכגעבען אַלע דיינע פאַרוועלכצער. אַז האָסט געזעהן ביי טיצ'ן דעם בראַנזאָלעט און האָסט געזאָגט אַז ער געפעלט דיר, האָב איך גלייך אַרויסגענומען דעם טייטער — אַ רוח אין דיין טרפה'נעם פּופּיק אַריין!

— לאָמיר ניש' באַלאָמוטשען צו־לאַנג. כ'וויל טאָן אַ קוק אויף וואַרשע.

— קעלנער!

אַזוי האָט מאַקס זיך געפירט: פלאָראַ'ס אַ וואָרט איז פאַר אים אַ באַפעל. ער האָט באַצאָלט פאַר'ן אָנבייסען און איבערגעלאָזט טרינקגעלט, אַ מנהג וואָס איז געווען כמעט אומבאַקאַנט אין וואַרשע. פאַר'ן האָטעל זיינען געשטאַנען דראָשקעס און גומקעס. מאַקס האָט געגעבען אַ צייכען אַ פורמאַן פון אַ דראָשקע מיט גומענע רעדער. צו וואָס הערען דעם געקלאַפּ פון די רעדער? די גומקעס האָבען אויך געהאַט שענערע פערד, דער דישעל און דער כאָמוט באַפוצט מיט מעש. דער פורמאַן האָט געפרעגט וואו צו פאָרען, און פלאָראַ האָט געזאָגט:

— דאָס איז ניט אַ קורס, נאָר מיר ווילען פאָרען אַ גאַנצע שעה. ווייז'ס אונז די שטאָט. פאַר אַלעמען וויל איך כאַפּען אַ בליק אויפ'ן זאַקסישען גאָרטען.

פלאָראַ האָט געהאַט אַ געלענק פאַר שפּראַכען. זי האָט גערעדט פּויליש. זי האָט זיך געהאַט אויסגעלערנט שפּאַניש. אין לאָנדאָן האָט זי גלייך געפּרואווט פּלאַפּלען די פּאָר ענגלישע ווערטער וואָס זי האָט געהערט. אין בערלין האָט זי געשפּראָכען דייטשמעריש. מאַקס האָט ריכטיג געקאָנט בלויז איין לשון: אידיש. אין אַרגענטינע האָט ער געטראָגען שוואַרצע מלבושים אַפילו אין זומער. דאָרט, ווי אין שפּאַניע, איז שוואַרץ געווען אַ סימן פון רייכקייט און סאָלידקייט. אָבער דאָ אין וואַרשע האָט ער געטראָגען אַ פּאַנאַמע־הוט, אַ העלען אַנצוג, אַ קראַוואַט אויסגעשטיקט מיט געלדערנע פעדים, ווייסע שיך. ער האָט געהאַלטען אַ שטעקען מיט אַ זילבערנער גאָלקע.

(ווייטערעס — מאָרגען)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון: יצחק באַשעוויס

(פאָרזעצונג)

פלאָרא איז געווען אַביסעל, צודיק, אָבער זי האָט אויסגעזעהן ווי אַ מיידעל. ס'איז ניט געווען אין איר רונד פנים קיין שפור פון אַ קנייטש. זי האָט געטראָגען אַ ברייט־רונדיגען הוט מיט שטרויס־פעדערן, אַ ווייסע זיידענע בלוזע מיט פּערלמוטערנע קנעפּלעך, אַ שמאָל און לאַנג קלייד, לויט דער מאָדע. די שיך אירע האָבען געהאַט אומגעוויינליך הויכע קלעצלעך און זיינען געווען געמאַכט פון קראָקאָדיל־לעדער. אויף די פינגער פון ביידע הענט זיינען געזעסען פינגערלעך מיט איידעלשטיינער. אויפ'ן האַלז האָט זי געהאַט אַ קורצע שנור פּערל. אַחוץ דעם וואָס פלאָרא האָט ליב געהאַט זיך צו באַווייזען מיט איר צירונג, איז געווען אַ געפאַר דאָס איבערצולאָזען אין האָטעל. אַ נאָז האָט פלאָרא געהאַט אַ קאַפּעלע ענהליך צו אַ שנאַבעל. די שעהנהייט אירע איז געווען אין דעם געזונטען קאָליר פון איר הויט, אין אירע שוואַרצע אויגען און אין דעם שניט פון איר מויל. איר גאַנץ וועזען האָט אויסגעדריקט ווייבערשע אַנטשלאָסענקייט און דערביי אַ סאָרט מיידלשען נייגיר און אַפילו עפּעס אַזוינס ווי נאַאיוויטעט. מאַקס פלעגט זיך וויצלען אַז דערפאַר וואָס פלאָרא האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין קינד, איז זי געבליבען ווי אַ בתולה. אָבער דערביי האָט זי געקענט רעדען רייד אַז אַ קאָזאַק זאָל רויט־ווערען.

פריער איז די דראָזשקע פאַרביי די עלף טויערען פון זאַקסישען גאָרטען. פלאָרא האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. אַלץ איז געבליבען דאָס אייגענע: די טויערן, די קאַשטאַן־ביימער, די ספּעקטען און דער סאָבאָר מיט די גילדענע צלמים — אַ צייכען אַז וואַרשע איז אַ רוסישע שטאָט, ניט מער די רעזידענץ פון פוילען. שפּעטער האָט די דראָזשקע זיך פאַרקירעוועט אויף דער קראַקעווסקע. פלאָרא האָט געהייסען דעם פורמאַן אַריינפאָרען אין דער אידישער געגענט: אויף דער גראַניטשנע, פאַר'ן אייזערנעם טויער און דערנאָך אויף דער גנאָינע און קראָכמאַלנע. ער האָט געהאַט דערביי אַן אויסרעכענונג: מאיר סמעטענע און זיין ווייב לאה (לאה פּיסק האָט מען זי גערופען) האָבען געוואוינט אויף קראָכמאַלנע נומער עלף, אַ נייע הויז אויפ'ן סאָמע „פּלאַץ". ווי באַלד מ'פאָרט שוין, פאַרוואָס טאַקע ניט צופאָרען צו מאיר'ן? אַז ער וועט דערהערען אַז זיי זיינען דאָ, וועט ער גלייך וועלען זיך זעהן מיט זיי. פלאָרא האָט באַגערט וואָס גיכער זיך צו באַרימען פאַר לאה'ן מיט איר בראַסלעט. מ'האָט אויך געדאַרפט כאַפּען אַ שמועס וועגען „אַכצען און דרייצען". מאַקס האָט געהאַט אין בוענאָס איירעס, אויף קאָריענטאָס, אַ פאַבריק פון דאַמען־טאַשען. ער האָט געדאַרפט מיידלעך וואָס זאָלען ביי אים אַרבעטען. דאָס וואָס די מיידלעך זיינען שפּעטער אַראָפּ פון גלייכען וועג און זיינען געוואָרען זונה'ס ביי בערטאַ'ן אין שאַנדהויז, — דאָס איז ניט געווען קיינעמ'ס שולד. אַרגענטינע איז אַ פרייע מדינה...

ווען די דראָשקע איז צוגעקומען צו אַ וואָרשטען־האַנדעל, האָט פלאָרא געהייסען מאַקס'ן באַצאָלען דעם פורמאַן פאַר אַ גאַנצער שעה ווי־וואויל די רייזע האָט בלויז געדויערט דריי פערטל שעה. זי איז אַריין אין וואָרשטען־האַנדל אָנגעקלינגען מאיר'ן און לאה'ן. זי האָט וואויל געוואוסט אַז זי וועט זיי אויפוועקען פון שלאָף, אָבער וויפיל איז דער שיעור צו פּאַפּען? שלאָפען איז גוט ווינטער, ווען די טעג זיינען גרוי, קאַלט, נאַס, ניט אין אַ טאָג ווען דער הימעל איז בלוי, די זון גיסט מיט גאָלד און די ווינטלער פון פּראַגער וועלדל דערגרייכען אַפילו קראָכמאַלנע גאַס מיט אירע רינשטאָקען, מיסט־קאַסטענס, באָזאַרגען. כאָטש אינדערפרי, האָבן שוין ווייבער געקויפט וואָרשט, ברוסט, בראָטען, לעבער, אויפשניט. די אייגענטימערין, אין אַ בלאָנד געקאַרבט שייטל, האָט געשניטען די געריכערטע פליישען מיט אַ לאַנג מעסער. אין אַ קעסל האָבען זיך געקאָכט קישקעלעך. ס'האָט דאָ געשמעקט מיט ביר, מושטאַרדע און זאַלץ־פלעצלעך. מאַקס איז געבליבען שטעהן אינדרויסען. ער האָט ניט גערן געהאַט ווען פלאָרא האָט זיך צעלאָזט מיט אירע ווייבערשע גוזמאות און אויסגעשרייען. ער האָט באַלד פאַרנומען אַ קוויטשעריי. פלאָרא האָט שוין דאָרט גערעדט מיט לאה פּוסק. ער האָט געהערט ווי פלאָרא שרייט: ווען? נעכטען. פאַרוואָס מיר האָבען ניט דעפּעשירט? ווייל מיר האָבען געוואָלט ענק מאַכען אַ סורפּריז. מאַקס? אין בעסטען אָרדענונג. ער מאַכט אַמעריקע, ווי מ'זאָגט ביי אונז. אויף אַלע אונזערע פריינד געזאָגט געוואָרען. די שונאים — אַ מכה און אַ זאַשע... וואו? אין האָטעל בריסטאָל. מ'האָט אונז אָפּגעגעבען דאָס שענסטע צימער. גענעראַלען שטעהען דאָרט איין. אָבער אונזער געלט איז אַקוראַט אַזוי גוט ווי זייער געלט. וויפיל? טייער, בראַנד טייער. אָבער ניש־קשה, מיר גיבען זיי ניט אַוועק דעם לעצטען גראָשען — כאַ־כאַ־כאַ!...

פלאָרא איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ קוויטשעדיג געלעכטער.

מאיר סמעטענע און לאה פּיסק האָבען באַוואוינט דריי שטובען מיט אַ קיך און אַ באַלקאָן אויפ'ן צווייטען שטאָק. ווען מאיר איז אַרויס אויפ'ן באַלקאָן האָט ער געקאָנט כאַפּען אַ שמועס מיט'ן בלינדען איטשע, מיט סרולקע גאַנער און אַפילו אַריבערשרייען צו עמיצען אין דער מלונה אין נומער אַכט. קיין דינסט האָבען זיי ניט געהאַלטען. צו וואָס? געגעסען האָבען מאַראָוד־ווייב כמעט דורכאויס אין דער רעסטאָראַציע אין נומער צוויי, אָדער אין דער ביר־שענק נומער זיבעצען. לאה איז קאַפּאַבל געווען נאָך היינט אויסצוזאָגען די שיך, פאַרשאַרצען דאָס קלייד און וואַשען דעם דיל און אַפילו די פענסטער. זי האָט געהאַט דעם כח פון אַ האַלב טוץ דינסטען. ווען לאה האָט פאַרבעטען געסט, האָט זי געקאָכט מאכלים וואָס דער קייסער עסט ניט קיין בעסערע. אירע גריישעלעך, ווערעמפלעך און געהאַקטע אייער מיט ציבעלעס האָבען גע'שמ'ט פון קראָכמאַלנע ביז סמאָטשע, פון מקום ביז שיליק. מאיר סמעטענע איז געקומען עפּענען די טיר אין אַ געבלימעלטען שלאָפראָק. ס'האָט זיך דורכגעריסען אַן אַרויסשטאַרצענדיגער בויך ווי ביי אַ ווייבל אין די הויכע חדשים. אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַ גרויסען, מיט שוואַרצע געקרויזעלטע האָר און מיט בוירמעלדיגע אויגען אונטער געדיכטע ברעמען. אין די יונגע יאָרען איז מאיר סמעטענע געווען אַ שלעגער און אַ שטאַרקער. אָבער ער האָט זיך שפּעטער „געסטאַטקעוועט". ער איז מער ניט געווען קיין גנב, נאָר אַ פּאַסער, אַן אויפקויפער פון גנבה'ס. ער איז אויך געווען אַ מאַכער. ער האָט געהאַנדעלט מיט פאַלשע מעטריקעס, פּעסער. ער איז געווען אַ פאַרמיטלער צווישען דער אונטערוועלט און דער פּאָליציי.

ניט מאיר און ניט לאה האָבען פאַרזוכט דעם טעם פון תפיסה. מאיר האָט געהאַט אַ שטאָט אין אַ שוהל. פורים האָט ער געשיקט שלח־מנות דעם מורה־הוראה. פּסח האָט ער צושטייער געגעבען אויף מעות חטין. מאיר סמעטענע האָט זעלטען גערעדט אַ געמיין וואָרט. פאַרקערט, ער האָט ליב געהאַט דאָס באַלעבאַטישע לשון און טיילמאָל זיך אַפילו באַנוצט מיט די נייע ווערטער, וואָס מ'דרוקט אין די אידישע צייטונגען. ער האָט געהאַט אַ טאָכטער וואָס האָט געהאַט אַ מאַן אַ בוכהאַלטער און קינדער וואָס זי האָט געשיקט אין חדר. זי האָט חתונה געהאַט אַ בתולה און געהאַט איין גאָט און איין מאַן.

לאה פּיסק איז געווען אַ שותפ'טע צו עטליכע שאַנד־הייזלעך. אָבער זי האָט דאָרט אַפילו ניט אַריינגעשמעקט. זי איז געווען אַ געטריי ווייב. די גאַסען־מיידען האָט זי גערופען: דאָס געהינטעכץ. אָבער וואָס שייך לשון, האָט לאה ניט געקאָנט זיין קיין איבערקלייבערין. ווען זי האָט זיך מיט עמיצען געקריגט, האָט מען געהערט איר קול און איר ניבול־פה פון דער ציעפּלע ביז יאַנאַש'ס הויף...

קודם האָט מאיר זיך צעקושט מיט פלאָרא'ן. ער האָט געהאַט אַ ברייט מויל מיט פעטע ליפּען. עס איז געוואָרען אַ סמאַטשקעניש וואָס האָט געדויערט אַ גוטע מינוט. דערנאָך האָט ער זיך געקושט מיט מאַקס'ן. ער האָט גענומען שרייען:

— עץ ווערט גאַרניש' עלטער. וואָס איז דאָס פאַר'אַ קונץ? עץ האָט געטרונקען דאָס וואַסערל וואָס מ'בלייבט דערפון אייביג יונג? קעניינע־האָרע! אַזוינע טייערע געסט! פון בלויזען אָנקוקען ענק קומט מיר צו אַ שטיק געזונט!

און ער האָט געטאָן אַ פּאַטש מיט די צוויי גרויסע הענט זיינע. אַ פּאָר ידים וואָס האָבען נאָך היינט געקאָנט אויפהויבען אַ משא פון צען פּוד.

נאָך אַ ווייל האָט זיך באַוויזען לאה — מיט אַ שויבער בלאָנדע האָר, אַ שמאָל פּנים, בלויע אויגען, אַ שאַרפען קיהן, אַ גלייכען האַלז. לאה איז געווען אַמאָל אַ שעהנהייט. נאָך היינט האָבען איר מאַנסלייט נאָכגעקוקט ווען זי האָט זיך אויסגעפּוצט אין אירע קאָסטליכע מלבושים און טייערע צירונג. אַ נאָז האָט זי געהאַט אַ קאַפּעלע אַ געהויקערטע, אָבער ס'איז געלעגען אין דער דאַזיגער נאָז לאה'ס גאַנצע שאַרפקייט און כאַראַקטער. לאה האָט איצט געטראָגען אַ באָרדאָ קימאָנע, רויטע שטעקשיך, געלייזשט מיט גאָלד. פריער האָט זי זיך געקושט מיט פלאָרא'ן, דערנאָך מיט מאַקס'ן. זי האָט גענומען שרייען:

— ווי קומט מען דאָס עפּעס פון יענעם עק וועלט און מ'לאָזט ניט הערען אַ וואָרט? אַראָפּגעפאַלען ווי פון הימל! נו, דאָס איז ביי אונז אַ יום־טוב! אַ יום־טוב אינדערוואָכען! כ'על מאַכען אַזוינע געוואַלדען אַז מ'עט הערען אין גאַנץ וואַרשע!

— צו וואָס געוואַלדען? לאָז זיי ניט שטעהן ביי דער טיר! קומטץ אַריין! קומטץ אַריין! ברוך הבא! סקאַצל־קומט! ליבע טייערע געסט!

לאה האָט גלייך אָנגעטראָגען כיבוד, אַלערליי לעקעכלעך, קיכלעך, מלכות־ברייטלעך, באַבקע — אַלץ געבאַקען מיט אירע אייגענע הענט. זי האָט אַוועקגעשטעלט זיסע בראַנפען, שטאַרקען בראַנפען, אָבער מאַקס און פלאָרא האָבען ביידע געשוואוירען אַז זיי קאָנען גאַרניט פאַרזוכען. וויפיל קאָן מען אַריינפּאַקען און נאָך אינדערפרי! נאָך אַ סך בעטענישען און באַשווערענישען האָבען די פיר זיך אַוועקגעזעצט אין מיטל־שטוב — די געסט אויף דער סאָפע, די אייגענטימער אויף געבעטע שטילען. פלאָרא האָט געוויזען איר בראַסלעט און לאה האָט גענומען שרייען פון התפעלות: שעהן! גרויסאַרטיג! ס'פאַרבלענדט די אויגען! מאַמעלער, אַסור צי ראָטשילד'ס ווייב פאַרמאָגט אַזאַ בראַנזאַלעט! טראָג אים געזונטערהייט! ביז לאַנגע יאָרען! אין נחת און אין פרייד!...

— גענוג, גענוג. וויפיל איז דער שיעור צו ווינשען? — האָט מאיר זיך אַריינגעמישט. — ווען אַלע ווינשענישען וואָלטען געוואָרען מקוים, וואָלט מען משוגע געוואָרן פון צופיל פאַרגעניגען. ווידער ווען אַלע קללה'ס ווערען מקוים, וואָלט ניט געבליבען קיין איין מענש אויף דער וועלט.

אָט דאָס איז געווען מאיר סמעטענע; ער האָט ליב געהאַט אַרויסצוזאָגען געדאַנקען און זיך צו חקר'נען. דערמיט איז ער געווען ענהליך צו מאַקס'ן. ביידע האָבען געהאַט געלערנט אין חדר, געדענקט אַ פּסוק און אַפילו אַ פּאָר ווערטער פון דער גמרא. מאיר סמעטענע האָט געהאַט אַ לוח וואו עס זיינען פאַרצייכענט אַלע יאַרידים אין רוסלאַנד, ווי אויך פאַקטען וועגען דער וועלט, שטיקלעך געשיכטע, באַשרייבונגען פון ווייטע לענדער, בילדער פון קיסרים, פון באַראָן ראָטשילד, באַראָן הירש, משה מאָנטעפיאָרע און דר. הערצל. אין מיטען אַלע מסחרים האָבען ביידע מאַנסלייט געקאָנט פאַרפירען אַ שמ'עס צי ס'איז אמת אַז מענשען וואוינען אויף דער לבנה און צי דער וואָס הייצט ביים קייסער דעם אויווען האָט דעם טיטל פירשט. איצט האָט מאַקס דערצעהלט וועגען דער רייזע אויף דער שיף פון בוענאָס איירעס קיין לאָנדאָן און דערנאָך פון זיין באַזוך אין פּאַריז, בערלין. ער, מאַקס, איז געהאַט אַרויפגעפאָרען מיט אַ ווינדע אויפ'ן אייפעל־טורם און געזעהן פּאַריז ווי אויף דער אייגענער האַנט. מאיר סמעטענע האָט איבערגעפרעגט איינצעלהייטען. לאה האָט אַ רוף געטאָן:

— אַ וועלט מיט וועלטלעך!

— ס'איז כדאַי דאָס אַלץ אָנצוקוקען איידער מ'געהט אַ גאַנג — האָט פלאָרא געזאָגט.

— כ'געה נאָך ניט.

— בלייב דאָ ביז הונדערט און צוואַנציג יאָר.

נאָך אַ ווייל איז מען אַריבער צו מסחר. די מאַנסלייט האָבען זיך געמאַכט תמ'וואַטע. מאַקס האָט גערעדט וועגען זיין פאַבריק פון דאַמען־טאַשען אין בוענאָס איירעס און אַז ער דאַרף היימישע מיידלעך פון פוילען צו דער אַרבעט. די שפּאַניערינס זיינען פויל און האָבן ניט קיין געהירן אין די קעפּ. אַלץ וואָס זיי קאָנען טאָן איז לאַכען, זינגען און שוואַנגערען. מאיר האָט אַ זאָג געטאָן:

— מיר קאָנען דיר נאַראַיען אַזוי פיל מיידען אַז וועסט דאַרפען דינגען צוויי שיפען, ניט איינע.

— אַזוי פיל ברויך איך ניט. אַ האַלב טוץ וועט זיין גענוג.

— מיר'ן דיר געבען אויסצוקלויבען.

— איך בין ניט דער מבין. דער אמת'ער מבין איז זי.

און מאַקס האָט אָנגעוויזען אויף פלאָרא'ן.

פלאָרא האָט גענומען שמייכלען שלוי.

— אַ חומיקל!... אַ צדיק אין פּעלץ...

(פאָרזעצונג פרייטאָג)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעווים

(פאָרטזעצונג)

4

נאָך אַ ווייל זיינען די מאַנסלייט געבליבען אַליין אין מיטל־שטוב. פלאָראַ איז אַריין מיט לאה׳ן אין אַ צימער וואָס זי האָט געהאַלטען בלויז פאַר זיך. ס׳זיינען דאָ געלעגען פערסישע טעפּיכער. אויף די טאַפּעצירטע ווענט האָבען געהאַנגען לאַנדשאַפטען, בילדער פון קעניגען און פון קעניגליכע געליבטע, שפּיגלען איינגעפּאַסט אין געגאָלדעטע ראַמען. ס׳איז דאָ אַפילו געווען אַ ליטאָגראַפיע פון אַ נאַקעטער נקבה. אויף געשטעלשלער זיינען געשטאַנען וואַזעס, לאַמפּען, קינסטליכע בלומען, ביינערנע, מעשענע און בראָנזענע פיגורלער. די סאָפע און די שטולען זיינען געווען איבערגעצויגען מיט רויטען סאַמעט און באַהאַנגען מיט פראַנזען. ס׳איז פריער געווען צו גלויבען אַז אַזאַ סאַלע איז געמאַלט אויף דער קראָכמאַלנע גאַס. אָבער מ׳האָט פון דאַנען די גאַס ניט געזעהן. די פענסטער זיינען געווען פאַרשטעלט מיט שווערע גאַרדינען און פאַרהאַנגען. לאה האָט דאָ געהאַט קאַמאָדעס פול מיט צירונג, זיידענע וועש, שפּיצען, פעכערס. אין אַ שראַנק האָבען געהאַנגען קליידער, וואָס לאה האָט קיינמאָל ניט אָנגעטאָן, סאַידען אַמאָל אויף אַ חתונה. זי האָט געוויזען פלאָראַ׳ן וויפל שיך זי האָט, וויפל היטען מיט שטרויספעדערען און מיט הילצערנע פרוכטען: גאַנצע הענגלען וויינטרויבען, קאַרשען, פלוימען, ס׳האָט זיך דאָ געשפּירט פון נאַפטאַלין, פּערפומען. יעדעס מאָל וואָס לאה האָט געוויזען פלאָראַ׳ן אַ פריש חפץ, האָט פלאָראַ אַרויסגעלאָזט אַ קווייטשעל: וואונדער־שעהן! אַ פראַכט! מאַמעלעך! זעהטץ נאָר! אין אמת׳ן האָט פלאָראַ חוזק־געמאַכט אויס לאה פּוסק און אירע אַלט־פרענקישע שמאַכטעס. זי, פלאָראַ, איז געווען אַמאָל אַן אַקטריסע אין טעאַטער אויפ׳ן מוראַנאָוו. זי האָט געשפּילט אין „כאַשע די יתומה", אין דער „טשאַרדאַשפירשטין", און וואו ניט? ווען מאַקס וואָלט זי ניט אַרויסגענומען פון טעאַטער, וואָלט מען היינט געדרוקט איר נאָמען — פלאָראַ כאַלופניק — מיט די גרעסטע אותיות. זי האָט שוין געשפּילט אין אַרגענטינע אויך. איר צרה איז געווען וואָס זי האָט ניט געקאָנט לייענען. מ׳האָט געמוזט זי לערנען די ראָלען פון אויסענווייניג. די דירעקטאָרען, די סופלער־ען א.ז.וו. יעדער שמאַגעגע אין טעאַטער האָבען געהאַט אין איר אַ קונה, געטראַכט אַז זי איז יעדען איינעם עפּעס שולדיג. מאַקס האָט אַליין אָפּגעטאָן אַלדאָס בייז, אָבער אויף איר פלאָראַ׳ן, איז ער אייפערזיכטיג. ווען ער האָט זיך באַקענט מיט איר און ס׳האָט זיך אָנגעהויבען צווישען זיי די גרויסע ליבע, האָט מאַקס געטענה׳ט:

— וואָס ס׳איז געווען איז געווען, נאָר פון איצט־אָן פאַרגעס, אַז ס׳זיינען דאָ אַנדערע מאַנסלייט אַחוץ מיר. פון היינט־אָן איז דאָ איין גאָט און איין מאַקס!

און ער האָט זי געוואָרענט אַז אויב זי׳ט זיך לאָזען אַרומטליקען, וועט ער שניידען פון איר לעבעדיגע שטיקער און באַגיסען זי מיט עסיג. דער אמת איז אַז פלאָראַ האָט ניט געוואָלט קיין אַנדערען. מאַקס האָט געהאַט אַ טעם וואָס קיין שום מאַנסביל פריער האָט ניט געהאַט — אַחוץ אפשר איינעם וואָס פלאָראַ איז געווען אַמאָל אין אים שטערבליך פאַרליבט, אָבער ער האָט מיט איר אָפּגעהאַקט. ס׳האָט ניט געפעהלט אַ סך פלאָראַ זאָל צוליב אים איינגעמען סם. גראַד דאַמאָלס האָט זיך אונטערגערוקט מאַקס און ער האָט אויסגעהיילט איר צעווייטאָגט געמיט. צוליב דעם אַליין האָט פלאָראַ אים באַדאַרפט בלייבען געטריי ביז׳ן לעצטען אָטעם.

אין דער צייט ווען די ווייבער האָבען זיך באַרימט מיט זייער גוט מזל, האָבען מאיר סמעטענע און מאַקס געקאָנט רעדען ווי איין מאַנסביל צום אַנדערען. מאיר האָט געפרעגט:

— וואָס הערט זיך דאָרט, אין דעם בוינעס איירעס?

— וואָס זאָל זיך הערען? ס׳אַ לעבעדיגע וועלט. וואָס דאָ איז דער רובל איז ביי אונז די פּעזאָ. פאַר דער פּעזאָ קאָן מען אַלץ קויפען — ס׳טעלערל פון הימל.

— וואָס מאַכט בערטאַ?

— אייזען שטאַרק.

— שוין גרוי?

— זי פאַרבט די קודלעס.

— וואָס טוט יאַנקעל?

— שוין אַן אָפּגעפאַרענער.

— זי באַהאַנדעלט אים כאָטש גוט?

— ער טראָגט־נאָך די שיסל.

— טוסט איר אַמאָל אַ קיצל?

— אויס רחמנות.

—נו, מ׳ווערט עלטער, ניט יונגער — האָט מאיר סמעטענע געזאָגט. — איך בין מער ניט דער אַמאָליגער מאיר. ס׳וואַקסט מיר שמאַלץ אונטער׳ן האַרץ. כ׳דאַרף פאָרען אין די וואַרימע בעדער.

דער דאָקטאָר קניאַסטער וואָרענט מיך מיט׳ן האַרבען וואָרט, אָבער איך קאָן אַזוי מיך אויפהויבען און אַוועקפאָרען ווי דו קאָנסט ווערען דער גורער רבי.

— זיין קראַנק איז ווילער?

— עי, דו ווייסט ניט וואָס דאָ טוט זיך. דו קומסט צו פאָרען אויף אַ פּאָר וואָכען און לויפסט צוריק אַוועק. אין די ראַזרוכעס דאָ איז מען ניט געווען זיכער מיט׳ן לעבען. דאָ אויפ׳ן פּלאַץ האָט זיך אַלץ אָפּגעשפּילט. דאָ האָבען די אחדות־ניקעס געוואָלט ניטען ניקאָלאַיקע׳ן ער זאָל זיי געבען אַ קאָנסטיטוציע. זיי זיינען אַרומגעלאָפען מיט די שפּייערס און געשאָסען. צען מאָל אין טאָג האָבען זיי געפאָכעט מיט דער רויטער פלאַכטע און געמאַכט אַ געפילדער. אַז מ׳האָט געקאָנט טויב ווערען. מ׳איז אַריין צו אַ איד אין שפּייז־געוועלבל און מ׳האָט אים דערלאַנגט אַ קויל אין קאָפּ — גלאַט אַזוי. יענער איז געווען גאָט די נשמה שולדיג. אַז אונזערע האָבען ניט געוואָלט מיטהאַלטען, האָבען זיי געמאַכט, שוואַרץ־שבת. אַריינגעפאַלען צו יואָל׳ען אין נפקא־בית און צעשלאָגען די פרנסה־געבערינס. חרוב געמאַכט די מלינה. זיי האָבען מיך אויך געוואָלט מאַכען פאַר אַ קדוש און כ׳האָב מיך געמוזט באַהאַלטען אין אַ קעלער. אין צערקל האָבען זיי געוואָרפען אַ באָמבע און דער׳הרג׳ט אַ סטאַיקאָווע, אַן אָרימאַן קאַצאַפּ. ס׳ווייב זיינ׳ס פלעגט ביי אונז נעמען וועש צו וואַשען. ס׳איז געווען ביי זיי איינער, אַ יונה כלאַפּ, און ער האָט ערגיץ אָנגעקריגען אַ באָמבע. ער איז אַריין שבת צו יאַנטשע׳ן אין טיי־הייזעל און זיך געהייסען געבען טעה. ער זיצט מיט די חברה־לייט און באַרימט זיך וואָס ער׳ט אויפטאָן. פון דער הויזענקעשענע האָט אים אַרויסגעשטאַרצט אַ פּאַטשיילעכל. איינער פון די חברה־לייט האָט געוואָלט זיין אַ וואווילער און אַ ציה געטאָן ביים שפּיצל. ס׳איז אַרויסגעפאַלען אַ באָמבע און ביי ביידע אָפּגעריסען די הענט. נאָכ׳ן בלוטיגען מיטוואָך זיינען זיי געלעגען אַ ווייל איינגעלייגט. נאָר אַז מ׳האָט זיי געגעבען די קאָנסטיטוציע איז ווי־דער געוואָרען אַ טאַראַראַם. זיי האָבען געמיינט אַז משיח איז געקומען. דו לייענסט אַוודאי די גאַזעטען?

— כ׳לייען. כ׳ווייס.

— די קאָנסטיטוציע איז ניט ווערט דאָס שטיקעל פּאַפּיר זיך אונטערצוהאַווישען. זיי שרייען שוין אַליין אַז מ׳האָט זיי אָנגעפּייפט. איין דומע האָט מען שוין צעיאָגט און מ׳געהט שוין קלויבען אַ צווייטע. דערוויל טרייבט מען אידען פון די דערפער און ס׳קומען אָן ליטוואַקעס פון גאַנץ רוסלאַנד. יענע־גאַסען זיינען שוואַרץ מיט זיי. מ׳העט בלויז דאָס חזיר׳שע לשון זייער׳ס. „כיענע, נעם די פערענע און צודעק מיר". זיי האָבען איבערגענומען אַלע געשעפטען. זיי רופען אונז: פוילישע דריפּקעס. ווער עס האָט אַ האַנט און אַ פוס לויפט קאַ׳ן אַמעריקאַ. ביי די יונגע און די געזונטע איז דאָס אַ שפּילעכל. מ׳פאָרט־צו קאַ׳ מלאַווע, מ׳גיט אַ מוליכער אַ דרייערל און ער שוואַרצט דיך אַריבער איבער דער גרעניץ. אָבער עלטערע מענטשען האָבען מורא זיך צו שוואַרצען. מוז מען זיי באַזאָרגען מיט אַ פּאַס און כ׳ווייס־וואָס. נו, און צו וועמען געהט מען? צו מיר. אָנומעלט זיינען די גלינעס אַריינגעפאַלען צום מורה־הוראה און אים געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל באַשער מ׳דאַווענט ביי אים שבת אָהן אַ פּאַזוואָלעניע. דער טייערער איד האָט זיך אַזוי דערשראָקען, אַז ער איז אַליין געקומען צו לויפען צו מיר, בלייך ווי די וואַנט: ר׳ מאיר, ראַטעוועט מיך! ער׳ט אַוודאי געמיינט אַז מ׳וועט אים פאַרשיקען קאַ סיביר. ר׳האָט מיר געוואָלט באַצאָלען, נאָר כ׳האָב געזאָגט: ביי אייך, רבי, נעם איך ניט קיין געלט. כ׳האָב אים נאָך צוגעגעבען אַ פּאָר גילדען — איז מיין נאָמען ניט מאיר.

— יאָ, יאָ, אָבער ס׳געזונט איז בילכער.

— דער דאָקטאָר האָט מיר אַלץ פאַרזאָגט. עסען טאָר איך ניט. אַ גלאָז ביר איז טריף. אָבער אַלע מיינע געשעפטען מאַך איך ביי אַ קופעל ביר. אַז ס׳קומט אַ מענטש מוז מען אים מכבד זיין, און אַז יענער טרינקט, קאָן איך ניט זיצען גלאָצען ווי אַ גולם. ווידער אַז מ׳טרינקט, וויל מען פאַרבייסען. וואָס מען באַשטעלט איז פול מיט פעפער און קנאָבל און ס׳ברענט מיך דער דורשט. דאַרפסט וויסען, אַז אין זיבעטען צערקעל ווילען זיי מיט קיינעם ניט רעדן, נאָר מיט מיר. די רעוויראָוועס טראָגען מיר אָקעגען דעם גוט־מאָרגען. דער קאָמיסאַר איז מיט מיר פּאַן־בראַט. ס׳זיינען דאָ נאָך מאַכערס, נאָר מ׳לאָזט זיי ניט פאַר די אויגען. כ׳קים אַריין צום קאָמיסאַר און ער שטעלט אַוועק פאַר מיר אַ שטול. אַז כ׳וועל אַוועקפאָרען, וועלען זיך אַריינכאַפּען די שטינקערלעך און אָנמאַכען אַ געסראַכע. אָנומעלט אַז כ׳בין געוואָרען קראַנק, האָבען אידען אין שוהל געזאָגט פאַר מיר תהלים.

— נעמסט אַ רעצעפּט?

— כ׳נעם. וואָדען? כ׳נעם ניט? נאָר ס׳העלפט ניט. דער בויך איז מיר אָנגעפּוישט. אַז כ׳געה אויף די שטיגען, פאַרכאַפּט מיר דעם אָטעם.

— וואָס איז מיט יענע זאַכען?

— נו, ס׳איז ניט וואָס אַמאָל. דו ביזט דאָך קעגען מיר אַ צוציק.

— האָסט סחורה פאַר מיר?

— אַ שאלה דאָס איז. פּרימאַ סחורה. ניט אַלע קאָנען פאָרען קאַ׳ן אַמעריקאַ. מ׳אַרבעט דאָרט שווער. די גאַזעטען שרייבען אַז ס׳איז דאָרט אַ קריזיס. ס׳איז זיך אָנגעלאָפען הונדערטער טויזענטער מענטשען — גרינע רופט מען זיי — און ס׳איז ניטאָ פאַר זיי קיין אַרבעט. מ׳געהט אַרום הונגעריג איבער די גאַסען. ביי ענק אין בוינעס־איירעס, זאָגט מען, איז בעסער ווי אין ניו יאָרק און מ׳וויל פאָרען אַהין.

— כ׳וואָלט געוואָלט אַ כשר שטיקל סחורה.

— קאָנסט דיר אַלץ אויסביטען.

ווי וואויל פלאָראַ האָט געשוואוירען הייליגע שבועות אַז זי קאָן קיין ביסען ניט אַראָפּשלינגען, האָט לאה פאַר איר אַוועקגעשטעלט אַ טאַץ מיט מאַקאַראָנדלעך און אַ קאַראַפינקע זיסען בראָנפען. זי האָט אויפגעזאָטען קאַווע אויך. ביידע ווייבער האָבען גענומען צוביסלעך. זיי האָבען געטאָן קליינע שלוקעלעך, בלויז צו באַנעצען די ליפען. זיי האָבען איידל צוגעביסען דאָס געבעקס און לאה האָט געפרעגט:

— ווילסט, הייסט עס, אַראָפּברענגען אַקטיאָרען?

— ניט אַ סך. איינעם אָדער צוויי. קיין שלעכטע אַקטיאָרען פעהלען דאָרט ניט אויס. אָבער ס׳בענקט זיך נאָך אַן אמת׳ן אַקטיאָר. אַז ס׳קומט צו פאָרען עמיץ גאַסטראָלירען פון ניו יאָרק, ווערט ביי אונז שמחת־תורה. ווען אַ גוטער אַקטיאָר רעדט, איז יעדעס וואָרט אויסצוקושען. אַז אַ קאַליקע דערלאַנגט פּראָזע, גרילצט אין די אויערן. אָבער ווען קומט מען פון ניו יאָרק? און אין ניו יאָרק זיינען אויך ניט אַלע פון גוטען סאָרט. ביי אונז איז ניט ווי דאָ וואו די מיידלעך ליגען אָפּ די יאָרען אין אַ קעלער און געהען ניט אַרויס אויף דער ליכטיגער שיין. שבת פּוצט מען זיך אויס און מ׳קומט אין טעאַטער. ווען ניט זיי, וואָלט דאָס טעאַטער ניט געקאָנט אויסהאַלטען אַ וואָך. זיי קויפען די בעסטע בילעטען, אויף די ערשטע בענק, זיי קומען מיט זייערע חתנים און אַז זיי געפעלט ניט אַ פּיעסע, נעמט מען זי אַראָפּ פון דער ביהנע איינס צוויי. דער אייגענטימער און אַלע אַנדערע ווייסען דאָס און זיי האַלטען זיך היימיש. ווען מאַקס וואָלט מיך געלאָזט שפּילען, וואָלט איך דאָרט געוואָרען אַ פּרימאַדאָנע. אָבער ער׳ט נאָר מורא מ׳זאָל מיך ניט באַלאַמוטשען. ער ציטערט נאָר כ׳זאָל אים ניט, ווי ער זאָגט, צושטעלען אַ פּאָר הערנער. מאַנסלייט קאָנען זיין קלוג, אָבער זיי זיינען אויך גרויסע נאַראָנים. זיי ווייסען ניט וואָס ס׳טוט זיך אָפּ ביי אַ פרוי הינטער׳ן שטערצעל. פרעג זיי בחרם. כ׳וויל אים ניט פאַרשאַפען קיין פאַרדרוס. ס׳איז צי׳שען אונז אַזאַ ליבע ווי ס׳איז נאָך ניט געווען זינט די וועלט שטעהט. ער קושט מיינע טריט. ווען ער קאָן, וואָלט ער מיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן זיבעטען הימל און זיך געבוקט צו מיר ווי צו אַ גאָט. ביי זיין גאַנצער קלוגשאַפט, איז ער ניט פּראַקטיש. ווען איך האָב אים געטראָפען איז ער געלעגען ניין איילען אין דר׳ערד. מער ווי דעם גאַרניטור וואָס ער האָט אויף זיך געטראָגען, האָט ער גאָרניט געהאַט. ער׳ט זיך אַרומגעשלעפּט מיט׳ן ערגסטען פּעבל. ער וואָלט געגאַנגען צו גרונט. איך האָב אים גענומען אין די הענט אַריין ווי אַ מאַמע אַ קינד. ער וואָלט קיינמאָל ניט אַוועק קיין אַרגענטינע אָהן מיר. מיר זיינען געקומען אָהן אַ גראָשען געלט, אָבער כ׳האָב פאַרקויפט מיין צירונג און מיר האָבען זיך אַרויסגעשטעלט לייטיש. דאָרט מוז מען מאַכען דעם אָנשטעל. מ׳קאָן טאָן וואָס מ׳וויל, אָבער פאַר לייט מוז מען ווייזען, אַז מ׳האָט אַן ערליכע פרנסה. דאָס האָב איך אים צוגעשאַנצט די פאַבריק פון דאַמען־טאַשען. איך האָב אַמאָל געאַרבעט ביי טאַשען איידער כ׳בין געוואָרען אַן אַקטריסע און כ׳האָב געוואוסט וואָס דאָס איז. מיר האָבען איצט אַ גרויסע פאַבריק און מיר מאַכען די שענסטע דאַמען־טאַשען און בוינעס־איירעס. אַ קאָפּ האָט ער אַ פּייערדיגען. אַז מ׳ווייזט אים וואָס צו טאָן, ווערט ער אַן אויפטוער. אויף אַלע אידען געזאָגט אונזער מערכה. ער איז אָנגענומען אין בוינעס־איירעס. מ׳רעכענט זיך מיט אים. עפּעס אַ קלייניקייט, סעניאָר מאַקס שפּינדלער! דער אייגענטימער פון אידישען טעאַטער, זיגמונד לעווינזאָן, איז ביי אונז ווי אַ לייבליכער ברודער. ער איז פאַרליבט אין מיר, נאָר ער איז ניט קיין נאַר און מאַכט ניט קיין פוילע שטיק. ער האָט אַ שעהן ווייב און פאַר אַ צרלאַג האָט ער אַלע אַקטריסעס. אַז מ׳וויל אַ באַל, מוז מען געהן מיט אים שלאָפען. אַניט, קאָן מען די אויגען זיך אויסקוקען און מ׳וועט בלייבען אין שאָטן.

(ווייטערס — מאָרגען)

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון **יצחק באַשעוויס**

(פאָרזעצונג)

— פאַר אייך וואָלט געווען אַמבעסטען ווען איר געהט אין שפּיטאָל אַריין — האָט מאיר געזאָגט נאָך אַ קווענקלעניש.

— אין שפּיטאָל? ניין! איך וויל שטאַרבן דאָ! דאָ! דאָ!.. דאָ האָב איך געלעבט און דאָ וועט קומען מיין סוף! — האָט די זקנה געשריגן מיט אַן אומגליקליך שטאַרק קול. — כ'האָב געלט! כ'צאָהל דירה־געלט! כ'דאַרף צו קיינעם נישט אָנקומען!...

— וואויל איז אייך, באַבעשי. אָבער אַז מ'איז קראַנק, העלפט נישט קיין געלט. איר דאַרפט האָבן אַ דאָקטאָר וואָס זאָל די גאַנצע צייט אויף אייך אַכטונג טאָן.

— כ'וויל נישט! כ'דאַרף אים נישט! זיי סמ'ען מענטשן!

— איז די זקנה זיך פאַרגאַנגען אַ כאַרכלעניש. — ווער איז ער?

— האָט זי אָנגעוויזן אויף מאַקס'ן.

— ער איז דער אַגענט — האָט מאיר גלייך געפונען אַן ענטפער.

— אַ שוואָגער?

— זאָל זיין אַ שוואָגער. ער'ט זי מיטנעמען.

— וואָס וועט זי טאָן אין אַמעריקאַ? מ'פאַרקויפט זיי דאָרט ווי קעלבער אויפ'ן מאַרק. זיין קריגן די סוכאָטע און —

— איכ'ל איר אָפּשרייבן געלט. כ'על זי אַריינשטעלן אין מיין צוואה!...

— באַבעשי, איר'ט אונז אַלע איבערלעבן — האָט מאיר צוריקגעשריגן. — ביז דאַמאָלס וועט זי שוין אַליין האָבן אייניקלעך — — — וואַרט אַ מינוט. איך מוז מיט אים עפּעס איבערשמועסן — — —

מאיר האָט געטאָן אַ וואונק צו מאַקס'ן און ביידע זיינען צוריק אַוועק אין קאָרידאָר.

— ווי גיך ווילסטו זי האָבן? — האָט מאיר געפרעגט.

— מיינסטאַלבן — שוין.

— זי געפעלט דיר, האַ? די החרד־זוהן! זי האָט דאָ אַ טאַטע'ן. ער וויל פון איר פּטור ווערן, אָבער ער קען אָנטאָן צרות.

— כ'קען זי מאַכן פאַר מיין סעקרעטאַרין. כ'על איר צאָלן אַ געהאַלט.

— וואו וועסטו זי באַזעצן? לאָז זי ביי דער אַלטער. קאַנסט קומען צו איר ווען דו קאַנסט דיך אַרויסקאַרווען פון פלאַרא'ן. די אַלטע געהט שלאָפן צוזאַמען מיט די הינער. שאַשע האָט אַן אַלקאָוו פאַר זיך מיט אַ בעט און הכל־בכל־מכל. פאַרגעס נישט, זי איז אַ יונג קינד פון אַ באַלעבאַטיש הויז. מ'מוז זיך באַגעהן מיט איר איידל.

— מאיר, דאָס דאַרפסטו מיך נישט לערנען.

— אויב דו וועסט איר טאָן אַן עוולה, וועל איך עס דיר קיין מאָל נישט מוחל־זיין.

— קיין שום עוולה. כ'בין שוין פאַרליבט אין איר איבער די אויערן. כ'על זי האַלטן ווי אַן אייגען קינד.

מאיר האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— אין מיינע צייטן האָט מען זיך פאַרליבט ביסלעכווייז. היינט טוט מען אַ קוק אויף אַ מויד און מ'איז שוין גרייט צו קריכן צו איר. אין דריי חדשים שפּעטער איז מען שוין אָנגעזעטיגט און מ'זוכט שוין אַ נייע. צו וואָס קאָן דאָס פירן?

— וואָס זאָרגסטו אַזוי פיל? דיין טאָכטער האָט אַ מאַן מיט קינדער.

— נו, ס'איז נישט מיין וועלט. כ'על מוזן געפינען פאַר דער תרח'טע אַן אַנדער מיידל און דאָס איז נישט קיין לייכטע זאַך. מ'קאָן זי נישט איבערלאָזן אַליין. מיר זיינען אידען, נישט קיין מערדערס.

— גוט. אין געלט איז נישט קיין אָפּהאַלט. אויב דו ווילסט, קאָן איך שוין אַלץ מסלק־זיין. אַלע קאָסטן.

— כאַפּ דיך נישט צום בייטל. דו'סט נאָך קריגן פון מיר אַ זעץ! כ'וואָלט עס נישט געטאָן פאַר קיין אַנדערן ווען מ'שיט מיר אָן אַ שטוב מיט גאָלד. כ'האָב זי ליב ווי אַן אייגענע טאָכטער.

— אויב דו וועסט וועלן, קאָנען מיר מאַכן שותּפות — האָט מאַקס געזאָגט נאָך אַ צעגערעניש. — אויף דעם בין איך נישט אייפערזיכטיג. כ'וואָלט דיר געגעבן מיין פלאַרא'ן ווען דו ווילסט. איז מיין נאָמען נישט מאַקס.

— האַ? דו ביזט מיר ווי אַ ברודער. איינגעזעסן אין האַרץ. אָבער מיר ליגן מער נישט אין קאָפּ אַזוינע נאַרישקייטן. כ'ליג מיך באַנאַכט אין בעט אַריין און שלאָף אַ שעה. אין חלום בין איך אַ גאַנצער צעליגער. כ'ווער ווידער יונג. מיט אַמאָל כאַפּ איך מיך אויף און ס'האַרץ נעמט מיר צאַפּלען און פּאָכען ווי אַ שפּרינגפעדער. כ'בין אויסגעוויקט אין שווייס. מיט געלט איז אַלץ ביי מיר גלאַטיג, אָבער כ'הייב אָן זאָרגען אַשטייגער ווי כ'וואָלט נישט געהאַט קיין גראָשן ביי דער נשמה. דער איצטיגער קאָמיסאַר איז גוט צו מיר. כ'האָב ביי אים, ווי מ'זאָגט, נשא־חן געווען. אָבער מ'בייט זיי. דער איבערפּאַליצמייסטער, מאַיער, איז נאָך אַ יונגער שנעק, און אויסשטודירטער, און ער'ט זיך איינגערעדט אַ שמעקעלע, אַז ער'ט אָפּרייניגן וואַרשע. יעדע פּאָר וואָכן איז אַן אַבלאַווע אויפ'ן פּלאַץ. ס'קומט אַ קאַטשל און מ'שלעפּט אַוועק אַ פּאָר אינגלעך אין קאַזע, באַשר זיי שפּילן צו געווינען אַ לעקעכל, אָדער אַ שטיקל כאַלוע. מ'טרייבט די פּושעקופּקעס און מ'קערט איבער זייערע קוירבערס. ס'איז ווי מ'זאָגט: די קליינע הענגט מען און די גרויסע שענקט מען. זיי קומען צו לויפן צו מיר און מאַכן מיר אַ וואַסער אין אויער, כ'זאָל זיי העלפן. וואָס קאָן איך טאָן פאַר זיי? די סטאַיקאָוועס מוזן ווייזן אַז זיי טוען אַכטונג. אויב זיי שטעלן נישט צו קיין פּראָטאָקאָלן יעדע וואָך, שאַפט מען זיי אָפּ. זיי האָבן אויך ווייבער און קינדער. וואָרטשאַווע, איינער טרייבט דעם אַנדערן. די אחדות'ניקעס, ווידער, האָבן זיך איינגעשמועסט, אַז אויב מ'וועט אַראָפּזעצן דעם קייסער און אָפּשאַפן געלט, וועט ווערן אַ גן־עדן. זיי וועלן דער'הרג'ענען דעם קייסער, זיי וועלן אים דער'הרג'ענען ווי זיי האָבן דער'הרג'ט זיין זיידן, דעם אַלעקסאַנדער'ן. זיי האָבן אויף מיר אויך אַן אויג. כ'בין ביי זיי אַ געצעטעלטער. זיי זאָגן מיר צו, אַז ווען זיי וועלן קומען צו דער ממשלה, וועט מען מיך אויפהענגען אויפ'ן ערשטן לאַמטער. באַטאָג איז דאָס אַלץ נישט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי. זאָלן זיי הענגען! בעסער ווי צו פוילן אין הקדש. אָבער אין מיטן דער נאַכט באַפאַלט מיך אַ שרעק ווי אַ טרוס. כ'וויל אַנטלויפן.

— קום קיין אַרגענטינע. שאַשע וועט וואוינען ביי דיר. מיר וועלן זיך אַ שפּיל טאָן ווי אין די אַלטע גוטע צייטן.

— האָסט געהערט וואָס די באַבע האָט געזאָגט: דאָ האָב איך געלעבט און דאָ וויל איך שטאַרבן. כ'האָב שוין אַפילו אַ קרקע אויפ'ן גוטן אָרט. אַז וועסט נאָך אַמאָל זיין צו־גאַסט, קום צו מיר אויף קבר־אבות...

3

מאיר סמעטענע איז געווען גערעכט. אַז לאה און פלאַרא וועלן אָנקויפן אַ גאַנצע קראָם. זיי האָבן אַפילו עפּעס געקראָגן בלומען. לאה האָט שפּאַצירט אין דער דירה וואו ס'האַלטן זיך אויף די דינסטן און מיטגעבראַכט צוויי מיידלען, וואָס זאָלן איר העלפן. אָבער דערפאַר איז אַרויס אַ מיטאָג, וואָס מ'האָט לאַנג דערנאָך גערעדט הערוועגען אויף דער קראָכמאַלנע. פלאַרא האָט אָנגעטאָן אַ פאַרטוך און האָט זיך געפּאַרעט אין קיך. ס'איז אַפילו געקומען צו אַ דורכרייד צווישן לאה'ן און פלאַרא'ן, ווייל פלאַרא האָט ליב געהאַט זאַלץ, פעפער, אַלערליי געווירצן וואָס די דאָקטוירים האָבן מאיר'ן פאַרבאָטן.

מאיר סמעטענע האָט געהאַט פאַרבעטן דעם בלינדן איטשע'ן — בלינד אויף איין אויג וואָס עמיץ האָט אים אויסגעשטאָכן אין אַ געשלעג. — סרולקע נאָז, רייצעלע פליאַק און נאָך איינעם, פייטל קלעפּקע. דער בלינדער איטשע איז געווען, נאָך מאיר'ן, דער פירער פון דער בלאַטער חברה נישט בלויז אויף דער קראָכמאַלנע, נאָר אין גאַנץ וואַרשע. ער אַליין האָט נישט גע'גנב'עט. אָבער ער האָט געהאַט אַ גאַנצע כאַפּטע גנבים'לעך וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט גנב'ענען און ער האָט געקראָגן אַ חלק. ער האָט אויך געהאַט אונטער זיך פּרעטענסיע־נעמערס — שטאַרקע וואָס טשעפּען זיך צו פּאָרלעך שבת אויפ'ן שפּאַציר מיט אַלערליי פּרעטענסיעס און מ'האָט זיך געמוזט ביי זיי אויסקויפן. אחוץ דעם האָט דער בלינדער איטשע געהאַט שותּפות אין אַ צאָל הייזלעך און איז געווען אַ סאָרט קאָפּ ביי די אַלפאָנסען. דער בלינדער איטשע האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ גיבור. ער האָט געקאָנט רייסן קייטן, בויגן מטבע'ס. אַז ער האָט געטאָן אַ זעץ מיט זיין מעכטיגער פויסט אין טיש, איז דער טיש איינגעפאַלן. איטשע איז געווען הויך, ברייט, אַ ריז.

סרולקע איז געווען דער היפּוך פון איטשע'ן, אַ פּיצעלע מענטשעלע, דאַר ווי אַ שווינדזיכטיגער, מיט איינגעפאַלענע באַקן, אַ שפּיציג שיידל אָהן אַ האָר, אַ שמאָל געמבעלע און אַ לאַנגע נאָז. „נאָז" האָט מען אים גערופן דערפאַר ווייל סרולקע פלעגט ביי יעדער געלעגנהייט זיך באַרימען: איך האָב אַ נאָז; איך דערשמעק גלייך. דער בלינדער איטשע האָט נישט געקאָנט לערנען און שרייבן. אַפילו רעדן איז אים אָנגעקומען שווער. סרולקע איז געווען דעם בלינדן איטשע'ס לייב־מענטש און עצה־געבער. סרולקע האָט געלייענט צייטונגען. ער האָט אַריינגעקוקט אין קאָרעקס־ביכער.

סרולקע האָט געהאַט נאָך אַ צווייטן צונאָמען: דער מיניסטער. דער בלינדער איטשע האָט נישט געהאַט קיין ווייב. אָבער סרולקע האָט געהאַט אַ ווייב מיט זעקס קינדער. די אינגלעך האָט ער געשיקט אין חדר, די מיידלעך אין שקאָלע. סרולקע איז געווען אַ מייסטער אין גנב'ענען פון קעשענעס. ער האָט אין אַ שפּאַס וויפל מאָל אַרויסגעלקח'נט ביים בלינדן איטשע'ן דעם זייגער פון וועסטל־קעשענע און יענער האָט גאָרנישט געפילט. ער איז אויך געווען אַ מאַדים אין שפּילן אין פאַלשע קאָרטן, ספּעציעל אין אַ שפּיל וואָס מ'האָט גערופן „קייטעלע". סרולקע האָט געקאָנט „אָפּדאַצען" די בעסטע קאָרטאָוויקעס אין פוילן. ער האָט אויסגעמיטן סיי די אַלפאָנסען און סיי די גאַסטפרויען. ער איז געווען אַ געטרייער מאַן, אַן איבערגעגעבענער טאַטע. ער האָט געהאַט איין תאווה: געלט.

רייצעלע איז קוים אַלט געווען פערציג יאָר, אָבער זי איז שוין געווען אַ „מומע" אין אַ האַלב טוץ הייזלעך. זי האָט אָנגעהויבן ווי אַ געוויינליכע זונה און זיך ביסלעכווייז אַרויפגעאַרבעט. רייצעלע האָט געוואויגן קנאַפּע דריי הונדערט פונט. זי האָט אַ גאַנצן טאָג געגעסן שאָקאָלאַדקעס, מאַרמאַלאַדקעס, מאַקאַראָנדלעך. זי האָט ליב געהאַט פעט פלייש, ווימפּלעך, געפילטע קישקע. דאָקטוירים האָבן זי געוואָרנט אַז אויב זי וועט זיך נישט צוהערן און אָנווערן אַ הונדערט פונט, וועט זי קריגן די אַפּאָפּלעקסיע. נאָר רייצעלע האָט געלאַכט אויס די דאָקטוירים און זייערע שמאָנצעס. זי איז געווען, ווי געוויינליך פעטע — גוטמוטיג, אָבער ווען רייצעלע איז אַריינגעפאַלן אין אַ יוכצע און עמיצן געמאַכט אַ „מי שבדך", האָט מען געהערט איר קול איבער אַ האַלבער גאַס. רייצעלע איז אַמאָל, מיט צוואַנציג יאָר צוריק, געווען מאיר'ס געליבטע. מאיר האָט פיינט געהאַט יואל'ן און אים גערופן: דער אונטערשטופּער.

פייטל קלעפּקע, אָדער דער משוגע'נער פייטל, אַ געוועזענער ישיבה־בחור וואָס איז אַראָפּ פון גלייכן וועג, האָט חתונה געהאַט מיט אַ הור, און פאַרדינט זיין אויסהאַלטעניש דערפון וואָס ער האָט פאַרקויפט די זונות זאָקן, מייטקעס, קאָפּטלעך, העמדער. פייטל האָט געהאַט געלע האָר און דאָס פּנים זיינ'ס איז אויך געווען געל פון די זומער־שפּרענקעלעך וואָס האָבן באַדעקט זיין צורה. ער האָט קיינמאָל נישט אויסגעטאָן דאָס אידישע היטעל און די לאַנגע קאַפּאָטע. אחוץ קלעפּקע און משוגע'נער האָט ער געהאַט נאָך אַנדערע צונעמען: דאָס איבערגעדרעהטע שלעסל, דער חכם און — פּיטשע־פּוי. פייטל האָט געפירט מלחמה מיט גאָט, מיט דער תורה. ער האָט פיינט געהאַט חזיר־פלייש, אָבער יום־כיפור האָט פייטל געגעסן אַ שטיק חזיר צו'להכעיס דעם רבונו של עולם. ער האָט גערויכערט בלויז שבת. אין דער וואַלענער קאַפּאָטע זיינער האָט ער אַריינגענייט פלאַקסענע פּעדים צו טראָגן שעטנז. פייטל האָט געהאַט אַ געבויגענע פּלייצע, אַן איבערבלייבעניש פון דער צייט ווען ער איז געווען אַ קנעלער און זיך געבויגן איבער די ספרים און אַ געלע באָרד. ער האָט זיך געקאָנט אַוועקשטעלן אויפ'ן פּלאַץ און פאַרפירן אַ שמועס מיט די גנבים און הורען, וועגן דעם אַז משה רבנו האָט נישט געשפּאַלטן דעם ים, די בני ישראל זיינען קיינמאָל נישט געשטאַנען אויפ'ן באַרג סיני, די צען געבאָט האָבן אידן גע־גנב'עט ביי די אַלטע באַבילאָנער, אין בית־מקדש האָט געשטונקען ווי אין אַ יאַטקע, דוד המלך איז געווען אַ מערדער, שלמה המלך — אַ נואף. מ'האָט זיך געוויצעלט וועגן פייטל'ען אין גאַס, אַז ער עסט אויף אָנבייסן חלב מיט טשוועקעס. ווען פייטל'ס עלטסטער זוהן איז געוואָרן בר־מצווה האָט דער פאָטער אים געוואָלט אָוועקפירן אין אַ הייזל. אָבער די מוטער, פּעסע, האָט געמאַכט אַ געוואַלד און באַזאָרגט דאָס אינגעל מיט תפילין. מאיר האָט גערן געהערט פייטל'ס שאַרפע רייד, זיינע ישיבה־בחור'שע שטאַכעלירונגען און וואָרטשפּילן. ער האָט געקאָנט פּרעה־ליד מאַכן ווי אַ בדחן. ער האָט נאָכגעשפּעט די דרשה'ס פון רבנים, דאָס תורה־זאָגן פון רביים. ער האָט נאָכגעקרימט די ווייבער וואָס געהען צום מורה הוראה פרעגן שאלה'ס און זיך טובל'ען אין מקוה.

ביים טיש איז מאיר סמעטענע געזעסן אויבן־אָן. ער האָט אָנגעטאָן אַ שוואַרץ רעקל פון וועליור און אַן אַטלעסענע וועסט מיט גאָלדענע פינטעלעך. צווישן דער פאַרשפּייז און די קרעפּלעך־מיט־יויך האָט ער גערויכערט אַ לאַנגען ציגאַר. מאַקס איז געזעסן לינקס, פלאַרא — רעכטס. ווייטער האָט לאה באַזעצט דעם בלינדן איטשע, רייצעלע פליאַק, סרולקע נאָז. ביים אַנדערן עק טיש, נעבן לאה'ן איז געשטאַנען אַ שטול פאַר פייטל קלעפּקע.

(פאָרזעצונג — פרייטאָג)

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעוויס

(פאָרזעצונג)

דער שמועס האָט זיך גוט דרעהט אַרום אַרגענטינע, און פלאָרא האָט דערציילט וואָס דאָרט טוט זיך. זומער ווערט מען משוגע פון דער היץ, און ס'איז דאָ איין רפואה: אַוועקצופאָרן קיין מאַר־דעל־פּלאַטאַ, וואו ס'בלאָזן קילע ווינטלעך פון ים. די קאַסינאָ דאָרט איז נאָך גרעסער ווי אין מאָנטע קאַרלאָ. מ'קאָן דאָרט אין איין נאַכט געווינען אַן אוצר און פאַרלירן דאָס העמד. ווינטער איז אויך ניט צוזעטס אין בר ענאָס איירעס, ווייל די הייזער האָבן ניט קיין אויוועס צו באַהייצן די שטובן. שניי איז זעלטן, אָבער ס'רעגנט און ס'ווערט אַ פּוילישע קעלט. די שענסטע צייט איז נאָך סוכות ווען דאָרט איז פריהלינג און נאָך פסח ווען ס'הויבט זיך אָן דער הערבסט. רייצעלע האָט געטאָן אַ פּליאַסק מיט די הענט.

— אַן איבערגעקערטע וועלט!

דער אמת איז אַז מ'האָט שוין דאָס אַלץ געהאַט געהערט אויף מאַקס'עס פריערדיגע וויזיטן: דער זול פון פלייש; די אָקסן וואָס פּאַשען זיך אויף די פּאַמפּאַס און די גאַרטשאָס האַקן פון זיי לעבעדיגע שטיקער; דער קלימאַט וואָס דערוועקט אַ ברענענדיגע תאווה; די שפּאַניער וואָס האָבן צוויי היימען, איינע פאַר'ן ווייב און איינע פאַר דער מעטרעסע. פייטל האָט אַ פרעג געטאָן:

— ווי זיינען דאָרט די נקבה'ס?

— ער הויבט שוין אָן, דער קאָמעדיאַנט — האָט לאה גערעדט מיט אַ פאַרוואורף. — עס די קרעפּלעך זיי ווערן קאַלט.

פלאָרא האָט זיך צעלאַכט.

— די נקבה'ס געהען דאָרט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף.

— חזיר איז וואָלוול?

— חזיר איז אומגעזונט אין אַ הייסן קלימאַט.

— וואָס עסן די גויים?

— דאָס אייגענע וואָס די אידען.

— מ'עסט דאָרט כשר?

— כ'האָב נישט געזעהן דאָרט קיין איינציגע כשר'ע רעסטאָראַציע — האָט מאַקס געזאָגט.

— און גאָט שווייגט?

— ביז איצט האָט ער געשוויגן.

— ער הויבט שוין אָן זיך טשעפּען צו גאָט — האָט סרולקע־מאַן זיך אָנגערופן. — ס'איז איינס פון דער ביידע: איז דאָ אַ גאָט, האָרכט ער דיך ווי דעם קאַטער. אייב ער איז נישט דאָ, צו וואָס זיך רייסן אין אַן אָפענער טיר? קינדער, איך האָב עפּעס נייעס צו דערציילן. גאָר וואַזשנע נייעס!

— האָסט שוין עפּעס דערשמעקט מיט דיין נאָז? — האָט מאיר געפרעגט. — וואָס איז די נייעס? ראָטשילד קומט אין דער מלוכה און ברענגט מיט זיך אַלע מיליאָנען?

— ס'איז נישט קאָ' וויץ.

— וואָס איז עס? דערלאַנג די סחורה!

— ס'איז אַ סוד. ווען די זאַך זאָל אַרויסקומען, וועלן פאַלן קעפּ.

— ביזט צ'ישען אייגענע. קיינער וועט דיין סוד נישט אויספּלוישען.

— פייטל האָט אַ לייזע צונג.

פייטל האָט זיך אויפגעשטעלט.

— כ'האָב שוין אַ סך סודות דיינע אויסגעזאָגט?

— דו רעדסט צופיל.

— נישט ווען דיינע פאַנטאַזיעס.

10

— קינדער לאָמיר זיך נישט קריגען — האָט מאיר אויפגעהויבן דאָס קול. — מיר האָבן דאָ ליבע געסט און זאָלן זיי נישט מיינען אַז מיר זענען עפּעס אַ באַנדע וואָס רייסט זיך ביי די נעז. פייטל איז אונזער'ס אַ מענטש, אַ גוטער־ברודער, נישט עפּעס אַ פּלוידערזאַק. פאַר יעדן סוד וואָס ער האַלט, וואָלט איך געוואָלט האָבן אַ מיליאָן רובל.

— צעהן טויזענט וואָלט אויך געווען גענוג.

— זיץ, פייטל, עס און לאָז דיר וואוילגעהן. וואָס איז דאָס פאַר'אַ סוד? ציה נישט די עצמות!

סרולקע האָט גענומען אונטערמורמלען און אונטערהוסטן ווי אַ חזן וואָס גרייט זיך צו זינגען מיט הויכע טענער.

— ס'האָט צו טאָן מיט אַ באַנק.

— ווידער אַ באַנק? — האָט מאיר געשמייכעלט. — צייט כ'קאָן דיך שבר'סטו בענק מיט'ן מויל, נישט מיט די הענט. ווילסט דיך אַריבערפאָרן קיין פּעטערבורג חלפענען דעם קייסער'ס שאַץ־קאַמער?

— מאיר ס'איז נישט קאָ' שפּאַס.

— וואָס איז דאָס?

— ס'האָט צו טאָן מיט די אַנאַרכיסטן.

— ס'זענען דאָ אויך דאָ אַנאַרכיסטן? — האָט מאַקס געפרעגט. — ביי אונז אין אַרגענטינע טוט זיך חושך מיט די אַנאַרכיסטן. זיי ווילן אַלץ איבערנעמען. ס'קומען צו זיי שליחים פון שפּאַניע און יענע רופן זיך סינדיקאַליסטן. אַנמעלט האָבן זיי געפּראָוועט שיסן דעם פּרעזידענט. מ'האָט זיי אַריינגעפּאַקט אין קיטשימעט און דאָרט האָט איינער פון זיי זיך אויפגעשניטן די אָדערן. ער האָט געהאַט באַהאַלטן אַ ברייטווע אין קאַמאַש —

— מיר האָבן דאָ מער אַנאַרכיסטן ווי אין אַרגענטינע — האָט סרולקע געזאָגט. — אין די ראַזרוכעס האָבן זיי זיך ווייניג אָנגעזעהן. אָבער איצט זענען זיי ווידער קאַפּויר־געקומען. זיי גיבן אַפילו אַרויס אַ בלעטל: וואָלקאַ קלאַס. אַ סך צ'ישען זיי זענען אחינו בני ישראל. איין געזינדל רופט זיך „די שוואַרצע האַנט“. זיי שיקן בריוו צו גבירים מ'זאָל זיי צושטעלן געלט, אויב נישט וועלן זיי יענעם אָפּרוימען — אויב ניט אים, איז זיין ווייב אָדער זיין זוהן, אָדער אַ טאָכטער. איינע אַ מויד פון סטאַווקע גאַס איז צוגעשטאַנען צו זיי. מ'האָט זי איינגעישב'נט אין ציטאַדעל און זי האָט זיך דאָרט באַגאָסן מיט נאַפט און געמאַכט בורא־מאורי־האש...

4

— דאָס האָרף מען קאָנען — האָט פייטל קלעפּקע געזאָגט.

— וואָס איז די קונץ? — האָט סרולקע געפרעגט. — באַנאַכט צינדט מען דאָרט אָן אַ לעמפּעלע אויף צוויי שעה. זי האָט אַרויפגעקלעטערט אויפ'ן טאַפּטשאַן, אַראָפּגענומען די באַניע מיט נאַפט און זיך באַגאָסן —

— מ'דאַרף האָבן כוח צוריקצוואורפן גאָט זיינע פאַרשימעלטע גאָבן.

— וואָס'ער גאָט? דער וואָס איז נישטאָ?

— עפּעס איז דאָ.

— ווערסט פרום?

— ס'איז דאָ אַ גאָט, נאָר ער איז אַ רשע — —

— נו, נו, דאָס איז אַלץ פּוסטע פילאָזאָפיע. איך רעד פּראַקטישע זאַכן. איינער פון זיי איז געקומען צו מיר און אונז פאַרגעלייגט אַ שותפות. זיי האָבן געקראָגן עפּעס אַ געוועלב אויף רימאַרסקע גאַס, דוכט זיך ס'איז דאָרט פריער געווען אַ קאַנטאָר, און מ'קאָן פון דאָרט גראָבן אַ דורכגאַנג — אַ טונעל — צו דער באַנק. ס'ליגן דאָרט מיליאָנען און דער טונעל וואָלט געווען אַ קורצער, בלויז איבער דער ברייט פון דער גאַס. מ'קאָן אַריינקריגן יענע אַפּוטיקי —

— צו וואָס דאַרפן זיי אונז? — האָט מאיר געפרעגט. — זיי ווילן זיך מיט אונז טיילן?

— די קאַסעס זיינען שטאַלענע. מ'דאַרף זיי קאָנען פּתיחה'נען.

— ווער איז דער פאַרשוין, וואָס האָט גערעדט צו דיר? ער קאָן זיין אַ שפּיצל. די אָכראַנע האָט לעצטענס געמאַכט שותפות מיט מאַיער'ן. זיי שיקן־אונטער שפּיאָנען. אַז וועסט אַריינפאַלן אין זייערע הענט וועט דיר קיין טאַטער נישט העלפן.

— דער וואָס האָט גערעדט צו מיר איז נישט קיין שפּיאָן. כ'קאָן אים שוין עטליכע יאָר. ער איז אייטער פון די אַנאַרכיסטן. זיי דאַרפן געלט און אַליין קאָנען זיי די זאַך נישט אויספירן.

— אין וואַרשע, אַז דו גראָבסט, דערגראָבסטו דיך גלייך צום קאַנאַל. ס'ליגן דאָרט אויך דראָטן פון טעלעפאָן און דער שוואַרץ־יאָר ווייסט וואָס. ביז וועסט צוקומען צו דער באַנק וועסטו דריי מאָל דערטראַנקען ווערן. אַז וועסט אָנרירן די טעלעפאָן־דראָטן קאָנסטו ווערן פאַרברענט, אָדער ס'וועט אַנהויבן קלינגען אין חאָטהויז און וועסט בלייבן שטעקן אין אַ פּאַסטקע. די ווענט פון דער באַנק זענען פון שטיינער עטליכע איילן די גרעב. די קאַסעס זענען שטאָלענע —

— מ'קאָן אַלץ פּתיחה'נען.

— נישט ווען דו שטעהסט ביז'ן האַלז אין בלאָטע און האָסט נישט מיט וואָס צו אָטעמען. זיי האָבן וועכטער אויך און ווען זיי דערהערן אַ שאָרך קומען זיי צו לויפן מיט די שפּייערס —

— ס'איז געווען אין די גאַזעטן אַז מ'האָט געטאָן אַזעלכע זאַכן אין אויסלאַנד. זיי האָבן אַריינגעקראָגן אַ מאַשינע מיט מיליאָנען —

— וואו איז דאָס געווען? אין וואַרשע די ערד איז זאַמדיג און אין מיטן שטאָט ליגן אַרמעטום רערן און דראָטן. רירסט אָן אַזאַ דראָט און ביזט גלייך אַ קדוש. דו בראָטסט דיך אָפּ ווי אַ קאַטשקע אין באַקאויווען.

— מאיר, זיי ווילן ריזיקירן. זיי האָבן אַפילו אַ פּלאַן אויפצורייסן דעם ציטאַדעל. פון שפּילן דאָמינאָ קומט גאָר נישט אַרויס.

— מיינסטאַלבען. איך בין צו־אַלט פאַר אַזעלכע ריזיקעס. כ'וויל שטאַרבען אין בעט, נישט אויף דער תליה.

מאַקס איז געזעסן שטיל און זיך צוגעהערט. ער האָט פאַרצויגן די ברעמען.

— ווי הייסט דער פאַרשוין?

— האָט ער געפרעגט.

סרולקע האָט זיך ווי איבערגעוועקט.

— זיי האָבן יתרו'ס נעמען. ער רופט זיך בראַנעק.

— אַ איד?

— כ'קאָן אים און זיין שוועסטער. זיי וואוינען טאַקע דאָ נומער פיר און צוואַנציג.

— וואָס טוט די שוועסטער?

— אויך פון זייעריגע.

— זיי ווילן אויסלייזן די וועלט, האַ?

— יאָ, מאַכן אַז אַלע הויקערס זאָלן זיין גלייך.

— מאיר, ס'איז כדאי צו הערן וואָס זיי זאָגן — האָט מאַקס גערעדט. — איך בין דאָ אַ פרעמדער, אָבער געלד איז געלד. כ'האָב געהערט אַז זיי האָבן ליגן אין דער באַנק פולע קעלערס מיט שטאַבעס געלד. אויב די רויטע זאָלן זיך דערגראַבן אַהין, קאָנען מיר צולייגן אַ האַנט. מ'קאָן קריגן אַזוינע עגבערס וואָס ברענען אויס לעכער אין גרעבסטן שטאָל. די וועכטער פּאַפּן באַנאַכט, אָדער זיי שפּילן אין קאָרטן און זענען צעיאַכמערט. מ'קאָן זיי געבן עפּעס צו שמעקן. וואָס זאָגסטו, איטשע?

דער בלינדער איטשע האָט אַרויסגעלאָזט אַ מרוקעניש.

— ס'אַ שווער שטיקל אַרבעט. וואו איז דער לאַפּאַצאַן?

— כ'קאָן אים ברענגען. האָט'ך מיט אים אַ מדובר.

— דו ווייסט אַז ר'איז כשר?

— טויזענט פּראָצענט.

— ברענג אים אין דער קנייפּע.

— זיי קומען נישט אין קיין קנייפּעס. זיי זיינען קאָנספּיראַטאָרן — אַזוי רופן זיי דאָס. איינער ווייסט נישט ווי דער אַנדערער הייסט. זיי ביטן די אַדרעסן. אַז מ'פּאַקט איינעם און מ'נעמט אים אויפ'ן צימבל, קאָן ער נישט סליחה'נען אַפילו ער זאָל וועלן.

— הונדערטער זייערע זיצן היינטער די קראַטעס. מ'הענגט זיי אויך —

— נו, זיי געהען דערויף. אַז דו הערסט זיי רעדן, קאָנסטו מיינען מאָרגן נעמען זיי אַלץ איבער. אַלע וועלן אַרבעטן אַכט שעה אַ טאָג. ס'עט נישט זיין קאָ'ן געלט, נאָר מ'עט זיך טוישן. גאָדיר אַ פּאָר הויזן און גיב מיר אַ קאָב, אָדער אַ גאַנדז. ס'עט נישט זיין קאָ' קייסער, קיין גובערנאַטאָרס, קיין זעלנער קיין גענעראַלען. פרייטאָג נאָך דער אַרבעט וועט מען דיר אַרויסגעבן אַ קוויטל מיט אַ סטעמפּל און מיט דעם קוויטל וועסטו קויפן וואָס דו דאַרפסט.

— אויב ס'עט דערגעהן דערצו — האָט מאיר געזאָגט — וועסטו קריגן ביי מיר דאָס גרעסטע קוויטל אָהן אַרבעט.

— וואָס איז מיט אונז ווייבער? — האָט רייצעלע געפרעגט. — מיר וועלן אויך קריגן אַ קוויטל?

— דו וועסט אַלץ קריגן אויף יואָל'ס קוויטל. זיי זאָגן נאָר, אַז מ'וועט נישט חתונה האָבן. וועסט טרעפן אַ מאַנסביל און ער'ט דיר געפעלן, וועסטו טאָן וואָס מ'דאַרף. קיין רב, קיין חופה, — גאָרנישט. זיי רופן דאָס פרייע ליבע.

— און אַז דער חתן־בחור וועט מיר מאַכן אַ בייכל, וואָס דאַמאָלס?

— אַ בייכעל איז אַ בייכל. וועסט קריגן אַלץ וואָס דו ברויכסט ביז נאָך דער קינפּעט. די געוועלבן וועלן זיין אָפן באַנאַכט ווייל קיינער וועט נישט יאַקלען. צו וואָס נעמען צוויי ברויטן און איינס זאָל ווערן אַלט־געבאַקן, אַז מאָרגן וועסטו קריגן אַ וואַרים ברויטל גלייך פון אויוון?

(פאָרזעצונג — מאָרגן)

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון
**יצחק באַשעוויס**

(פאָרזעצונג)

— חלומות פון אַן אָפּגעהאַקטען קאָפּ — האָט פייטל געזאָגט.

— גלייבסט נישט הערין?

— קיינער וואָלט נישט געטאָן קאַ׳ האַנט אין קאַלט וואַסער. מ׳וואָלט נישט בלויז אַרויסגעלקח׳נט די סחורה נאָר אַפּילו די פּאַליצעס. ווען ס׳זענען געווען בלויז פיר מענטשען אויף דער וועלט אָדם, חוה, קין און הבל, האָט מען זיך שוין געשלאָגען און איין ברודער האָט הרג׳עט דעם אַנדערען ווייל איינער האָט געבראַכט אַ קרבן אַ שעפּס און דער אַנדערער — אַ רעטאַך.

— פון וואַנען ווייסטו אַז ס׳איז געווען אַ רעטאַך? אפשר איז עס געווען אַ קאַרטאָפל?

— קאַרטאָפל שטאַמען פון אַמעריקאַ.

דער טעלעפאָן האָט געקלונגען אין קאָרידאָר און לאה איז אַוועק רעדען. פלאַרא האָט זיך געפּאַרעט אין קיך. זי האָט געהאַט צוגעגרייט אַ קאָמפּאָט וואָס מ׳האָט זי אויסגעלערנט מאַכען אויף דער שיף: שיפּטאַלען מיט ראַזשינקעס געקאָכט אין וויין. מאיר האָט געגעבען אַ צייכען ס׳זאָל זיין שטיל. ער האָט זיך אָנגעשפּיצט צו הערען וואָס לאה רעדט. געוויינליך האָט זי אַריינגעשריגען אין טעלעפאָן, אָבער דאָסמאָל האָט זי נאָך די ערשטע עטליכע ווערטער גענומען מורמלען. מאיר האָט אַ זאָג געטאָן:

— סודות, הא?

— זי האָט אוודאי אַ ליובאַווניק — האָט רייצעלע זיך געוויצעלט.

— הלוואַי וואָלט זי געהאַט.

— ס׳וואָלט דיך נישט געאַרט, הא?

— אַ נקבה איז נישט קאַ׳ זייף. ס׳רייבט זיך נישט אָפּ.

— וואָס זאָל איך האַסען דעם באַווניק׳ן? — האָט סרולקע נאָך געפרעגט.

— זאָל ער אַרויסקומען אַהער — האָט מאיר געענטפערט. — אויב ס׳וועלען זיין מיליאָנען וויל איך צושטעלען צו דער חלוקה.

נאָך טעלעפאָן האָט לאה זיך נישט אומגעקערט צום טיש, נאָר איז אַריין אין קיך. פלאַרא האָט אַריינגעטראָגען וויין אין די שיפּטאַלען. זי האָט אויסגעזעהן יונג אין לאה׳ס פאַרטוך און מיידעלש דערהיצט. לאה האָט אַ זאָג געטאָן:

— פלאַרעשי, ס׳קומט דיר אַ מזל־טוב.

— וואָס איז געשעהן?

— שאַשע קומט קיין בוענאָס־איירעס.

— ווער איז די שאַשע?

לאה האָט גענומען דערציילען. מאיר האָט געהאַט פאַרגעסען צו וואָרענען שאַשע׳ן זי זאָל האַלטען די זאַך בסוד פאַר לאה׳ן. זי האָט אָנגעקלינגען לאה׳ן און איר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דער פאַן מאַקס שפינדלער וועט זי אַראָפּנעמען קיין אַרגענטינע און איר געבען אַ פּאָסטען אין זיין פאַבריק פון דאַמען־טאַשען. זי האָט אויך געזאָגט אַז זי גייט אויף די שטעלע ביי דער אַלטער. מאַקס שפינדלער וועט איר דינגען אַ צימער אין וואַרשע. פלאַרא האָט אויפגעהערט מישען די שיפּטאַלען און זיך צוגעהערט וואָס לאה האָט דערציילט. די רויטקייט אין איהרע באַקען איז אָפּגעגאַנגען. זי האָט נישט אויפגעהויבען דעם בליק פון די טעפּ.

— ער וויל זי אוודאי פאַר בערטאַ׳ן.

— מאיר וואָלט דערויף נישט איינגעשטאַנען. ער וויל זי פאַר זיך. זי איז אַ שיינהייט.

### קאַפּיטעל דריי

מאַקס איז געהאַט אַוועק אויף דער קראַכמאַלנע גאַס. ער האָט געזאָגט פלאַרא׳ן אַז ער האָט דאָרט עסקים מיט מאיר סמעטענע. וועגען דעם אַז מאיר האָט אים צוגעשאַנצט אַ באַלעבאַטיש מיידעל, אַ טאָכטער פון אַ זשאַנדאַרצע, אַ שיינהייט, האָט ער נישט דערמאָנט קיין וואָרט און פלאַרא׳ן איז געווען קלאָר, אַז לאה איז גערעכט: ער האַלט סודות פאַר איר, פלאַרא׳ן. נו, אָבער לאה וועט איר, פלאַרא׳ן, שוין אַלץ דערציילען. ווייבער מוזען האַלטען יד־אחת. ווען נישט, וועלען די מאַנסלייט זיי אַלע פירען אין באָד אַריין. מאַקס איז, ווי אַלעמאָל אויפגעשטאַנען פרי. ער איז אַרומגעגאַנגען אין די שטעק־ליאַטשן און פּאַדושאַמעס און אונטערגעברומט אַ טעאַטער־ליעדעל:

עס איז אַ סוד דערביי,<br>
עס איז אַ קיי און שפּיי;<br>
עס איז אַ גוטע זאַך,<br>
אַ דאָקטאָר ווייסט אַ סך...

ער האָט געהאַט אָנגעקלונגען דער באַדינערין און באַשטעלט אַ וואַנע. ער האָט אַ פרעג געטאָן פלאַרא׳ן:

— וואָס וועסטו טאָן היינט?

— כ׳האָב צוגעזאָגט לעווינסאָנ׳ען צו רעדען מיט אַן אַקטריסע.

— ווער איז די אַקטריסע?

— ווער ווייסט? יעדע פאָר יאָר שיינען־אויף נייע שטערן. איכ׳ל אפשר צוגעהן אין אָוונט אין „עליזעאום" און זעהן וואָס מ׳שפּילט און ווי מ׳שפּילט.

— יאָ, ס׳אַ גוטער געדאַנק. כ׳האָב צוגעזאָגט בערטאַ׳ן איר צו ברענגען אַביסל סחורה. האָסט געהערט וואָס מאיר האָט געזאָגט: ער קאָן מיר צושטעלען צוויי שיפען.

— קלייב אויס גוטע סחורה. זאָלסט האָבען וואָס קאַליע צו מאַכען.

מאַקס האָט גענומען שמייכלען און ווינקען.

— דו לאַכסט אויס מיר, הא? אַז כ׳האָב דיך, דאַרף איך שוין קיינעם נישט קאַליע מאַכען. דו ביזט שוין אַ קאַליע־געמאַכטע.

— נישט גענוג.

מאַקס האָט געוואָלט זאָגען עפּעס שאַרפעס און פעפערדיגעס, אָבער דאָס צימער־מיידעל האָט אָנגעקלאַפּט אַז דאָס באָד איז פאַרטיג. מאַקס האָט אינדערגיך געכאַפּט דעם באָד־מאַנטעל, האַנטיכער און אַ שטיק שמעקעדיגע זייף. אין לאָנדאָן און אין בערלין האָט מען אַלץ געפונען אין באָד־צימער, אָבער דאָ אין וואַרשע האָט מען אַלץ געמוזט מיטנעמען. ס׳האָט זיך דאָרט געשפּירט פון די קוילען, וואָס מ׳האָט דערמיט באַהייצט דעם קעסל. מאַקס האָט זיך אויסגעטאָן און אונטערגעזונגען. עטליכע יאָר זייענען געהאַט אַריבער און ער איז נישט געווען פאַרקאַכט אין קיין שום אַנדערער נקבה ווי אין פלאַרא׳ן. אַפּילו ווען ס׳איז אים אויסגעקומען צו פאַרלירען אַ פראַנצויזער מויד, האָט ער עס געטאָן אָהן באַזונדערער תאווה. ס׳איז געווען עפּעס צו דערצעהלען פלאַרא׳ן און זי צו דערהיצען. אָבער שאַשאַ האָט אים פאַרבלענדט. זי איז דאָס סאַמע וויטישסטע מיידעל וואָס ער האָט ווען ס׳איז באַגעגענט. ווען אַזאַ פאַרליבט זיך אין אַ מאַנסביל, איז עס אויף לעבען און טויט. ער, מאַקס, וועט טאָן וואָס די שפּאַניער טאָן: דינגען פאַר איר אַ דעפּאַרטמענט. ער קען אַפּילו נאָך האָבען מיט איר אַ קינד. אויף דער עלטער ווערט אומעטיג מיט׳ן אייגענעם ווייב. מאַקס האָט זיך געזייפט און געמורמלט. ער האָט גערעדט אין געדאַנק צו שאַשאַ׳ן: אַז וועסט אַריינפאַלען אין מיינע הענט, לעד, וועסטו שוין קאַ׳ טאַנצער נישט אַרויס. וועסט מיר דינען געטריי ווי אסתר המלכה דעם מלך אחשוורוש. וועסט זיין מיין קעפּסווייב און כ׳על דיר מאַכען אַ בויך אַזוי הויך ווי דער אייפּעל־טורם... כ׳על דיך צעהאַצקען אַזוי אַז וועסט מיר וואַשען די פיס און טרינקען ס׳וואַסער... כ׳על דיך נאָך צונויפברענגען מיט פלאַרא׳ן און מיר וועלען אַלע דריי כאַליען צוזאַמען... ווי וואַויל מאַקס האָט, ווי ער האָט אַליין זיך אויסגעדריקט, זיך נאָכגעגעבען די שמד, האָט ער געהאַט פאַנטאַזיעס אַזעלכע וואָס ער האָט אַפּילו זיי נישט געקאָנט דערציילען פלאַרא׳ן. אָפט האָט אים דערשטוינט זיין אייגענע נאַטור: ער האָט געגעסען לייב און האָט זיך נישט אָנגעזעטיגט. ער האָט, ווי אַ הונט, זיך איינגעביסען אין אַ ביין וואָס ער האָט נישט געקאָנט צעקייען. די חלומות וועגען ליבע האָבען אָפט געהאַט מער האַפט ווי די ליבע אַליין. עפּעס אַ כח האָט אים יעדעס מאָל באַשווינדעלט. אָבער פאַרוואָס? און ווי אַזוי? ס׳האָט אויסגעוויזען אַז דאָס אייגענע געשעהט מיט אַנדערע מאַנסלייט. זיי האָבען געקאָנט פלאַפּלען וועגען זייערע אַוואַנטורעס שעה׳ן לאַנג. זיי האָבען זיך [illegible] באַרימט מיט זייערע גבורה, און דערביי האָט פון די אויגען זייערע אַרויסגעקוקט אַ סאַם, אַ הונגער און אַן אָפּגענאַרטקייט. זיי האָבען אַלע ווייזט־אויס, געזוכט אַ נקבה אַזאַ וואָס עקזיסטירט נישט... נו, מיר׳ן זיך גאָר אַ שפּיל טאָן אַז פונקען וועלען פליען! — האָט מאַקס צו זיך געזאָגט. ער איז געזעסען אין דער וואַנע און געפּייפט. קאָן דאָס זיין אַז פלאַרא האָט אויך אַזעלכע געפילען?

— איז אים דורכגעלאָפען אַ רעיון. — לויט ווי זי רעוועט, קאָן מען מיינען, אַז זי איז מיט מיר אין זיבעטען הימל..

עמיץ האָט אָנגעקלאַפּט. פלאַרא האָט אויך געוואָלט נעמען אַ וואַנע. ער האָט איר געעפענט די טיר. זי איז געשטאַנען פאַר אים אין אַ באָד־מאַנטעל און אין שטעק־שיך, די האָר צעלאָזט. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— האָסט געלאָזט ס׳ציטרונג?

— כ׳האָב עס גוט באַהאַלטען.

— האָסט פאַרשלאָסען די טיר?

— יאָ, פאַרשלאָסען.

— קום אַריין צו מיר.

— ניין, ס׳איז צו ענג.

ער איז אַרויס פון דער וואַנע, זיך אָפּגעווישט מיט׳ן האַנטוך און פלאַרא איז אַריין אין זיין וואַסער. טיק דיך אין מיין מקווה — האָט ער גערעדט צו איר. ער האָט געוואָרפען אויף איר זייטיגע בליקען. זי האָט אַלץ וואָס מ׳דאַרף, אָבער ווי זאָגט מען דאָס: באָרן־צימעס ווערט אויך נמאס. ער האָט זי ליב געהאַט און געלעכצט נאָך אַן אַנדערער. דערביי האָט ער זיך אָפּגעגעבען אַ חשבון אַז ווען זי לאָזט אים איבער, וואָלט ער אין קיינעם נישט געפונען קיין טרייסט.

נאָך אָנבייסען האָבען מאַן און ווייב זיך געזעגענט. פלאַרא איז צוריק אַרויף אין האָטעל־צימער. מאַקס איז אַוועק צו דער קראַכמאַלנע צו פוס. נאָך אַ גאַנצער נאַכט ליגען, ווילען די פיס געהן. ער האָט טיף איינגעאָטעמט די פרישע אָנהויב זומער־דיגע לופט. אַי, די וועלט וואָלט געקאָנט זיין אַ גן־עדן, האָט ער געטראַכט. אָבער פאַרוואָס איז זי נישט? איבער די דעכער זענען געפלויגען פייגעל. זענען זיי גליקליכער פון די מענטשען? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. — אַחוץ עסען זיי אויך עפּעס? אין בערלין האָט מען מער נישט געזעהן קיין טראַמוואַיען אויף פערד, אָבער אין וואַרשע זענען טייל טראַמוואַיען געגאַנגען אויף עלעקטרע, אַנדערע מיט פערד. טייל טראַמוואַיען זענען פאַרמאַכטע, אַנדערע זומערדיגע אָפענע. די מאַשינסטען האָבען געקלונגען. די קאָנדוקטאָרען האָבען פאַרקויפט בילעטען, געגעבען אַ רעשט פון גרויסע לעדערנע בייטלען וואָס האָבען נאָכגעהאַנגען פון די אַקסלען. אַ קאָנטראָלער איז אַרויפגעקומען און אָפּגעריסען פון יעדען בילעט אַ פּיצל. אָט דאָס וואָס דער גוי טוהט אַ גאַנצען טאָג — אַ גרינגע פרנסה. אָבער אָנגעטאָן איז ער ווי אַ גענעראַל, מיט אַ קריינדל אויפ׳ן היטעל און מיט סאַגילדענע קנעפּ... אין דראָשקעס זענען געזעסען פּאַרלעך, די מאַנסלייט אין פלאַכע שטרויענע קאַפּעלירשען, מיט שטעקעלעך אין די הענט, די דאַמען — אין היטען מיט בלומען און פרוכטען. שקצים׳לעך זענען געלאָפען באָרוועסע און אויסגעשריגען די נייעסען אין די צייטונגען. זיי האָבען אַרויפגעשפּרונגען אויף די טראַמוואַיען אין מיטען פאָרען. ס׳איז געהאַט אַרויסגעקומען אַ נייע פּוילישע צייטונג: די „דוואַ גראָשי", אַן אַנטיסעמיטיש בלעטעל וואָס האָט געהעצט מ׳זאָל נישט קויפען ביי קיין אידען. זיי האָבען געדרוקט מיט גרויסע אותיות די לאָזונג: „סוואָי דאָ סוועגאָ", אַן אייגענער ביי אייגענע... קיין אידישע צייטונג האָט מען דאָ נישט געקראָגען.

אַזוי געהענדיג האָט מאַקס גענומען פאַנטאַזירען אַז ער מאַכט שותפות מיט די אַנאַרכיסטען וואָס סרולקע נאָר האָט דערמאָנט און קריגט אַריין אַן אַפּוטיקי, פון דריי אָדער פינף מיליאָן קאַרבונעס. וואָס וואָלט ער דאָמאָלס געטאָן, הא? וואָלט ער געבליבען וואוינען אין בוענאָס איירעס? וואָלט ער זיך אַריבערגעצויגען קיין פּאַריז? וואָס וואָלט ער געטאָן אין פּאַריז? ס׳זענען דאָרט פאַראַן ווייניג אידען וואָס רעדען אידיש, און לערנען זיך פראַנצויזיש איז נישט פאַר זיין געדולד. וואָלט ער זיך באַזעצט אין וואַרשע? ניין, ער וואָלט נישט געוואָלט וואוינען אין רוסלאַנד. דאָ שמעקט בסדר מיט סמאַטשקעס און פּאָגראָמען. וואָלט ער געקאָנט געפינען אַ בעסערע ווייב ווי פלאַרא און אַ בעסערע מויד ווי שאַשע? ניין, נישט פאַר געלט. אויב אַזוי, וואָס וואָלטען אים געטויגט די מיליאָנען?...

(פאָרזעצונג — פרייטאָג)

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון
**יצחק באַשעוויס**

פאָרזעצונג

2

נאָכדעם ווי מאַקס איז אוועק, האָט פלאַרא גענומען מאַכען איר טחאַלעט. זי האָט געהאַט אוועקגעשטעלט אויף דעם סעקרעטער, נעבען שפיגל, אַלערליי סלאָיען און פלעשעלעך מיט מאַשמירעכצער און מאַשמעקעכצער. די מעשה, וואָס לאה האָט איר דערצעהלט וועגען דער שאַשע'ן האָט אין פלאַרא'ן אַרויסגערופען א כעס, א ניגער און א פאַרלאַנג צו נקמה. זי האָט מאַקס'ן מוחל־געווען זאכען וואָס קיין שום ווייב איז נישט מוחל. אבער ער האָט איר געהאַט געשוואוירען ביי די ביינער פון זיין מאַמע'ן עליו השלום, אַז ער וועט קיין זאַך נישט טאָן אָהן איר, פלאַרא'ס וויסען. ער'ט זיך טיילען מיט איר מיט אַלע זיינע זינד און משוגעת'ן... אויב ער מיינט אַז זי, פלאַרא, וועט זיך לאָזען פון איר טרעטען ווי עפּעס א יענטע־פּעשע פון פעלצעוויזנע, טאָרט ער זיך. זי איז נאָך יונג און שעהן. מאַנסלייט קוקען איר נאָך. מ'עסט זי מיט די אויגען אַפילו דאָ אין האָטעל.

פלאַרא האָט געקאָנט זיך באַנוצען מיט שמינקע, מאַסקאַרא. זי האָט מיט א פּיצעלע פענזעלע פאַרהעקט אַלע חסרונות, אָדער אַפילו אויסגעדוכטע חסרונות, וואָס בלויז זי אַליין קאָן זעהן מיט איר געניטען בליק. זי האָט געהאַט אָנגעקלונגען געצל האַלפּערן, דעם אייגענטימער פון עליזעאום. זי האָט געדענקט נאָך פון מוראַנאָווער טעאַטער. ער האָט זיך היסטעריש דערפרעהט מיט איר אויפ'ן טעלעפאָן. ער האָט אזוי הויך געשריגען, אַז זי האָט געמוזט אָפּרוקען דאָס טרייבל פון אויער. וואו איז זי פאַרפאַלען געוואָרען? צי ער געדענקט זי? וואָס פאַר'א פראַגע! א טאָג געהט נישט אַריבער ער זאָל וועגען איר נישט טראַכטען. דו ווייסט דאָך, דער קאָפּ קלערט וועגען אַלערליי זאַכען... ס'לויפען אַדורך פאַרשידענע רעיונות... ער האָט גלייך אויפ'ן אָרט געמאַכט מיט איר א באַשטעלונג. זיי וועלען עסען מיטאָג ביי קאַטיק'ן אין רעסטאָראַן. שפּעטער וועלען זיי צופאָרען אין טעאַטער. מ'גרייט צו א נייע פּיעסע. געצל האָט א געשריי געטאָן:

— א ליטעראַרישע פּיעסע!

— וואָס איז דאָס?

— יאָ, א פּיעסע פון אידישען לעבען. ס'וועלען זיין לידלעך אויך, אבער ס'איז א דראַמע, נישט אַן אָפּערעטע. דער עולם וויל עפּעס ערנסטס. א בארימטער אידישער ליטעראַט, באַמבערג, האָט אָנגעשריבען די זאַך. ס'איז אַביסעל צו הויך פאַר'ן פּראָסטען המון, אבער ס'איז דאָ פאַראַן איינער פון ניו יאָרק וואָס „דאָקטאָרט" פּיעסען — אזוי רופען זיי דאָס. ער איז ווי א כירורג, וואָס ווען די פּיעסע איז צו לאַנג, מאַכט ער איר אַן אָפּעראַציע. אפשר וויל זי, פלאַרא, זיך אומקערען אין טעאַטער? די ראָלען זענען שוין פאַרטיילט, אבער פאַר איר, פלאַרא'ן, וואָלט מען צוגעשריבען א ראָלע...

וואָס איז ער עפּעס אזוי צוגעלאָזען? — האָט פלאַרא זיך געוואונדערט. זי האָט וואויל געוואוסט דעם ענטפער: די מאַנסלייט זיינען אַלע אויסגעהונגערט נאָך ליבע. די אייגענע ווייבער ווערען זיי צוגעגעסען. זיי שמאַכטען נאָך עפּעס א נייעם פלירט. נו אבער געצל האַלפּערן איז נישט עמיץ וואָס זי קאָן אין אים גוסטירען. אפילו די פריינטליכקייט זיינע אויפ'ן טעלעפאָן האָט זי אָפּגעשטויסען. זי, פלאַרא, איז נישט מאַקס וואָס קאָן זיך צעאַכטערן מיט וועמען ס'קומט אים אונטער. איר מוז א מאַנסביל געפעלען. אויב נישט איז ער איר א לאַסט. מאַנסלייט זענען קנאַפּע איבערקלייבערס. זיי זענען ווי די הינט, וואָס שמעקען צו יעדער צווייג.

פלאַרא האָט געוואָלט באַגעגענען געצל האַלפּערן צוויי אַזייגער. אבער וואָס וועט זי טאָן ביז צוויי? דאָס נישט קאָנען לייענען איז געווען פאַר פלאַרא'ן א וועהטאָג און א בזיון, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסען. ווען זי קאָן קויפען א אידישע צייטונג און לייענען; דאָרט וואָלט זי זיך אַלץ דערוואוסט: וואו מ'שפּילט, וואָס מ'שפּילט, ווער ס'שפּילט וואָס. מ'דרוקט אין די צייטונגען ראָמאַנען, וואָס ווען מאַקס דערצעהלט איר וועגען זיי, פאַרזאַפּט עס איר דעם אָטעם. אפשר איז נאָך נישט צו שפּעט זיך צו לערנען? ווען זי קאָן לייענען וואָלט זי נישט אויפגעגעבען דאָס טעאַטער. ס'ציהט איר צו דער בינע. ס'זענען דאָ טעג ווען זי געהט אויס פון בענקשאַפט צו שפּילען, זינגען, צו טאַנצען, צו פאָרשטעלען זיך פאַר דעם פּובליקום און צו קריגען אַפּלאָדיסמענטען. אבער אַן אַקטריסע וואָס קאָן נישט לייענען איז ווי א טויבער כלי־זמר...

פלאַרא איז אַרויס אויפ'ן פּלאַץ אַלעקסאַנדער און פון דאָרט איז זי אַריין דורך די עלף טויערן אין זאַקסישען גאָרטען. די גילדערנע צלמים אויף די טורמען פון סאָבאָר האָבען געפלאַקערט ווי פייער. פייגל האָבען געצוויטשערט. פלאַרא האָט שפּאַצירט אויף דעם זשוויר צווישען ביימער בלומען. געוויינליך פרויען, וואָס קאָנען נישט לייענען און שרייבען זענען פּראָסט, פאַרגרעבט. אבער אַלע וואָס קאָנען זי, פלאַרא'ן, זאָגען דאָס אייגענע: זי איז אינטעליגענט. זי רעדט אזוי ווי זי וואָלט געלייענט ביכער. זי האָט א מוח פול מיט געדאַנקען. ווי דען אַנדערש וואָלט זי געוואָרען אַן אַקטריסע? זי האָט פאַרבראַכט די יונגע יאָרען צווישען שרייבער, רעזשיסאָרען. ווען פּיוועלע שעכטער איז אַריין אין א טעאַטער לויפען פלעגט ער זאָגען, אַז זי איז א פילאָזאָף אין א קליידל. זי האָט אפילו פּלענער וועגען פּיעסען. ווען זי קאָן קריגען עמיצען וואָס זי זאָל אים דיקטירען, וואָלט זי געקאָנט ווערען א פּיעסע־שרייבערין.

פלאַרא האָט געפונען א לעדיגע באַנק און זיך אַוועקגעזעצט. זי האָט אָנגענומען צום הונדערטסטען מאָל דעם אייגענעם באַשלוס: ווי נאָר זי וועט צוריקקומען קיין בוענאָס איירעס, וועט זי דינגען א לערער ער זאָל זי לערנען לייענען און שרייבען: אין אידיש, אין שפּאַניש. צעהן שעה א טאָג וועט זי לערנען, שרייבען, איבער'חזר'ן. זי מוז דאָס דורכברעכען. אויב נישט, איז איר לעבען נישט ווערט קיין שישקע פּולווער. זי האָט געקוקט מיט קנאה אויף א מיידעלע אַ קעגענאיבער וואָס איז געזעסען מיט איר באָנע און פאַרגעלייענט פון א קינדער־ביכל. א כעס האָט אָנגענומען פלאַרא'ן אויף איר טאַטע'ן עליו השלום: די אינגלעך האָט ער וואויל געשיקט אין חדר און געצאָלט פאַר זיי מלמד־געלט. א מיידעל איז פאַר יענע אידען נישט מער ווי א קאַץ אין שטוב. מ'האָט זי באַלד אויפגעצויגען אזוי זי זאָל טויגען בלויז צו די טעפּ און צו ליגען אין קימפּעט... לאה האָט געהאַט דערמאָנט אַז שאַשע האָט שטודירט אין גימנאַזיע. אָט דאָס, וואָס מאַקס'ן ציהט: א געלערנטע מויד, ער זאָל קאָנען פלוידערן מיט איר וועגען קענטענישען...

אַרום צוואַנציג מינוט צו צוויי איז פלאַרא אַרויס אויף דער קראַקאָווסקע און פון דאָרטען גענומען א דראָזשקע צו קאַטיק'ס רעסטאָראַן. די דראָזשקע איז פאַרבייגעפאָרן די גראַניטשנע, דעם אייזערנעם טויער, די זשאַביע און די באַנק וואָס סרולקע נאָז און זיינע אַנאַרכיסטען האָבען געפּלאַנט צו באַגנב'ענען. באַלד איז די דראָזשקע אַרויס דורכ'ן פּושטשאַד אויף די נאַלעווקעס. אַלץ איז דאָ געווען פלאַרא'ן באַקאַנט: יעדעס הויז, יעדער הויף. אַביסעל ווייטער, אויפ'ן מוראַנאָוו, האָט זי געשפּילט אין „קוני לעמל". אין „שולמית". אויף דער דזשיקע דערנעבען האָט פּיוועלע שעכטער אַמאָל געהאַט א צימער. זי, פלאַרא, פלעגט קומען צו אים און בלייבען נעכטיגען.

ווי אויסטערליש, פלאַרא איז שוין גרייט געווען צו פאַרגעסען אַן פּיוועלע שעכטער. ווען מאַקס איז אַריין אין איר לעבן, האָט ער יענעם געהאַט ווי אָפּגעווישט. ס'זענען אַפילו געווען צייטען ווען זי האָט פאַרגעסען זיין נאָמען. אבער מאַקס האָט זי קיינמאָל נישט געלאָזט פאַרגעסען. די ערשטע יאָרען פלעגט ער זי פאַרשען און אַרויסקריגען ביי איר אַלע איינצעלהייטען, — וואו זי איז געשלאָפען מיט פּייוועלע'ן, ווי אַזוי וואָס ער האָט גערעדט, אין וואָס'ערע שטעט ער האָט זי גענומען ווען ער איז געפאָרן מיט איר אויף גאַסטראָלען. מאַקס האָט ווי אויפגעריסען די שאָלען פון איר זכרון. זי געצוואונגען זיך צו דערמאָנען זאַכען וואָס ס'האָט נישט געלוינט צו געדענקען. מאַקס האָט זי דערביי גערופען מיט די ערגסטע צונעמען. די לעצטע פאַר יאָר האָט ער איר כסדר אָפּגעגעבען גריסען פון איר פריערדיגען געליבטען. מאַקס האָט דערהאַלטען אין בוענאָס איירעס צייטונגען פון וואַרשע און פון ניו יאָרק. פּיוועלע איז געהאַט געקומען קיין ניו יאָרק און האָט אַרויסגעטרעטען אין טעאַטער. די פּיעסע איז געהאַט דורכגעפאַלען, אבער פּיוועלע'ן האָבען די רעצענזענטען געלויבט. ס'איז אַפילו געווען א נאָטיץ אַז מ'האָט אים געוואָלט נעמען אויף בראָדוועי — דאָרט וואו אַקטיאָרען און אַקטריסעס קריגען צו פינף הונדערט, אָדער אפילו טויזענט דאָלער א וואָך, מ'פאָהרט אַרום אין אויטאָמאָבילען, מיליאָנערן שיקען נאָך דער פאָרשטעלונג ריזיגע בוקעטען בלומען. מ'פאָרט אויף גאַסטראָלען קיין פילאַדעלפיא, שיקאַגאָ, באָסטאָן, קאַליפאָרניע. דאָס איז געווען פלאַרא'ס חלום: ווידער ווערען אַן אַקטריסע, קומען קיין ניו יאָרק, זיך אַריינכאַפּן אין דעם קעסעל־גרוב ווי מ'האָט גערופען אַמעריקא. הוליען, טרינקען שאַמפּאַניער, טאַנצען, ווערן די געליבטע פון א מיליאָנער, וואָס ווען א פרוי געפעלט אים, הענגט ער איר אָן א טשעק אויף פופציג טויזענט דאָלער... נישט־קשה. מאַקס וואָלט זי פאַרקויפט. אזוי ווי ער איז אייפערזיכטיג, אזוי האַלט ער אין איין סאַלאַקען וועגען איר האָבען צו טאָן מיט עמיצען אַנדערש: צו צערייצען דעם אייגענעם אַפּעטיט. ער האָט איר אַפילו געהאַט פאָרגעשלאָגען — האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס — זי זאָל געהן איינמאָל אין א שבת צו בערטאַ'ן ווען ס'איז דאָרט פול מיט מאַנסבילישע געסט — אידען, שפּאַניער, איטאַליענער, גריכען. פלאַרא האָט אים געפרעגט וואָס ער וואָלט געטאָן ווען זי טוט דאָס אויף אַן אמת און מאַקס האָט געענטפערט:

— כ'וואָלט דיך געקושט און דיך דערשטיקט.

ווען פלאַרא איז צוגעקומען צום אַריינגאַנג פון קאַטיק'ס רעסטאָראַציע און געטאָן א בליק אויף איר האַנט־זייגערל, האָט זי געזעהן א דערשטוינטע, אַז ס'איז נישט צוויי, ווי ס'האָט זיך פריער אויסגעדוכט, נאָר איינס. ווי האָב איך געקאָנט מאַכען אַזאַ טעות? — האָט זי זיך געוואונדערט. אָהן מאַקס'ן האָט די צייט גענומען קריכען. זי האָט נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. אַריינגעהן אינעווייניג און זיך אַליין אַוועקזעצען ביי א טיש, קאָן נישט א חאַמע. זי האָט זיך געהאַט צוגעוואוינט צו די מנהגים אין אַרגענטינע וואו א פרוי געהט נישט אין ערגיץ אָהן א שאַפּעראָן. מיט אַמאָל איז איר איינגעפאַלען: אפשר האָט פּיוועלע שעכטער א טעלעפאָן? זי איז אַריין אין רעסטאָראַן, געפינען א טעלעפאָן און אָנגעקלונגען אינפאָרמאַציע. יאָ, ס'איז געווען אין וואַרשע א פּיוועלע שעכטער. דאָס מיידעל אויף דער סטאַנציע האָט אפילו אים אָנגערופען אַרטיסט. וואָס טוה איך? — האָט פלאַרא זיך אַליין געפרעגט. — צו וואָס טויג עס מיר? ער'ט נאָך מיינען אַז — פלאַרא איז געווען זיכער, אַז פּיוועלע איז נישט אין דער היים. ער קאָן גאָר ערגיץ זיין אויף גאַסטראָלען. דאָס טעלעפאָן־מיידעל האָט פאַרבונדען און זי האָט דערהערט זיין קול. ער האָט א זאָג געטאָן „פּראָשע" מיט דעם טאָן פון איינעם וואָס מ'רופט אים צו אָפט אויפ'ן טעלעפאָן און ער איז פאַרויס מיד און געערגערט פון דעם שמועס וואָס ער וועט באַלד דאַרפען פירען. אפשר אָפּקלייגען דאָס טרייבל? — האָט פלאַרא א טראַכט געטאָן, אבער אנשטאָט דעם האָט זי געזאָגט:

— איר האָט מיך שוין פאַרגעסען, אבער איך אייך נישט.

ס'איז געוואָרען שטיל א ווייל. דערנאָך האָט זי געהערט ווי פּיוועלע זאָגט:

— ס'קאָן נישט זיין! פלאַרא!

— יאָ, דאָס בין איך.

— נו, ס'איז דאָ א גאָט! די לעצטע טעג האַלט איך אין איין טראַכטען וועגען דיר. כ'בין נעכטען אַריין אין זאַקסישען גאָרטען און מיט אַמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז דו געהסט פאַרויס. כ'בין נאָכגעלאָפען דער פרוי און ס'איז געווען אַן אַנדערע. ס'האָט קיינמאָל פריער נישט געטראָפען מיט מיר. כ'על דיר זאָגען דעם אמת: ס'איז געווען א צייט ווען כ'האָב דיך אינגאַנצען מער נישט געדענקט —

ס'איז געווען פּייוועלע'ס קול, אבער אַביסעל געענדערט — אפשר עלטער און עפּעס אַזוינס ווי מיט א ציטער. פלאַרא'ן איז געוואָרען ענג אין האַלז.

— אינגאַנצען האָסטו מיך נישט פאַרגעסען.

— אינגאַנצען — נישט. מיט אַמאָל האָב איך אָנגעהויבען קלערען וועגען דיר. קעגען מיין ווילען. ווייל וואָס איז דער צוועק? נו דאָס איז עפּעס וואָס מ'רופט — כ'האָב שוין פאַרגעסען ווי דאָס הייסט. מיר האָבען דאָ איינעם וואָס לעזט געדאַנקען. וואו ביזטו?

— אין קאַטיק'ס רעסטאָראַן.

— וואָס טוסטו דאָרט?

— כ'האָב געוואָלט דאָ באַגעגענען געצל האַלפּערן, אבער כ'בין געקומען א שעה צו פריה.

— אָ, דער נודניק! וואַרט, איך קום גלייך צו! דאָס איז א נס! א נס!

— וואו וואוינסטו?

— באַלד דערנעבען אויף דער נאָוואָליפּקי.

— איכ'ל וואַרטן אינדרויסן.

— לויף נישט אַוועק!

---

(פאָרזעצונג — מאָרגען)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון יצחק באשעוויס

(פאָרזעצונג)

איך האָב מיך שוין אין עפּעס אריינגעפּלאָנטערט — האָט פלאָרא געזאָגט צו זיך אַליין נאָכדעם ווי זי האָט אוועקגעלייגט דאָס טרייבעל. — אויב ער מיינט, אַז כ׳על זיך אים וואַרפן אין די אָרעמס, האָט ער אַ טעות... זי איז צוריק אַרויס אינדרויסען און איז געשטאַנען אין דער זון. נו, ס׳איז די זעלבע נאַלעווקיס אָבער עפּעס קלענער, ענגער, שמוציגער. מ׳האָט דאָ וואַרהאַפטיג געהערט רעדן בלויז ליטוויש. די פאַרבייגעהער האָבן אַלע געטראָגן פעקלעך, שאַכטלען, אַלערליי סחורה׳ס. אין די הייזער אַקעגנאיבער האָבן געהאָנגען שילדען נישט בלויז פאַר די געוועלבען, נאָר אויך איבער די פענסטער. מ׳האָט דאָ געהאַנדעלט מיט טעקסטיל, דאַמענוואַשען, פעדערן, פּאַראַסאָלען, העמדער, אונטערוועש, שטעקענס, קאָפּעלירשען. מ׳האָט געזעהן דורך די אָפענע פענסטער רעדער טראַנסמיסיעס, מיידלעך וואָס האָבן געאַרבעט ביי מאַשינען וואָס ווילקלען גאַרען, אַהער וועבן שטאָף. צו די געשעפטען זענען צוגעפאָרען ריזיגע פּלאַטפאָרמעס און טרעגערס האָבן אָפּגעלאָדען שניט־סחורה. ישיבה־בחורים זענען פאַרביי מיט פאה׳ס, בערדלעך, געטראָגן גמרא׳ס אונטער׳ן אָרעם. אין אַרגענטינע האָט פלאָרא זיך געהאַט אָפּגעוואוינט פון דעם דאָזיגען געדיכטען אידישקייט. דאָס גאַנצע אידישקייט דאָרט איז באַשטאַנען אין רעדען אידיש. אָבער דאָ האָבן אידען סאַי געהאַנדעלט, סאַי געדינט גאָט. די פאַרבייגעהענדיגע מיידלעך האָבן אַלע אויסגעזעהן סאָלעבאַטישע, מיט לאַנגע אַרבל, זעלטען מיט אַן אויסגעאַרסירט קלייד. זיי זיינען אוודאי אַלע כשר׳ע בתולה׳ס, האָט פלאָרא געטראַכט. וואַרטען מסתמא דער שדכן זאָל זיי צושאַנצען אַ חתן...

זי אַליין, פלאָרא, האָט געשטאַמט פון אַ חסיד׳יש הויז. איין ברודער איז געהאַט געשטאָרבען בחור׳ווייז, אָבער צוויי ברידער אירע האָבן געוואוינט אין לאַפּטשעוו, געהאַט ווייבער, קינדער, געטראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס. זיי האָבן געשריבען בריוו צו פלאָרא׳ן קיין בוענאָס איירעס, געבעטען זי זאָל זיי שיקען אויף יום־טוב. איינער איז אַ מלמד, דער אַנדערער האָט אַ געוועלבעל פון צעלניק. ביידע האָבן זיך געקלאָגט, אַז ס׳איז ענג מיט דער פרנסה. ווי אַזוי בין איך דאָס געוואָרען וואָס כ׳בין? — האָט פלאָרא זיך גע׳חידוש׳ט. זי האָט זיך גענומען רייסען פון דער היים ווען זי איז קוים אַלט געווען פופצען יאָר. שניידער־יונגען און שוסטער־יונגען פלעגען איר נאָכקריכען ווען זי איז געגאַנגען שבת נאָכ׳ן טשאָלענט שפּאַצירען מיט די חבר׳טאַריגס. זיך געוויצעלט, זיך ערקלערט אין ליבע, זי באַוואָרפן מיט קאָמפּלימענטען. איינמאָל ווען אַ טרופּע אַקטיאָרען איז געקומען קיין לאַפּטשעוו און מ׳האָט געדאַרפט אַן אַקטריסע וואָס זאָל שפּילען אַ דינסט, האָט דער דירעקטאָר זי אָנגערעדט זי זאָל שפּילען די ראָל. ער האָט זי פאַר אייניגעס געקושט און זי געפּראָוועט פאַרפירען. די מאַמע האָט זי געשאָלטען ווען זי האָט געהערט אַז זי וויל שפּילען „טרעיאַטער", דער טאַטע עליו־השלום האָט זי געוואָרענט אַז ער וועט זי פון שטוב אַרויסטרייבען. אָבער זי האָט דאָס אירעגע אויסגעפירט, אויסגעלערנט די ראָל פון אויסטערווייניג און מ׳האָט גלייך גענומען פאַראויסזאָגען אין לאַפּטשעוו, אַז זי וועט אויסוואַקסען אַן אַקטריסע. דערנאָך האָט זי זיך באַקענט מיט אַ וואַרשעווער פאַבריקאַנט פון האַמענטאַשען וואָס האָט געהאַט אַ שוועסטער אין לאַפּטשעוו און ער האָט איר פאַרגעשלאָגען זי זאָל ביי אים אַרבעטען. וועגען די צוויי יאָר הערנאָך האָט פלאָרא אפילו נישט געוואָלט טראַכטען. שפּעטער האָט געצל האַלפּערן איר געגעבען אַ קליינע ראָל אין מוראַנאָווער טעאַטער, און דאָרט האָט זי באַלד די ערשטע נאַכט געשפּילט מיט פּייוועלע שעכטער און די ראָל איז געווען אַזאַ אַז ער האָט איר געטאָן אַ קוש און זי אים — אַ פּאַטש. דערביי האָט זי געזאָגט

— איך בין אַ כשר מיידל.

און ער האָט געענטפערט:

— כשר ווי אַ חזיר־פיסל.

אַלץ איז באַשערט, אַלץ איז באַשערט — האָט פלאָרא גערעדט צו זיך. — אפילו דאָס וואָס כ׳שטעה איצט דאָ אויף די נאַלעווקיס און וואַרט אויף פּייוועלע שעכטער, איז פון הימל. אָבער ווי קאָן גאָט האַלטען חשבון פון אַזויפיל מענשען?

עמיץ האָט זי אָנגערירט ביים אַקסל. פלאָרא האָט זיך אומגעקערט און דערזעהן פּייוועלע שעכטער: הויך, טונקעל, אין אַ שטרוי־הוט, און אַ העלען אַנצוג. אַ ווייל האָט זיך פלאָרא׳ן אויסגעוויזען אַז ער האָט זיך געעלטערט, געוואָרען מיטליאַריג. אָבער ניין, ס׳איז דער אייגענער פּייוועלע שעכטער, — דער קאָמעדיאַנט, דער קאַדשאַלקע־מאַכער, דער פייפער, דער נאָכקרימער, דאָס איבערגעדרעהטע שלעסל, וואָס נאָך יעדען דריטען וואָרט זיינעם פּלאַצט אַרויס דער עולם מיט אַ געלעכטער. ער האָט נאָך אַלץ געהאַט די שמאָלע לענדען און די לאַנגע פיס, וואָס האָבן אַזוי צערייצט די ווייבער. דאָס פּנים איז געבליבען מאָגער. נישט מעהר, צוויי קנייטשען האָבן זיך אים אוועקגעשטעלט ביי ביידע זייטען מויל. פלאָרא האָט אַ רוף געטאָן:

— פּייוועלע!

— קום, דו מעגסט דיך מיט מיר צעקושען — האָט ער געזאָגט מיט אַ קול וואָס האָט זיך געהאַט פאַרענדערט, געוואָרען טיפער, עלטער. ער האָט זי אַרומגענומען און זי געקושט אין די ליפּען. זיין אָטעם האָט געשמעקט מיט רויך פון פּאַפּיראָסען. זי איז געשטאַנען נעבען אים אַ פאַרשעמטע, אַ האַלב־דערשראָקענע — נישט ווי זי וואָלט געווען די דורכגעטריבענע פלאָרא, נאָר עפּעס אַ דערשראָקען ווייבעל פון דער פּראָווינץ. פּייוועלע איז געווען דער ערשטער מאַנסביל וואָס זי האָט אויף אַן אמת ליב־געהאַט. זי האָט אפילו אַמאָל געהאַט געשפּילט מיט אים אין אַן אָפּערעטע וואו ער האָט געזונגען צו איר:

איך בין געווען דער ערשטער, דער ערשטער, —
דער ערשטער בין איך געווען..

— דו ביזט די אייגענע — די אייגענע! — האָט ער גערעדט צו איר. — פלאָרא!

— דו האָסט דיך אויך נישט געעלטערט, גאַנץ ווייניג — האָט זי געמורמעלט.

— יאָ.

— כ׳האָב דיר געזאָגט: כ׳וואַרט דאָ אויף געצל האַלפּערן.

— געצל וועט נישט זויער ווערען. ער איז דער גרעסטער נודניק אין וואַרשע. ס׳האַלט הערביי מ׳זאָל אים געבען דעם טיטל: פאָלקס־נודניק — האָט פּייוועלע זיך געוויצעלט.

— ער׳ט נישט וויסען וואָס ס׳איז געשעהן — —

— ער דאַרף נישט וויסען. ער׳ט דיר אָנקלינגען באַנאַכט און וועסט אים אויסקלערען אַ תירוץ.

— וואָס פאַר׳אַ תירוץ?

— אַז דו האָסט געטראָפען דיין געליבטען און ער האָט דיך אַוועקגענומען צו פּוטיפרע׳ן אין שלאָס...

פּייוועלע האָט זי אָנגענומען ביים אָרעם און זיך געלאָזט מיט איר געהן, ווי אין די אַלטע צייטען ווען ער האָט געהערשט איבער איר און געקאָנט טאָן מיט איר וואָס ער האָט באַגערט. ער איז אַרויס מיט איר אויף דער נאָוואָליפּקי, זי צוגעפירט צו אַ טהיער, מסתמא דאָרט וואו ער האָט איצט געוואוינט, און פלאָרא האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח און אַ זאָג געטאָן:

— צו דיר וועל איך נישט אַרויפגעהן.

— פאַרוואָס נישט? ביזט געוואָרען אַ צנועה אין בוענאָס־איירעס?

— נישט קיין צנועה, נאָר אַ געטריי ווייב.

פּייוועלע האָט איבערגעקלערט אַ ווייל. אויף זיין מויל האָט זיך געוויזען אַ שמייכעל סאַי שפּאַטיש און סאַי פאַרדראָסיג.

— קום, מיר׳ן ערגיץ טרינקען אַ גלעזל קאַווע.

פּייוועלע איז געזעסען מיט פלאָרא׳ן אין אַ קאַפע אויפ׳ן טעאַטער־פּלאַץ און זי האָט געהערט ווי ער זאָגט:

— ניין, פלאָרא, מ׳פאַרגעסט נישט. כ׳ווייס נישט ווי אַנדערע, נאָר איך פאַרגעס גאָרנישט. דאָס איז אפשר מיין טראַגעדיע. איך וואָלט אפשר גאָר געדאַרפט זיין אַ ליטעראַט, נישט קיין אַקטיאָר. אַ טאָג איז נישט אַריבער כ׳זאָל נישט טראַכטען וועגען דיר. דאָס איז דער ריינער אמת.

— וואָס טוסטו? כ׳האָב געהערט ביזט געווען אין אַמעריקאַ, כ׳מיין אין ניו יאָרק — האָט פלאָרא געזאָגט.

— יאָ, געווען. כ׳בין דאָרט שיער נישט פאַרבליבען. אָבער עפּעס האָט מיך אַמעריקע נישט צוגעצויגען. דאָ ווידער האָט אויסגעבראָכען די רעוואָלוציע און ס׳טעאַטער איז געוואָרען טויט. כ׳האָב געהאַט לאַנגע חדשים גאָרנישט געטאָן: געגעסען, געטרונקען, געשלאָפען. פאַרשטעהסט זיך, נישט אַליין.

— ווייבער יאָגען זיך נאָך אַלץ נאָך דיר?

— נאָך אַלץ.

— כ׳האָב געמיינט וועסט חתונה האָבען — האָט פלאָרא געזאָגט מיט אַ צעטערניש.

— חתונה האָבען? צו וואָס? כ׳וויל נישט ברענגען קיין נייע פּייוועלעך אויף דער וועלט. איינער איז אויך צופיל. נו, און צו וואָס חתונה האָבען ווען כ׳קאָן קריגען יעדע יאַטעכע?

— ווען אַלע וואָלטען אַזוי גערעדט, וואָלט ניט געווען קיין וועלט.

— צו וואָס דאַרף מען אַ וועלט? אַנומעלט האָט זיך באַוויזען אַ קאָמעט — דו ווייסט וואָס דאָס איז — און אַ פּראָפעסאָר האָט פאָראויסגעזאָגט אין צייטונג אַז די וועלט קאָן אונטערגעהן. כ׳האָב געטראַכט: קיין ערגער אומגליק זאָל נישט געשעהן.

— עפּעס ביזטו געוואָרען סערקאַזנע.

— אין לעבען, נישט אויף דער ביהנע. אַזוי ווי כ׳געה אַרויס אויף דער ביהנע, ווער איך אַן אַנדערער. כ׳לייען אינגאַנצען נישט די ראָל. דער סופלער שושקעט און שיפּעט, אָבער כ׳הער אים ווי המן דעם גראַגער. כ׳טעם האַקען, וואָס ס׳קומט מיר אין מויל, און פון אַלץ ווערט אַ געלעכטער. טיילמאָל הויב איך אַן אַליין לאַכען און דערפון ווערט נאָך אַ גרעסער כאָכעניש. אין ניו יאָרק האָט מען מיך איינגעלאַדען אין ענגלישע טעאַטערן. וואָדעוויל׳ס רופען זיי דאָס, — מ׳שפּילט שטיקלעך און ברעקלעך. מ׳טאַנצט, מ׳מאַכט זיך נאַריש. כ׳האָב מיך אויסגעלערנט אַביסעל ענגליש און איינגע׳חזר׳ט די ראָל. אָבער, אַז כ׳בין אַרויף אויף די ברעטער, האָב איך אַלץ פאַרגעסען. כ׳האָב גענומען רעדען אידיש און מאַכען האַוואַיעס. כ׳האָב אַ זאָג געטאָן צום פּובליקום: דאָס איז דער ים אין קוני איילאַנד און איך בין געקומען זיך באָדען. כ׳האָב מיך גענומען אויסטאָן, מיקלאָמפּערשט אַריינגעשטעקט די גראָבע פינגער פון די פיס אין וואַסער צו ס׳איז קאַלט, און ס׳איז געוואָרען אַזאַ קווישעניש, אַז מ׳האָט שיער נישט דאָס טעאַטער נישט צענומען. כ׳האָב געקאָנט בלייבען אין דער גאָלדענער מדינה. אָבער עפּעס אַ קראַפט האָט מיך אָפּגעהאַלטען.

— וואָס פאַר׳אַ קראַפט?

— כ׳ווייס נישט.

— האָסט דאָ אוודאי עמיצען, וואָס דו האָסט ליב.

— האַ? ניין. כ׳האָב דאָרט פאַרפירט אַן אָפּערע מיט אַ טענצערין וואָס קריגט טויזענט דאָלער אַ וואָך. מיר האָבען רעכט נישט געקאָנט רעדען. די גאַנצע ליבע אונזערע האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף שטום־לשון. וואָס איז מיט דיר, האַ?

— אַ, דו ווייסט.

פּייוועלע האָט אַ ווייל נאָכגעטראַכט.

— מ׳רעדט וועגען דעם אין וואַרשע. עפּעס קאָן איך מיר נישט גלויבען אַז ס׳איז אמת.

— וואָס רעדט מען? כ׳האָב געהאַט צוויי אמת׳ע ליבעס אין מיין לעבען, דיך און מאַקס׳ן.

— אַ פרומע מומע, האַ?

— כ׳בין נישט קיין מומע. מיר האָבען אַ פאַבריק.

— נו־נו, כ׳האָב גאָרנישט געזאָגט. וואָס כ׳האָב גערעדט, האָב איך געבילט. דיין מאַן . . .

— וואָס ער זאָל נישט זיין, האָב איך אים ליב.

— יאָ, כ׳פאַרשטעה. אין דער צייט פון די ראַזרוכעס האָב איך געטאָן איין זאַך: געלייענט ביכער, אין אידיש, אין רוסיש, אין פּויליש. מ׳האָט געשאָסען אין די גאַסען, און איך האָב פּיינט קוילען. כ׳האָב צוויי שטובען מיט אַ קיך און אַ באַלקאָן — אין הויף אַריין, נישט אין גאַס. דער טעלעפאָן האָט פונקציאָנירט און דער סטרוזש און די סטרוזשקע זיינען געגאַנגען פאַר מיר גענג. זיי האָבען מיר געבראַכט, וואָס כ׳האָב געוואָלט און כ׳האָב מיר פאַרגעשטעלט, אַז אינדרויסען איז אַ מבול און איך בין נח אין דער תבה — דו ווייסט דאָך די מעשה פון מבול — אָבער אָהן די דריי זיהן, אָהן די בהמה׳ס, די חיה׳ס און די עופות. ווייבער זיינען פונקט אַזוינע טרוסן ווי איך און מ׳איז ווייניג געקומען צו מיר, אָבער דער סטרוזש האָט אַ שיקסע פון אַכצען יאָר. דאַמאָלס איז זי געווען נאָך יונגער, און זי האָט מיר אָפּגעשטאַט וויזיטען. קעגען וואָס זאָג איך עס, האַ? כ׳האָב געלייענט ראָמאַנען, פּיעסען, וואָס נישט? מיר האָבען אין דעם הויף אַ ביבליאָטעק און כ׳האָב געבאָרגט ביכער. כ׳האָב איבערגעלייענט אפשר טויזענט ביכער און בין געקומען צום אויספיר. אַז אַלץ אין דער וועלט קאָן פּאַסירען. אויב אַזוי, פאַרוואָס קאָן נישט זיין אַ בלאָטע צנועה?

— כ׳בין נישט קיין בלאָטע. כ׳וויל מער דאָס וואָרט נישט הערען.

— דיין מאַן איז אַן אַלפאַנס. ער האַנדעלט מיט לעבעדיגער סחורה.

— וואָס ער זאָל נישט זיין, האָב איך אים ליב.

— ביזט נישט אייפערזיכטיג אויף אים?

— ניין.

— אין די ראָמאַנען שטעהט, אַז ליבע פאַרט זיך מיט אייפערזוכט.

— אַז ער געניסט, האָב איך אַ הנאה — האָט פלאָרא געזאָגט, פאַר׳חידוש׳ט פון אירע אייגענע ווערטער.

— איך וואָלט געדאַרפט האָבען אַזאַ צדיקת ווי דו.

— האָסט מיך געקאָנט האָבען — האָט פלאָרא געענטפערט און באַלד חרטה געהאַט.

— נו, כ׳האָב נישט געוואוסט אַז כ׳על בענקען נאָך דיר. וואָס איז דאָס אַזוינס אַרגענטינע, האַ?

— דאָס אייגענע וואָס דאָ: אַ הימל, ערד, הייזער.

(פאָרזעצונג — פרייטאָג)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעוויס

(פאָרזעצונג)

פלאַרא האָט געטרונקען קאַווע און זיך געוואונדערט: איז דאָס טאַקע פּייוועלע? פּאַסירט דאָס טאַקע אויף אַן אמת? זי האָט אים דערציילט וועגען דעם אידישען טעאַטער אין בוענאָס איירעס, אָבער ער האָט זעהר געוואָלט אָוועקפירן דעם שמועס אויף וואָס מאַקס טוט דאָרט און ווי זי, פלאַרא, פיהרט זיך אויף. קאָן דאָס זיין, אַז ער איז אייפערזיכטיג אויף מיר? — האָט פלאַרא זיך גע'חידוש'ט. פּייוועלע האָט געוואוסט ווער זי איז און פון וואַנען זי איז געקומען צום אידישען טעאַטער. אַלע אין וואַרשע האָבען מסתמא געוואוסט אַ חוץ מאַקס'ן. וואָס אָדער ער האָט נישט געוואָלט וויסען, אָדער ער האָט געמאַכט דעם אַנשטעל. פּייוועלע האָט יעדעס מאָל געטאָן אויף איר אַ שאַרפען קוק, זייטיג, פרעגענדיג, פאַרשענדיג. ער האָט עפּעס געפרעגט וועגען איר בראַסלעט און אָנגענומען איר האַנט־געלענק בעסער זיך צוצוקוקען. ער האָט שוין פאַר איינוועגס געכאַפּט אַ בליק אויף איר פינגערל מיט דעם גרויסען בריליאַנט. ער האָט געשאָקלט מיט'ן קאָפּ.

— אין אַנדערע לענדער קומט מען צו עפּעס. דאָ בלייבט מען שטעקען אין געמויזעכץ.

— דו דאַרפסט דאָ נישט בלייבען שטעקען — האָט פלאַרא אים געענטפערט. — לעווינזאָהן ווייסט וועגען דיר. פאָהר מיט אונז קיין אַרגענטינע.

— וואָס איז דאָס? דו אַנגאַזשירסט מיך?

— מאַקס איז אַ שותף צום טעאַטער.

— און ער וויל מיך?

— ער איז דיר נישט קיין שונא. פאַרקערט —

פּייוועלע האָט גענומען פּויקען די פינגער אויפ'ן טיש.

— קאָנסט שרייבען אַ קאָנטראַקט?

— כ'קאָן נישט שרייבען.

— נו, עפּעס טוט זיך. כ'ליג באַנאַכט אין בעט און טראַכט ווילדע געדאַנקען. צומאָרגענס ווערען די געדאַנקען ווירקליכקייט. אַ פּאָר וואָכען איידער מען האָט מיך אַנגאַזשירט קיין אַמעריקע, האָב איך אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אַמעריקע. גלאַט אַזוי. ס'האָט זיך מיר אַפילו גע'חלומ'ט אַמעריקע. איך בין געגאַנגען דורך שמאָלע גאַסען מיט עפּעס אַזוינע הויכע מויערען און מענטשען האָבען געשטראָמט פון אַלע זייטען. עס איז נישט געווען קיין שום מעגליכקייט מ'זאָל מיך איינלאַדען קיין אַמעריקע. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז קיינער ווייסט דאָרט נישט וועגען מיר. מיטאַמאָל קריג איך אַ טעלעגראַמע זיי רופען דאָס אַ קאַבעל — און מיט צוויי וואָכען שפּעטער אַ שיפסקאַרטע. לעצטענס האָב איך אָנגעהויבען טראַכטען וועגען דיר אָהן אַן אויפהער. פלוצים ביזטו דאָ און דו ווילסט מיך אַנגאַזשירען. ווי איז דער עולם דאָרט?

— מ'שטאַרבט פאַר טעאַטער. דאָ געהען אין טעאַטער בלויז יונגוואַרג. דאָרטען געהען אַלע. קאָנסט זעהן אויף איין באַנק זיצען אַ זיידען, אַ טאָכטער און אַן אייניקעל. מ'קומט פון די קאָלאָניעס — דאָרט זענען דאָ אידישע קאָלאָניעס — אויף אַ פאַרשטעלונג, אָדער די טרופּע פאָהרט צו זיי. מ'קומט צו אונז אויף גאַסטראָלען פון ניו יאָרק און ווען ס'באַווייזט זיך אַ דאָרטיגער אַקטיאָר, באַוואַרפט מען אים מיט בלומען. מיט געלט אויך.

— מ'האָט מיר געזאָגט, אַז די אַלפאָנסען האָבען די גאַנצע דעה אין טעאַטער.

— מ'טראַכט דאָ אויס אַ סך ליגענס. מיידלעך ווערען מיד פון דער אַרבעט און ווילען פאַרדינען גרינג אַ פּעזאָ. די שפּאַניער פאַרקויפען די אייגענע ווייבער.

— ווי קומט עס וואָס דו האָסט אויפגעהערט שפּילן אויב דו ביזט אַזוי נאָהענט צום טעאַטער?

פלאַרא האָט לאַנג נישט געענטפערט.

— דו ווייסט פאַרוואָס. כ'קאָן נישט לייענען די ראָלען. איך בין נישט ווי דו: איך מוז מיך אויסלערנען די ראָל. ס'איז דאָך שרעקליך שווער צו לערנען אַ ראָל פון אויסענווייניג.

— האָסט אין די אַלע יאָהרן זיך נישט געקאָנט אויסלערנען!

— כ'האָב פאַרלאָרען דעם מוט. כ'האָב אויפגעהערט פּרואוון.

— ווען דו וואָלסט געבליבען מיט מיר, וואָלסטן איצט געווען אַ באַריהמטע אַקטריסע.

— הו האָסט מיך נישט געוואָלט. אַזוי ווי מאַקס האָט מיך דערזעהן האָט ער גלייך פאָרגעשלאָגען מיר זאָלען חתונה האָבען. אַלץ וואָס דו האָסט געוואָלט — — —

ס'איז געוואָרען שטיל און דער קעלנער האָט צוגעטראָגען אַ פריש שעלכל שוואַרצע קאַווע פאַר פּייוועלע'ן און קאַקאַאָ מיט באַבקע פאַר פלאַרא'ן. זי האָט זיך אָנגעגאָסען אַ שעלכל און געזאָגט:

— כ'האָב געמיינט כ'על דיך מעהר קיינמאָל נישט זעהן.

— כ'האָב געבענקט נאָך דיר. ס'קאָן זיין, אַז צוליב דיר האָב איך מיט קיינעם נישט חתונה געהאַט — האָט פּייוועלע געזאָגט האַלב צו זיך, האַלב צו פלאַרא'ן. ס'איז איר אויפגעפאַלען, אַז די הויט פון זיין פּנים איז געוואָרען טונקעלער און עפּעס דין און גערינצעלט ווי ביבעלע־פּאַפּיר. ער האָט גערעדט פאַמעליכער ווי אַמאָל און זיין שטים איז געוואָרען סטאַלע און געבראָכען — ווי ביי אַן אבל, וואָס איז ערשט נאָר אויפגעשטאַנען פון שבעה. פלאַרא האָט זיך אַליין גע'חידוש'ט אויף דעם דאָזיגען אויסטערלישען פאַרגלייך.

— וואָס איז געשעהן ביי דיר, עפּעס אַ שלעכטע זאַך? — האָט זי געפרעגט.

פּייוועלע האָט נאָכגעטראַכט.

— אַ סך שלעכטע זאַכען. גוטע זאַכען אויך. אין אונזער פּראָפעסיע טאָר מען נישט ווערען עלטער. מ'דאַרף שטענדיג בלייבען אַ צוציק. אָבער די יאָרען לויפען סאַי־ווי־סאַי.

דו ווילסט נישט פאָהרען קיין אַרגענטינע?

— דיין מאַן וועט מיך נאָך שיסען.

— ער'ט נאָך קיינעם נישט געשאָסען. כ'וואָלט עס נישט געטאָן אָהן זיין וויסען. ער איז דער באַלעבאָס, נישט איך.

— אַ גוט ווייב, אַן אשת־חיל. מיר זענען געוואָרען צוגעגעסען די וויצען. ווי זאָגט מען עס! באַרנצימעס ווערט אויך טמאָס. טאַקע דער לעקיש, געצל האַלפערן, האָט אָנגעקראָגען וואָס זיי רופען אַ ליטעראַרישע פּיעסע און ער ווערגט זיך מיט איר ווי אַ הונט מיט אַ ביין. ביי זיי אַז אַ פּיעסע טויג אויפ'ן פּייער, איז זי ליטעראַריש. געשריבען האָט זי איינער באַמבערג — האָסט אפשר געהערט פון אים?

— אַ באַקאַנטער ליטעראַט, אָבער ס'פּאַסירט דאָרט גאָרנישט. מ'רעדט אַהין, מ'רעדט אַהער. דאָס אַלטע דור קלאָגט זיך כסדר אויפ'ן נייען דור, אַזוי אין ערשטען אַקט, אַזוי אין צווייטען אַקט, אַזוי אין דריטען אַקט און אין פערטען. די פּיעסע האָט פיר אַקטען. זיי האָבען מיר געוואָלט געבען אַ ראָל — די הויפּט־ראָל — און דאָס וואָלט געהייסען, אַז מ'טוט מיר אָן אַ גרויסען כבוד. אַ קליינינגקייט, מ'נעמט אַ לץ, אַ בלאַזען ווי פּייוועלע שעכטער און מ'מאַכט אים פאַר אַ דראַמאַטישען אַקטיאָר! אָבער אַז כ'האָב איבערגעלייענט די קאַקעמייקע האָב איך זיי געזאָגט: לא מיט אַ ספּאָדיק. זיי האָבען נישט געגלויבט די אייגענע אויערען. דאָס איז חוצפּה. אָבער כ'קאָן מיר נישט צוקלעפּען אַ ווייסע באָרד און דרשנ'ען אין פיר אַקטען מ'זאָל זיך אומקערען אין בית־המדרש. דאָס איז איצט געוואָרען די מאָדע נאָך דער רעוואָלוציע. מ'האָט אָוועקגעוואָרפען די רעוואָלווערס און מ'וויל מאַכען אַ השיבנו נאָזאָד צו גאָט. ווייבלעך דעקן צו די האָר פרייטאָג פאַרנאַכט און בענטשען ליכט. נישט כ'האָב געגלויבט אין דעם רעוואָלוציע, נישט איך וויל שפּרינגען קדוש פאַר גאָט. ווידער אין „עליזעאום" האָבען זיך אָנגעהויבען אינטריגעס געגען מיר. נו, איכ'ל דיר נישט פאַרהאַקען דעם קאָפּ מיט מיינע נאַרישקייטען.

— קום מיט אונז קיין אַרגענטינע.

— מ'עט געהן, מ'עט זעהן. כ'קאָן רעכט נישט דיין מאַן. כ'ווייס נישט צי כ'האָב אים באַגעגענט צוויי מאָל.

— ער ווייסט פון דיר. ער האָט געלייענט וועגען דיין ערפאָלג אין אַמעריקע.

— ערפאָלג? די פּיעסע איז דורכגעפאַלען. אָבער איך האָב באַקומען גוטע רעצענזיעס. ווי זאָגט מען דאָס? די אָפּעראַציע איז געראָטען, נאָר דער פּאַציענט איז געשטאָרבען. דיין קאַקאַאָ ווערט קאַלט.

— ס'מאַכט נישט אויס. איך געדענק נישט זאָלסט האָבען גערויכערט.

פּייוועלע האָט אַ שאָקל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— נישט אַזויפיל ווי היינט. כ'פּאַפּע אַפילו אין מיטען דער נאַכט.

פלאַרא האָט געטרונקען דעם שאָקאָלאַד אין קליינע שלוקעלעך. זי האָט צעגעביסען פּיצעלעך קוכען. זי האָט געעפענט איר טאַש, אַרויסגעגראַבעלט אַ שפּיגעלע און זיך אָנגעשפּיגעלט. פּייוועל האָט אונטער'ן טיש זי אָנגענומען ביי דער האַנט. אַ ווייל האָט זי אים געלאָזט האַלטען די האַנט. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— פּייוועלע, טוה עס נישט.

— וואָס איז? כ'על דיר גאָרנישט אָפּבייסען.

— דו ווייסט וואָס.

— ניין, כ'ווייס נישט.

— כ'ווער ליידענשאַפטליך.

— נו, דו רעדסט דאָך טאַקע ליטעראַרישע פּראָזע. ס'איז גוט צו זיין ליידענשאַפטליך. ס'איז אַ סימן אַז מ'איז נאָך יונג.

— ניין, פּייוועלע, כ'וויל ניט אָנהויבען די גאַנצע התונה פונסניי. ס'האָט מיר געדויערט גענוג לאַנג ביז כ'האָב דיך פאַרגעסען.

— האָסט פריהער געזאָגט, אַז דו האָסט מיך נ י ש ט פאַרגעסען.

— כ'מיין נישט פאַרגעסען. אין דיינע אויגען בין איך אַ בלאָט שטיק. דו רופסט מיך אָן מיט מיאוס'ע נעמען. אָבער ביי מיר ליבע איז נישט קיין שפּילכעל.

— ס'איז ביי קיינעם נישט קיין שפּילכל. איך האָב געהאַט ווער ווייסט וויפיל נקבה'ס, אָבער אַז כ'האָב דערהערט דיין קול, האָט זיך עפּעס ביי מיר אָפּגעריסען.

— קום קיין אַרגענטינע און מ'וועט דיך דאָרט טראָגען אויף די הענט. ס'איז נישט גוט צו זיצען צו־לאַנג אויף איין אָרט. דו זעהסט אויס ווי דו וואָלסט געדאַרפט אַן אָפּפרישונג.

— יאָ. מ'ווערט צוגעזעסען. מ'ווערט צוגעגעסען זיך אַליין און אַנדערע. אַמעריקע האָט מיך אַביסעל אָפּגעפרישט. אָבער בלייבען דאָרט האָב איך נישט געוואָלט. זיי מעסטן דאָרט אַלץ לויט'ן דאָלאַר. ס'קומט אַריין אַן אַקטיאָר און ער זאָגט: דאָס איז אַ פופציג־דאָלאַרדיגער אָנצוג. ווען אַ פּיעסע איז אַ סוקצעס — אַן ערפאָלג — זאָגט מען, אַז זי איז ווערט אַ מיליאָן דאָלאַר. אויב די קריטיקער רייסען זי אַראָפּ, פאַרמאַכט מען צומאָרגענס דאָס טעאַטער. עס איז אויף בראָדוועי אויך אַזוי.

— וואָס איז בראָדוועי? איך וואָלט עס נאָך געוואָלט אָנקוקען איידער כ'ווער אַלט.

— וואָס איז עס? באַנאַכט איז דאָרט ליכטיגער ווי באַטאָג. דאָרט איז אָדער מ'יאָגט זיך נאָך דיר און מ'צערייסט אויף שטיקער, אָדער קיינער קאָן דיך נישט און ביזט אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא. אָדער אַ פּיעסע איז אַ „היט" — אַ שלאָגער — ווען נישט, לעשט מען אויס די לאָמפּען און ס'איז אויס פּיעסע. ביי זיי אָנווערען פופציג טויזענט דאָלאַר איז ווי ביי מיר אויסרויכערען אַ פּאַפּיראָס. זיי ריידען אַהין און אַהער. אַט זענען זיי רייך ווי קורח און אַט ליגען זיי די ציין אין בייטל. ס'קומט צו פאָהרען עפּעס אַ סטערוועס פון פּאַריז, וואָס קאָן נישט זינגען, קאָן נישט שפּילען, אַלט ווי די באָבע־יאַכנע, הייזעריג ווי די וואַנט, אינגאַנצען צונויפגעקלעבט פון פּודער און שמינקע, און ס'ווערט אַ געוואַלד אין די צייטונגען, אַז אַ צווייטע סאַראַ בערנאַרד האָט זיך באַוויזען. דאָרט, אַז איינער זאָגט עפּעס, מוזען אַלע נאָכבאָמקען. זי זינגט אַ נאַריש לידל און גאַנץ אַמעריקע נעמט עס נאָכזינגען און מ'הערט עס פון אַלע גראַמאָפאָנען. אין אַמעריקע מוז אַלץ אַנרייסען. אויב נישט, איז עס טויט. סעקאַנד עוועניו — אַזוי הייסט די גאַס פון די אידישע טעאַטערן — וויל זיי אין אַלץ נאָכמאַכען. כ'געה אַריין אין טעאַטער און ס'איז וועגען אַ חזנ'דל וואָס איז געוואָרען אַן אָפּערע־זינגער. דאָ זינגט ער „השכיבנו" און דאָ זינגט ער אַן אַריע פון „קאַרמען". ס'קומט אַרויס אַן אַנקל וואָס האָט געזאָלט אומקומען אין אַ פּאָגראָם, אָבער ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט אַ גאָלד־גרובען אין אַלאַסקאַ. ער טאַנצט אין אַ פּאָר גאָלדענע שטיוול און גיט אַ טשעק אויף הונדערט טויזענט דאָלאַר מ'זאָל בויען אַ שוהל אין אָנדענק פון זיין געשטאָרבענער מאַמע. ס'זיצען די ווייבער, די יענטעס, און זיי כליפּען מיט טרערען. דאָרט מוז מען אין יעדער פּיעסע זאָגען קדיש און חתונה־מאַכען אַ יתומה'לע. אויב נישט, זיצען די לאַנדסלייט און ריידען די גאַנצע צייט.

— פון דעם אַליין וואָלט מען געקאָנט מאַכען אַ קאָמעדיע — האָט פלאַרא געזאָגט.

— יאָ, מ'וואָלט געקאָנט. אָבער מיר האָבען נישט קיין פּיעסען־שרייבער. בלויז קאַליקעס. כ'שפּיל אין אַזוינע מאַכערייקעס, אַז כ'שעהם מיך פאַר מיר אַליין. יעדעס מאָל, וואָס כ'געה אַרויס אויף דער ביהנע, טראַכט איך: היינט וועל איך האָבען אַ דורכפאַל און דאָס וועט זיין מיין סוף. אָבער אין דער לעצטער מינוט ווערט לוסטיג און לעבעדיג. דו ביזט געווען נישט אַ שלעכטע אַקטריסע. ס'איז מיר אַ וואונדער, אַז דו ווילסט נישט שפּילען.

— כ'וויל אָבער כ'האָב מורא. ווען כ'בין אָנגעקומען קיין בוינעס איירעס, האָב איך געשפּילט, טאַקע ביי לעווינזאָהנ'ען, אָבער כ'האָב פאַרגעסען די ראָלען. ס'איז דאָרט געווען אַ סופלער אַ ליטוואַק און כ'האָב נישט פאַרשטאַנען זיין אידיש. מ'האָט געגען מיר אינטריגירט אויך. די קריטיקער האָבען זיך אָנגעזעצט אויף מיר און אַלץ אַראָפּגעריסען.

(פאָרזעצונג — מאָרגען)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון
**יצחק באַשעוויס**

(פאָרזעצונג)

פיוועלע האָט פאַרלאָשען דעם פּאַפּיראָס און דער קאַווע.

— ווען דו בלײַבסט מיט מיר, וואָלט איך דיך אויסגעלערנט לײַענען ווי אַ וואַסער און מיר וואָלטען געשפּילט צוזאַמען.

— דאָס זאָגסטו איצט. דאַמאָלס ביזטו געווען אין די פערדערען און דו האָסט מיך באַהאַנדעלט ווי די לעצטע. אין בעט האָסטו מיך געקושט; אין טעאַטער האָסטו מיך נישט דערקאַנט.

— דו זאָגסט ליגען.

— אויב כ'זאָג ליגען, זאָל איך נישט דערלעבען צו קומען אַהיים. מאַקס איז האַמאָלס געווען אַן אָרעם אינגעל, אַ גאָרנישט. ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, האָט ער זיך פאַרליבט איבער די אויערן. ער האָט מיך פאַרגעטערט. ער'ט מיך אויף די הענט געטראָגן. ס'וואָלט גאָרנישט געוואָרען פון אים ווען נישט איך. איך בין געווען פאַר אים אַ ווײַב, אַ מאַמע, אַ שוועסטער. ביז הײַנט קושט ער מײַנע טריט.

— דאָ זאָגט מען, אַז ער איז אַ „קאַליע־מאַכער". ער פאַרפירט מיידלעך און גרייט זיי צו פאַר'ן שאַנד־הויז.

— ס'איז אַלץ ליגען. מ'קאָן אויסטראַכטען דאָס ערגסטע אויף יעדען איינעם. מיר האָבען אַ גרויסע פאַבריק. מאַקס גיט געלט פאַר דער חברה קדישא און פאַר אָרימע אידען. ס'קומען צו אים גבאים פון ירושלים און פון ישיבה'ס. ער לאָזט קיינעם נישט אַוועק מיט ליידיגע הענט.

— נו, מיך אַרט נישט. בײַ מיר די אונטערוועלט איז נישט פּסול. נעם אונזערע יחסנים — די ליטעראַטען, די כלל־טוער, די רעדנער. טאַקע דער אייגענער באַמבערג. ווען דו הערסט לייענען זײַן פּיעסע, מיינסטו אַז ער זיצט גאַנצע טעג אין בית־מדרש און זאָגט תהלים. אָבער ער שלעפּט זיך אַרום מיט אַלערליי פּליאָסקעדריגעס. ער האָט אַ ווײַב מיט קינדער ערגיץ אויף דער פּראָווינץ, נאָר ער וויל פון זיי נישט וויסען. ער איז אַ קראַנקער אויך און די דאָקטוירים האָבען אים אָנגעזאָגט ער זאָל גיין פרי שלאָפען און פירען אַ רוהיגע לעבען. אַנשטאָט דעם זיצט ער מיט די הורען ביז דריי אַזייגער בײַנאַכט. אַ גאַנצען טאָג ליגט ער אין בעט. ווען ס'האָט געהאַלטען דערבײַ כ'זאָל שפּילען אין זײַן דראַמע, האָט ער מיך געהייסען קומען צו אים. כ'קלאַפּ אָן אין דער טיר, נאָר מ'ענטפערט נישט. ס'איז נישט געווען פאַרשלאָסען און כ'בין אַרײַן. די גאַנצע שטוב איז פול מיט פּאַפּירען, און אפשר טויזענט מונדשטוקען פון פּאַפּיראָסען. כ'גיי צו צום בעט און כ'האָב געמיינט אַז ער איז טויט. ער'ט זיך איבערגעוועקט ווי פון היטערפלעט און גענומען הוסטען און שפּייען און רעדען נישט צו דער זאַך. ס'האָט געדויערט אפשר אַ שעה ביז ער האָט זיך אויסגעטשוכעט. ער האָט מיר גענומען לײַענען די דראַמע און ס'איז דאָרט געווען אַזויפיל תורה אַז מ'האָט געקאָנט פון זינען אַראָפּ. די גאַנצע צייט האָט דער טעלעפאָן נישט אויפגעהערט קלינגען — אַלץ מיידען און ווײַבלעך וואָס האָבען געוואָלט בײַ אים באַלען, אָדער גלאָט זיך רײַבען אַרום אַ גרויסען ליטעראַט. ומיט וואָס איז ער בעסער פון מאַקס'ן? אַמווייניגסטען דײַן מאַן איז נישט קיין היפּאָקריט.

— אָ, ער האָט אַ גוט האַרץ. ער קען נישט פאַרבײַגיין אַן אָרימען ער זאָל אים נישט געבען אַ נדבה. ער שיקט געלט צו זײַן משפחה און מײַן משפחה.

— דערציידל מיר וועגען די נקבה'ס. ווי אַזוי קריגט ער זיי אַרײַן? ווי אַזוי פאַרקויפט ער זיי אין די הײַזלעך?

— ער קריגט קיינעם נישט אַרײַן און ער פאַרקויפט קיינעם נישט. מיר האָבען אַ פאַבריק און ס'אַרבעטען דאָרט מיידלעך. די שפּאַניערינס ווילען נישט אַרבעטען. זיי זענען פויל. זיי זענען אַלעמאָל שוואַנגער. אונזערע אידישע מיידלעך לערנען זיך אָפּ פון זיי. צו וואָס אַרבעטען, אַז מ'קאָן פײַפען אַ גאַנצען טאָג און בײַנאַכט זיך וואַלגערן מיט מענער? ס'זענען אַריבערגעקומען פון רוסלאַנד אַ פּאָר לערערס, שרײַבערלעך און גלאָט גאָט'ס קאַזאַקען און זיי האָבען אָנגעטריבען אַ העצע געגען די „טומאים" — אַזוי רופען זיי אַלע וואָס ווילען נישט טאַנצען ווי זיי שפּילען. איינער פון זיי, דער גאַנצער קאָרפּען־קאָפּ, האָט אַליין פאַרפירט אַ מויד און די ברידער אירע האָבען אים געוואָלט שטעכען. דאָרט דער קלימאַט איז אַזאַ אַז דאָס בלוט קאָכט אין די אָדערען. אויף איין פרוי זענען דאָ דרײַ מאַנסלייט. וואָס זאָל'ן זיי טאָן? ווען ס'וואָלטען נישט געווען קיין נאַכט־פייגעלעך, וואָלט מען באַפאַלען קינדער אין די וויגען.

— וואָס איז מיט דײַן בלוט? ס'קאָכט אויך?

— מײַן מאַן באַפרידיגט מיך.

— ווילסט נישט פאַרזוכען אַן אַנדערען?

— מ'וויל אַ סך זאַכן. ס'דינט בײַ מיר אַ שפּאַניערין און עס גייט נישט אַריבער אַ טאָג זי זאָל נישט טאָן אַ שאָדען. זי פוצט דעם שפּיגעל און צעבּרעכט אים. כ'הייס איר וואַשען אונזער פאָרצעלאַנענעם סערוויז און זי צעבּרעכט טעלערס און שיסלעך, וואָס מ'קאָן גאָרנישט קריגען צוצופּאַסען. נישט איינמאָל האָב איך געוואָלט נעמען אַ האַקמעסער און איר אָפּהאַקען די הענט. אָבער מאָלע וואָס מ'וויל.

— פאַרוואָס שאַפסטו זי נישט אָפּ?

— זיי זענען אַלע די אייגענע. שליאַכעס. זי איז כאָטש נישט קיין גנב'טע. די אַנדערע טראָגן אַלץ אַרויס. זי האָט ערגיץ אַ ממזר וואָס זי ווייסט נישט ווער דער פאָטער איז, און ער וואַרט אויס בײַ איר דעם לעצטען גראָשען.

— נו, ס'איז אַ וועלט מיט וועלטלעך. כ'וויל דיך נאָך אַלץ.

— אפשר וויל איך אויך. נאָר מיר'ן בלײַבען בײַם וועלען.

6

מאַקס איז געהאַט געשלאָפען דרײַ שעה. ער האָט זיך איבערגעוועקט און גענעצט. אין דער זעלבער סעקונדע האָט זיך פלאָראַ אויך אויפגעכאַפּט. אַזוי איז דאָס געווען אין אַרגענטינע און אַזוי דאָ אין וואַרשע. זיי זענען געוואָרען הונגעריג אין דער אייגענער מינוט, שלעפעריג אין דער זעלבער צייט. ווען מאַקס האָט געגעניצט, האָט פלאָראַ מיטגעגעניצט. ער האָט געטאָן אויף איר אַ קוק און זי האָט געוואוסט וואָס ער באַגערט, ווייל זי האָט באַגערט דאָס אייגענע. אַ ווײַל האָט פלאָראַ זיך נישט גערירט. זי האָט זיך געמאַכט שלאָפענדיג. זי האָט זיך געשעמט דערמיט וואָס זי איז געוואָרען ווי אַ קאָפּיע פון אים. מאַקס האָט זיך אויפגעזעצט און אַנגעשפּאַרט דאָס קישען אַן ווענטל פון בעט. ער האָט געוואוסט אַז זי שלאָפט נישט, אָבער ער האָט פונדעסטוועגען געפרעגט:

— פלאָראַ, דו שלאָפסט?

— כ'האָב מיך ערשט אויפגעוועקט.

— וואָס האָט ער געזאָגט וועגען טעאַטער?

פלאָראַ האָט נישט באַלד געענטפערט.

— אָ, ער איז עפּעס אַרײַן אין אַ קלעם. די וויצען האָבען זיך אים צוגעגעסען און קיין ערנסט טעאַטער איז נישטאָ. מ'האָט אים געוואָלט געבען אַ ראָל אין דער פּיעסע וואָס געצל האַלפּערן וויל שטעלען, נאָר די גאַנצע ראָל איז שטיקער פרומקייט. ס'איז נישטאָ וואָס צו שפּילען.

— פאַרוואָס וויל ער נישט קומען קיין אַרגענטינע?

— אין אַרגענטינע דאַרף מען אויך אַ פּיעסע.

— איז, וואָס וועט ער טאָן? ווערען אַ שאַכער?

— ער האָט נאָך אפשר עפּעס געלט פון אַמעריקע.

— ווען טרעפסט עך ענק ווידער?

— כ'האָב דיר געזאָגט: כ'וויל אים מער נישט טרעפען.

— האָסט חשק צו אים, האַ?

— ניין, מאַקס, ניין. ער זעהט אויס גוט, אָבער עפּעס איז ער געוואָרען מרה־שחורה'דיג. ער רעדט אַזוינע אויסטערלישע רייד.

— וואָס זאָגט ער, האַ?

— אָ, אַלע ווײַבער זענען אים נמאס. ער וואָלט געוואָלט אַ מיידעלע פון צען יאָר.

— אַזוי האָט ער געזאָגט?

— כ'טראַכט נישט אויס.

— ער האָט דיך נישט געפּרואווט קושען?

— בלויז ווען מיר האָבען זיך געזעגענט.

— פאַרוואָס האָסטו נישט געוואָלט אַרויפגעהן צו אים, האַ?

פלאָראַ האָט זיך געטאָן אַ וואָרף. דער מאַטראַץ האָט געטאָן אַ קלונג אונטער איר.

— דו ווייסט פאַרוואָס.

— וואָלסט נישט געקאָנט באַשטעהן דעם נסיון, האַ?

— צו וואָס געהן צו אים אַז כ'וויל גאָרנישט טאָן? ווען אַ מאַנסביל האָט שוין געהאַט אַ פּרי מאַכט ער נישט מיט איר קיין צערעמאָניעס. ער וואַרפט זי אַנידער און טוט וואָס ער וויל.

— וואָס וואָלט געווען ווען דו ביזט אַליין אין וואַרשע? וואָלסטו אויך אַזוי זיך געפירט?

— ניין, מאַקס. כ'וואָלט צו אים אַהיים נישט געגאַנגען.

— וואָס וואָלט געווען ווען איך בין טויט און דו ביזט אַן אַלמנה?

פלאָראַ האָט לאַנג געשוויגען.

— כ'וויל נישט הערען אַזוינע ווערטער!

— וואָלסט דיך אים איבערגעגעבען, האַ?

— אפשר.

— ווען אַ נקבה זאָגט אפשר, הייסט דאָס זיכער — האָט מאַקס געיודעט.

דאָס פאַרפאַהיק האָט זיך געהאַט געלייגט פרי. אינדרויסען איז נאָך געווען נאַכט. מ'האָט געהערט אַ פייפן פון באַנען אין און אַנקלאַפּען זיך פון וואַגאָנען. באַלד איז ווידער געוואָרען מיטען־נאַכטיש שטיל. מאַקס האָט געזאָגט:

— פלאָרעלע, כ'וויל אים אַראָפּברענגען קיין אַרגענטינע.

— צו וואָס? ס'זאָל ווערען בײַ אונז אַ העצע?

— יאָ, ער האָט אַ נאָמען. כ'האָב געלייענט וועגען אים אין די צײַטונגען אין ניו יאָרק. ער וואָלט צוגעצויגען אַן עולם. לעווינזאָהן האָט הײַיאָר גאָרנישט מיט וואָס צו פייפען.

— דו שעפּסט נישט פון טעאַטער דײַן גאַנצע פּרנסה.

— אַז ס'עט זײַן וואָס צו שעפּן, וועל איך שעפּן. פלאָרעשי, ס'קאָן לאַנג אַזוי נישט בלײַבען!

— וואָס קאָן נישט בלײַבען?

— ס'איז געקומען די צייט זאָלסט האָבען עמיצען — האָט מאַקס גענומען רעדען — דערשטוינט און דערשראָקען פון די אייגענע ווערטער.

— מאַקס, פאַרמאַך דעם פּיסק!

— וואָס ציטערסטו? איכ'ל דיך צו גאָרנישט צווינגען.

— כ'בין ואינטאַנצען גליקליך מיט דיר. כ'האָב עס אים געזאָגט און ער'ט געזאָגט אַז ר'איז מיך מקנא. ער אַליין איז נישט גליקליך.

— ער איז נישט גליקליך דערפאַר — האָט מאַקס געזאָגט — ווייל ער האָט נישט די ריכטיגע נקבה. די טליקעס וואָס קומען צו אים באַפרידיגען אים נישט. ער דאַרף אַזוי ווי דו מיט דעם איז ער געווען גליקליך.

— דו ביזט נישט זײַן טאַטע און אויך נישט זײַן ברודער. דו האָרפּסט אים נישט סאַזאָרגען!

— האָט פלאָראַ געדרעהט מיט כעס.

— כ'מיין נישט אים, כ'מיין דיך. אחוץ דעם, אַ מאַנסביל וואָס האָט דיך געהאַט, איז מיר שוין נישט קיין פרעמדער. טיילמאָל טראַכט איך וועגען אים. ווי ער וואָלט געווען מײַן ברודער.

— ער איז נישט דײַן ברודער. ער האָט דיך אָנגערופען מיט אַלערליי צונעמען.

— דאָס אַרט מיך נישט. פלאָרעשי, מיר דערנענטערען זיך שוין באַלד צו פערציג און דאָס איז אַ צייט ווען מענטשען דאַרפען געניסען פון לעבען. צו פופציג איז שוין צו שפּעט אָנצוהייבען און צו זעכציג מוז מען שוין זאָגען אַ גוטען־טאָג צו אַלע פאַרגעניגענס. טו אַ קוק אויף מאיר סמעטענע. אַ העלד געווען. געקאָנט זיך אָנשפּאַרען אויף אַ וואָגען מיט צוויי פערד און שלעפּען דאָס גאַנצע געשפּאַן אויף צוריק. איצט איז ער אַן אָפּגעפּאַרטער. ער'ט עס אַליין געזאָגט. מיר האָבען צען יאָר זיך אַ שפּיל צו טאָן און אין די צען יאָר מוזען מיר איבערקערען אַ וועלט. וועמען וועלען מיר איבערלאָזען אונזער געלט, די קינדער, די אייניקלעך? מיר מוזען אַליין אַלץ אויפעסן, אויסטרינקען און פאַרהוליען.

— דו הוליע. איך בין צופרידען אַזוי ווי ס'איז.

— פלאָרעשי, אַז דו ליגסט איינגעלייגט, קאָן איך נישט האָבען הנאה — האָט מאַקס גערעדט, געפּלעפּט פון זײַן אייגענעם קוראַזש און משוגעת. — ביז איצט האָב איך אַלץ געטאָן און דיר דערציילט, אָבער כ'וויל

(שלוס אויף בינטעל בריף)

# די געסט

(שלוס פון זייט 3)

פון דיר אויך עפעס הערן. עפעס נייעס, נישט די אלטע פאנטאזיעס. ווי באלד קיין גאט איז נישטא און אלץ וואס ס'שטייט אין די ספרים איז אויסגעטראכטע שמאנצעס, פארוואס זיך נישט נאכגעבן דעם שוואילטאג? כ'האב געטראפן איינעם פון די אנארכיסטן — סרולקע גאנער האט מיך מיט אים צונויפגעפירט — און ער האט געזאגט טשעקאווע זאכן. ס'איז נישטא, האט ער געזאגט, נישט קיין גוטס, נישט קיין שלעכטס. ווען מיר רופן עפעס גוט, איז עס גוט. אויב מיר רופן עפעס שלעכט, איז עס שלעכט. דער מענטש האט ער געזאגט מוז ארויסקריגן זיין אייגענע ווערט, און ווערט איז ער אזויפיל, וויפל ער קאן ארויסבאקומען פון לעבן. זיי ווילן צונעמען ביי די קאפיטאליסטן די ממשלה און ווערן זייערע אייגענע באלעבאטים. אלע מענטשן, האט ער געזאגט, זענען עגאאיסטן. יעדער וויל אלץ פאר זיך. אז זיי וועלן קומען צו דער מאכט, וועט ווערן א פארבאנד פון עגאאיסטן — אזוי האט ער דאס אנגערופן.

— נארישע רייד. מ'עט זיי אריינפאקן אין טשיקמיק און זיי וועלן דארט פוילן.

— יא, אבער אין דעם וואס זיי זאגן איז דא א געדאנק.

— זיי ווילן נאך אלץ לקח'ענען ס'געלד פון דער באנק?

— האסט פלארא געטראפן?

— יא. כ'בין געווען דארט אין זייער געוועלב. געהאסט אריין און ס'איז א געוועלב מיט ביכער. פון הינטן איז דא נאך א שטוב און דארט איז א קעלער. פון יענעם קעלער ווילן זיי גראבן.

— זאלן זיי גראבן מיט די נעגל. דו ווייך פון זיי.

— אויב מ'קאן אריינכאפן א פאר מיליאן רובל, איז א שאד דאס איבערצולאזן ביי פאניע'ן — האט מאקס גערעדט.

— אחוץ דעם, מיר אליין וועלן נישט גראבן. מיר'ן צושיקן עטליכע לאטקעס און זיי וועלן טאן די שווארצע ארבעט. מאיר האט פריער נישט געוואלט הערן. איצט האט ער זיך אנגעהויבן בויגן. כ'האב נאך א געדאנק.

— וואס נאך?

— כ'וויל ארויסשטופן לעווינזאה'נ'ען פון טעאטער.

— פארוואס עפעס?

— ער טויג נישט. יעדעס יאר גיט ער די אייגענע חזירייי — ווידער שולמית, ווידער בר־כוכבא. יענע אידען האבן געלעבט מיט טויזנטער יארן צוריק. וואס איז מיט די אידען, וואס לעבן היינט? זיי זענען קיין אידען נישט? כ'האב גערעדט מיט געצל האלפערן. כ'האב אים געטראפן ביי קאטיק'ן אין רעסטאראן. זיי זענען דארט אלע געווען: דער, ווי הייסט עס דארט? באמבערג, און נאך עטליכע. ס'קאן זיין אז זייער פיעסע טויג נישט, אבער מ'דארף געבן די היינטיגע צייט. פארוואס זאל מען נישט פארפאסן א פיעסע וועגן אונז ביידען? מיר זענען געקומען קיין ארגענטינע נאקעט און בלויז און מיר האבן זיך ארויפגעארבעט און געווארן אנגעזעהן. אונזער ליבע איז אויך נישט אויסגעמאכן מיט דער האנט. ווען עמיץ וואלט געמאכט א פיעסע פון אונזער ליבע, וואלט געקלאפט די וועלט.

— וואס ווילסטו טאן, הא?

— עמיץ זאל אנשרייבן א פיעסע וועגן אונז און דו און פירוועליע זאלסט דאס שפילן.

— וועסט נישט זיין אייפערזיכטיג?

— ניין.

(פארזעצונג — פרייטאג)

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעוויס

(פאַרטזעצונג)

### קאַפּיטעל פיר

**1**

די זון האָט געשיינט. די לופט איז געווען וואַרעם, נאָר נישט הייס. די היץ האָט זיך געשטעלט שפּעטער אין טאָג אַריין, ווען די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן נויגן צו וואַלע. דעם אמת'ן נאָמען איר'ן האָט ער נאָך אַלץ נישט געקענט דערגעהן — זי האָט זיך געהאַלטן ביי אַלע כללים פון קאָנספּיראַציע. אָבער זי האָט זיך געהייסן רופן אידאַ. געזאָגט האָט זי אַז זי איז אַלט ניין און צוואַנציג יאָר, אָבער מאַקס האָט געוואוסט אַז ווען אַ פרוי זאָגט ניין־און־צוואַנציג, איז עס עטליכע־און־דרייסיג, מעג זי זיין אַן אַנאַרכיסטין, אַ סאָציאַליסטין, אָדער וועלכע ס'איז אַנדערע „איסטין". זי האָט געהאַט אַ קליין קעפּל און אַ הויכען טורעם מיט ברוינע האָר פאַרלאָזט אין אַ גרעק — אייגענע אָדער פרעמדע. די אויגן אירע זענען טיילמאָל געווען ברוין ווי מאַנדלען, טיילמאָל שוואַרץ ווי קאַרשען און טיילמאָל האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז זיי זענען טונקעל־גרין. דער רייץ אירער איז געלעגן אין מויל. ס'האָט געהאַט אַ שניט וואָס האָט מאַקס'ן אויפגערעגט. די ליפּן אירע זענען נישט געווען דיק, נאָר פול. גערעדט האָט זי וועגן ערנסטע זאַכן, אָבער ס'איז געווען אין איר טאָן און אין אירע בליקן עפּעס וואָס האָט דערוועקט אין אים דעם חשד אַז ס'איז אַלץ אַ מאַסקע צו פאַרדעקן די פאַרזעלעניישען פון לייב, דעם זאַטער צו רייצן און צו ווערן גערייצט. די אַנאַרכיסטן האָבן זי געהאַט אויסגעקליבן צו האַנדלען מיט אים, מאַקס'ן, ווייל זי האָט גערעדט אידיש און מסתמא אויך דערפאַר ווייל זיי האָבן איינגעזעהן אַז זי געפעלט אים, און זי וועט קאָנען ביי אים פּועל'ן מער ווי די אַנדערע. ס'איז געשטאַנען פאַר איר אַ גלאָז קאַווע אין אַ מעטאַלענעם האַלטער און אויף אַ טעלערל זענען געלעגן קיכלעך. אויף אַן אַש־בעכער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַ פּאַפּיראָס, וואָס פון איר האָט אידאַ פון מאָל צו מאָל געטאָן אַ ציה. אייִדער זי האָט געטאָן אַ ציה האָט זי זיך אומגעקוקט צי מ'זעהט ניט. פרויען וואָס רויכערן זענען געווען פּאָליטיש־פאַרדעכטיג. פּאַקטיש האָט זי גערויכערט מאַקס'עס פּאַפּיראָס. ער האָט געהערט ווי זי זאָגט:

— אַ בינטעל סאַטראַפּען, מיליטאַריסטן, שקלאַפן־הענדלער, פּיראַטן, בולוואַנעס האָבן זיך אַ נאָמען געטאָן קיסרים, לאָרדען, גראַפן, באַראָנען, און האָבן אַלץ פאַרכאַפּט מיט דעם כּח פון מעסערס, שווערדן, קוילען. אויב מיר ווילן עסן אַ שטיקעל ברויט, מוז מען זיי געבן אַ העלפט. אויב מיר ווילן ערגעץ פאָהרן, מוז מען באַקומען פון זיי אַ פּאַס, אַ וויזע. אויב מיר ווילן פאַרקויפן די פּראָדוקטן פון אונזער אַרבעט, מוזן מיר קריגן פון זיי אַ פּאַטענט און זיי צאָהלן שטייער. ווען זיי קאָנען, וואָלטן זיי אַרויפגעלייגט אַ שטייער אויף אָטעמען. אויב די באַנדיטן פון רוסלאַנד און די באַנדיטן פון יאַפּאַן צעקריגן זיך, מוזן אונזערע זיהן און ברידער גיין פאַרגיסן בלוט. דאָס איז דער סיסטעם וואָס מיר ווילן צעשטערן. און מיר וועלן נישט רוען ביז אַלע די רוצחים און פּרעטענסיעס־נעמער וועלן ליגן אין די קברים, אָדער פוילן אין די מיסטן. איז דאָס קלאָר אָדער נישט?

— יאָ, קלאָר. אָבער וואָס וועט זיין דערנאָך? ס'זענען שוין געווען רעוואָלוציעס. אין פראַנקרייך האָבן זיי געקעפּט דעם קייסער און די קייסערינע. דערנאָך האָבן זיי גענומען קעפּן איינער דעם אַנדערן. ווי האָט מען זיי גערופן, האָ? די יאַקאָבינער.

— יאָ, אמת. אָבער עפּעס האָבן זיי אויפגעטאָן. אַמווייניגסטנס האָבן זיי דערהרג'עט אַ פּאָר טויזענט פּיאַוקעס. אויב מ'קאָן נישט אויסברענען די מכּה מיט אַמאָל, מוז מען זי אויסברענען ביסלעכווייז.

— ס'וואַקסן אויס נייע מכּה'ס.

— זיי וועלן וואַקסן און מיר וועלן ברענען. כ'האָב אַמאָל באַקומען אַ צימער און ס'זענען דאָרט געווען וואַנצן. די באַלעבאָסטע וואָס האָט עס מיר פאַרדינגען האָט געזאָגט: אַ שאָד דיין מי. וואַנצן וועסט דו קיינמאָל נישט אויסראָטן. אָבער איך בין געווען אַנטשלאָסן. כ'בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ ליכט און אויסגעברענט אַלע לעכער. יעדן טאָג האָב איך געגאָסן זידענדיג וואַסער. כ'האָב געשפּריצט אויף זיי סם אויך. אַ טאָג איז געקומען און ס'איז מער נישט געווען קיין איין וואַנץ. כ'בין געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט און קיינער האָט מער נישט געשטאָכן.

— ביי מענטשן איז אַנדערש. דער וואָס ברענט און שפּריצט ווערט אַליין אַ וואַנץ — האָט מאַקס געזאָגט, געפּלעפט פון די אייגענע ווערטער.

אידאַ האָט געטאָן אַ קוק אויף אים. מאַקס'ן האָט זיך געדוכט אַז דער קאָליר אין אירע אויגן האָט זיך געביטן. זי האָט געטאָן אַ ציה פון פּאַפּיראָס און אַ שלוק פון דער קאַווע.

— אַזאַ ווי איר וואָלט געהאַרפט זיין מיט אונז, נישט מיט די אויסנוצערס.

— כ'בין שוין געווען מיט אַלעמען.

— וואָס איז אייער ציל, האָ?

— זיך אַ שפּיל טאָן און גיין שלאָפן.

— דאָס וועלן מיר אַלע טאָן. אָבער אינצווישן מוזן מיר פאַר עפּעס קעמפן. אויב נישט, זענען מיר וואַנצן אויף אַן אמת.

— וואָס איז דאָס אַזוי שלעכט צו זיין אַ וואַנץ? — האָט מאַקס געפרעגט. — אויב זיי זענען גליקליך, זענען זיי גליקליך. דאָס וואָס מיר רופן זיי וואַנצן, אַרט זיי גאָר ווייניג. אפשר רופן זיי אונז וואַנצן?

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן זייגער און צוגערופן דעם קעלנער. ער און אידאַ האָבן געזאָלט צופאָרן אויף דער רימאַרסקע גאַס צו דעם געוועלב וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן אָפּגעדונגען. מאיר סמעטענע און זיינע לייט האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַריינצולייגן געלט אין דעם שותפות מיט די אַנאַרכיסטן. אָבער מאַקס האָט שוין געהאַט געגעבן איינעם וואָס האָט זיך גערופן בראָנעק דריי הונדערט רובל. עלעהיי כ'בין אין מאַרדעל־פּלאַטאַ און שפּיל רולעטע, האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַר זיך אַליין. מאַקס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ ביכעלע און געהאַלטן אין איין מאַכן חשבונות. ער האָט אויסגעגעבן געלט, אָבער ס'זענען אָנגעוואַקסן נייע געלטער. די פאַבריק פון דאַמען־טאַשן האָט לעצטענס אָנגעהויבן ברענגען פּראָפיטן. ער האָט געשפּילט אויף דער בערזע אין בוענאָס איירעס, אין ניו־יאָרק, אין לאָנדאָן און באַקומען דיווידענדן. ער האָט געקראָגן פּראָצענטער ביי בערטאַ'ן. אפילו דאָס אידישע טעאַטער וואָס לעווינזאָהן האָט אַזוי שלעכט געפירט, האָט הייאָר געבראַכט ריווח. די צייט פון שפּאָרן און ציטערן איבער יעדן גראָשן איז געווען אַריבער. ער, מאַקס, מוז אָנהויבן אויסגעבן געלט, אויב נישט — וועלן אַנדערע עס צעטרענצלען.

דער קעלנער איז צוגעקומען און מאַקס האָט באַצאָלט דעם חשבון. ער האָט אים איבערגעלאָזט צען קאָפּיקעס בירגעלט און יענער האָט זיך פאַרבויגט און געדאַנקט. מאַקס האָט נישט געגלויבט אַז עפּעס וועט אַרויסקומען פון דעם חלום צו באַרויבן די באַנק, אָבער ס'איז געווען אינטערעסאַנט צו פאַרברענגען מיט דער דאָזיגער נקבה וואָס האָט זיך איינגערעדט אַז מיט אַ פּאָר באָמבעס קען מען פאַרבעסערן די וועלט, איבעראַנדערשן דעם מענטשליכן כאַראַקטער.

אַ דראָשקע איז צוגעפאָהרן און ביידע זענען איינגעזעסן. אידאַ האָט געהייסן פאָהרן צו דער סענאַטאָרער גאַס. נאָך לאָנדאָן און בערלין איז וואַרשע פאָרגעקומען מאַקס'ן אַ קליין שטעטל. ער איז כסדר געפאָרן איבער די אייגענע גאַסן. ער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און געטראַכט אַ טראַכטעניש אַזאַ וואָס האָט נישט קיין ווערטער. די דאָזיגע אידאַ, אָדער ווער זי זאָל נישט זיין, איז נישט עפּעס אַ דינסט־מיידעל וואָס מ'קען זי האַלב־פאַרפירן, האַלב־פאַרגוואַלדיגן, אָדער זי אונטערקויפן מיט אַ שמאַכטע. אַזאַ איינער מוז מען געפעלן אויף אַן אמת. זי האָט אויפגערודערט אין אים געדאַנקען. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צוצושטעלן זיין קני צו איר קני, אָבער ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן. ער האָט געוואָלט אָננעמען איר האַנט, נאָר ער האָט זיך געצוימט. ער האָט געזאָגט:

— אין פאַרגלייך מיט בוינעס־איירעס, איז דאָ דער זומער מילד. ביי אונז אַז ס'ווערט אַ היץ קאָן מען נישט אָטעמען. ווידער אין ווינטער ווערט מען געפרוירן. די הייזער האָבן נישט קיין אויוונס צום הייצן. בלויז אַן אויוון צום קאָכן.

— הייִנטיגן ווינטער האָט אויסגעפעהלט קוילן — האָט אידאַ געזאָגט. — די פאַבריקן פאַרנוצן אַלץ מעהר און מעהר קוילן. די באַהנען אויך. די אָרימעלייט זיצן אין דער קעלט.

— איר שטאַמט פון אָרימעלייט?

אידאַ האָט זיך אַ ווייל געצעגערט.

— מיינע עלטערן זענען רייך.

— זיי לעבן?

— מיין מוטער לעבט.

— אין חומש שטעהט, אַז ס'וועלן אַלעמאָל זיין אָרימעלייט.

— ווער האָט געשריבן דאָס חומש? מסתמא אַ רייכער.

— משה רבינו איז נישט געווען רייך.

— אַ, די אַלע ספרים און די אַלע נעמען זענען הוילע לעגענדעס — האָט אידאַ געזאָגט.

— ס'איז אפשר קיינמאָל נישט געווען קיין משה און קיין יעזוס אויך נישט. כ'קוק טיילמאָל אַריין אין דער ביבל, אין אַלטן טעסטאַמענט און אין נייעם אויך. זיי זענען פול מיט ווידערשפּרוכן. אויף איין בלאַט איז געשריבן, אַז מ'טאָר נישט הרג'ענען, און אַ פּאָר בלעטער ווייטער לייענט מען, אַז ווען די אידן וועלן איינעמען אַ שטאָט, זאָלן זיי אַלעמען אויסהרג'ענען, אפילו די קליינע קינדער. יעזוס זאָל האָבן געפּרעדיגט ליבע, אָבער מ'האָט אין זיין נאָמען געברענט מענטשען אויף די שייטערס. די פּויפּסטן האָבן געפיהרט מלחמה'ס. אין 1870 האָבן דייטשע קאַטאָליקן געשאָסן פראַנצויזישע קאַטאָליקן און דער פּויפּסט האָט זיך גע'צלמ'ט אין געפּרעדיגט מ'זאָל געבן די צווייטע באַק.

— זענען שוין אייערע אַמאָל געווען ביי דער מאַכט?

— ניין, קיינמאָל נישט.

— וואַרט ביז זיי וועלן קריגן מאַכט.

די דראָשקע איז געהאַט צוגעפאָרן צום עק טעאַטער־פּלאַץ און סענאַטאָרער גאַס. אידאַ האָט געהייסן אָפּשטעלן. מאַקס האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע, אַרויסגענומען אַ פופציגער, באַצאָלט דעם פורמאַן. יענער האָט געפּרוּווט געבן אַ רעשט און מאַקס האָט געזאָגט:

— פאַר ביר.

זיי זענען נישט געגאַנגען צוזאַמען, נאָר באַזונדער, לויט די כללים פון קאָנספּיראַציע. אידאַ איז געגאַנגען מיט דער ביעלאַנסקע, דער טלאָמאַצקע, מיט'ן פּושעיאַזד. זי האָט געזאָלט מאַכען, ווי זי האָט געזאָגט, אַ לאַנגע הקפה. מאַקס האָט זיך געלאָזט געהן גלייך מיט דער סענאַטאָרן גאַס צו דער רימאַרסקע. אידאַ האָט אים דערלאַנגט די האַנט, געטאָן אַ דריק. ס'איז אַלץ געווען אָפּצונאַרען די פּאָליציי אין פאַל עמיץ האָט זיי נאָכגעשפּירט. מאַקס האָט זיך געלאָזט געהן מיט פּאַמעליכע טריט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי שויפענסטער. ער האָט נישט געהאַט קיין הויכע מיינונג וועגן מענטשליכען מין. ווען ער האָט געלייענט די צייטונגען, איז ער אַלעמאָל געקומען צום באַשלוס, אַז דער מין מענטש איז אַן אידיאָט. אָבער די דאָזיגע אידיאָטן האָבן געבויט הייזער, טראַמווייען, באַנען, טעלעפאָנען, שיפן. די בלעטער האָבן באַשריבן אַ שיף וואָס מ'האַלט איצט אין בויען אין ענגלאַנד און וואָס האָט געזאָלט הייסן „טיטאַניק". זי האָט געזאָלט זיין ווי אַ ריזיגער האָטעל מיט געשעפטן, רעסטאָראַנען, באַרען, אַ טעאַטער, אַ קאַבאַרעט. מאַקס איז איצט געשטאַנען און געגאַפט אויף שפּאַקטיוון, לאָרנעטעס, קאָמפּאַסן, באַראָמעטערס, אַנדערע אינסטרומענטן וואָס ער האָט נישט געוואוסט ווי זיי הייסן און צו וואָס זיי נוצן. ער איז אַריבער צו אַ צווייט שויפענסטער. ס'זענען דאָרט געלעגן ביכער אין פּויליש, אין רוסיש, אין פראַנצויזיש, אין ענגליש: ווערק וועגן מאַטעמאַטיק, פיזיק, כעמיע, אַסטראָנאָמיע. ווער מאַכט דאָס אַלץ? ווער שרייבט דאָס אַלץ? ווער קאָן דאָס אַלץ לייענען? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ נס וואָס מ'האָט אים געשיקט אין חדר און ער האָט זיך אויסגעלערנט לייענען אידישע אותיות און שפּעטער אַביסעל פּויליש און רוסיש. אויב נישט וואָלט ער פאַרבליבן ווי פּלאַראַ — ווי רופן זיי דאָס? — אַן אַנאַלפאַבעטין. ער וואָלט נישט געוואוסט וואָס ער איז, ווען ער וואָלט נישט געקאָנט לייענען. ער וואָלט אפילו נישט געוואוסט די נעמען פון די גאַסן וואו ער שפּאַצירט. פּלאַראַ איז געבענטשט מיט אַ זכרון און מיט אַ געלענק צו פּלאַפּלען אין אַלערליי שפּראַכן.

ער איז צוגעקומען צו דעם ביכער־געוועלב וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן איינגעאָרדענט. ווי אויסטערליש, נאָר אַ מיליטער־מאַן איז דאָ געשטאַנען און אַריינגעקוקט אין שויפענסטער. אַ ווייל האָט מאַקס געוואָלט פאַרבייגעהן און אָפּוואַרטן ביז יענער וועט אַוועק. אָבער ער האָט באַנומען אַז ס'איז נאַריש. אויב די פּאָליציי אָדער די אָכראַנע וואָלט געהאַט דעם מינדסטן פאַרדאַכט, וואָלטן זיי נישט געשיקט אַהער קיין מיליטער־לייט אין אוניפאָרמען, נאָר געהיים־אַגענטן. ער האָט געעפנט די טיר און איז אַריין. ס'איז דאָ נישט געווען קיין איינציגער קונה. מ'האָט אים שוין דאָ געקאַנט און די צוויי מיידלעך, די פאַרקויפערינס, האָבן געשאָקעלט צו אים מיט די קעפּ. איינע איז געווען אַ קליינע מיט צוויי צעפּ, די אַנדערע — אַ הויכע, מיט אַ פּנים פון אַ מאַנסביל. זי האָט אפילו געהאַט אַ וואָנסעלע אויף דער אויבערשטער ליפּ. מ'האָט געדאַרפט זיין אַ נביא צו וויסן אַז דאָס

(שלוס אויף זייט 2)

# די געסט

(שלוס פון זייט 3)

זענען נישט קיין פארקיפעריגס, נאר אנארכיסטינס וואס האבען זיך פארנומען אראפצוזעצן דעם קייסער, אפצושאפען געלט, אויסצראטען די ארמייען, די פאליציי, די גבירים, די אריסטאקראטען. ס'זענען געווען, ווייזט־אויס, צווישען די אנארכיסטען אליין פארשידענע מיינונגען. דער בראנעק, דער אינזשעניער, וואס מאקס האט אים געגעבען די דריי הונדערט רובל, האט געזאגט אז נאך דעם זיג פון די אנארכיסטען וועלען נישט זיין קיין רעליגיעס, קיין פעלקער, קיין אידען, קיין גוים — בלויז איין פאראייניגטע מענטשהייט. אידא האט געזאגט, אז אין א פרייער געזעלשאפט וועלען מענטשען קאנען געהערען צו פארשידענע גרופען און אפילו אפהיטען רעליגיע. זי האט עס אויסגעדריקט מיט די ווערטער: די איבערצייגונג פון א מענטש איז זיין אייגענטום. ווי מאדנע, נאר אין א בראשור, וואס א דריטער אנארכיסט האט מאקס'ן געגעבען צו לייענען איז געשטאנען מיט גרויסע אותיות: אייגענטום איז גנבה.

נו, ווי באלד ס'איז א צעמישעניש ביי אלעמען, פארוואס זאל זיין ביי זיי אנדערש? — האט מאקס געטראכט. ער האט געוואוסט פון לייענען די אמעריקאנער אידישע צייטונגען, אז צווישען די סאציאליסטען איז נישטא קיין אחדות. אויף די קאנפערענצען זייערע אין דער שווייץ און אין לאנדאן האט מען זיך אזוי ארומגעקריגט, אז ס'איז דערגאנגען צו קלעפ. טייל זענען געווען פאר טעראר און אנדערע געגען; טייל האבען געגלויבט אין די רוסישע פויערים, האבען זיך פארלאזט בלויז אויף די ארבעטער. ס'זענען אפילו געווען צווישען זיי אזעלכע וואס האבען באגריסט פאגראמען אויף אידען. קיין בוענאס איירעס זענען אפט געקומען אנארכיסטען פון שפאניע — סינדיקאליסטען — און זיי האבען זיך ארומגעריסען צווישען זיך. מאקס האט נישט גערעדט צו די מיידלעך הינטער'ן לאנגען טיש. ער האט זיך אוועקגעשטעלט ביי די ביכער־פאכען און געבלעטערט אין די ביכער. די מערסטע זענען געווען ראמאנען. ער האט געפונען א שער־בלאט און געזעהען דאס בילד פון טאלסטאי, דער רוסישער גראף, וואס האט זיך אנגעטאן ווי א פויער און פארלאנגט די פריצים זאלען צעטיילען די ערד צווישען די מוזשיקעס.

(פארזעצונג — מארגען)

# בארימטע מענשען און עפיזאדע אין דער אידישער געשיכטע

(שלוס פון בינטעל בריף)

האב צו רעדען מיט דיר וועגען זעהר א וויכטיגער זאך, אבער איך דארף פריער זיין זיכער אז איך קאן זיך אויף דיר פארלאזען".

„מיין הארינטע קאן זיך אויף מיר פארלאזען! — האט ער געזאגט — אלץ וואס מיין הארינטע וועט מיר אנפארטרויען וועט בלייבען פארזיגעלט אין מיין הארצען".

האסטו געהערט די געשיכטע פון דעם קעניג אחשירות, קעניגין אסתר, המן און מרדכי? — האט סאלאמע אים געפרעגט.

„יא, איך האב געהערט די געשיכטע" — זאגט דער טראנקמייסטער.

„אויב אזוי, ווייסטו דאך אז מרדכי איז שטארק באליבט געווארען פון קעניג אחשורות צוליב דעם וואס ער האט געראטעוועט זיין לעבען".

דאס געדענק איך ניט! — ענטפערט ער.

„קום אהער מארגען און איך וועל פאר דיר דערצעהלען די גאנצע געשיכטע" — האט סאלאמע זיך צו אים אנגערופען.

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון **יצחק באַשעוויס**

פאַרזעצונג

נו, ס'איז אַ וועלט מיט וועלטלעד, האָט מאַקס צו זיך גערעדט. ער האָט אָפט באַדויערט וואָס ער האָט נישט געקראָגען קיין בילדונג, נישט געלערנט קיין שפּראַכן. ווי באַלד ס'זענען דאָ אַזויפיל ביכער, דאַרף מען וויסן וואָס ס'איז דאָרט געשריבען, אַפילו ווען נישט אַלץ איז אמת...

די טיר האָט זיך געעפנט און אידאַ איז אַריינגעקומען. איידער זי האָט פאַרמאַכט די טיר, האָט זי געכאַפּט אַ בליק אויף צוריק. זי האָט געשמייכלט צו די מיידלעד און זיי האָבן צו איר צוריקגעשמייכלט. זי האָט געפרעגט:

— בראָנעק האָט נישט געקלונגען?

— קיינער האָט נישט געקלונגען.

— איר האָט עפּעס פאַרקויפט?

— פאַר זיבען רובעל מיט 15 קאָפּיקעס — האָט געזאָגט די הויכע מויד מיט'ן שוואַרצען שויבער האָר און מיט'ן מאַנסבילשען פּנים. איר קול איז אויך געווען אַ מאַנסבילש. זאָל דאָס זיין אַן איבערגעטוענער מאַנסביל? ניין, זי האָט געהאַט גרויסע בריסטען און ברייטע היפטן. גלאַט אפשר אַ טומטום...

אידאַ האָט געטאָן אַ וואונק צו מאַקס'ן און ער איז אַריין מיט איר אין אַ הינטער־שטוב. דאָרט האָט זיך געפונען דער קעלער, וואָס פון אים האָט מען געזאָלט גראָבען דעם טונעל. די אַנאַרכיסטען האָבען שוין געהאַט באַצייטענס צוגעגרייט זעק אָוועקצונעמען די ערד, רידלען צום גראָבען און גרויסע באַטעריע לעמפּלעך צו באַלייכטען די פינסטערניש. נו, אָבער וואוהין וועט מען פירן די אויסגעגראָבענע ערד און אויף וואָס? ווי אַזוי קאָן מען גאַראַנטירען, אַז ערד און שטיינער זאָלען נישט פאַלען אויף די קעפּ פון די גרעבער און זיי פאַרשיטען? וואָס וועט מען טאָן אויב ס'זאָל אַנפליסען וואַסער? ווי אַזוי דאַרף מען האַנדלען, אויב מ'וועט זיך אָנשטויסען אויף וואַסער־רערען, גאַז־רערען, עלעקטרישע קאַבעלן, טעלעפאָן־דראָטען, אָדער קאַנאַליזאַציע־איינריכטונג? בראָנעק, וואָס מאַקס האָט מיט אים געהאַט אַ לענגערן שמועס, האָט געהאַט מאַקס'ן פאַרזיכערט, אַז ער גרייט צו אַ קלאָרן פּלאַן. ער האָט געהאַט געענדיגט דעם פּאָליטעכניקום אויף אינזשיניער. עס זענען פאַראַן אין דער באַוועגונג אַזוינע, וואָס האָבען געוואוסט ווי אַזוי מ'גראָבט אַ טונעל. אָבער צו וואָס האָבען זיי געדאַרפט די הילף פון אַזוינע ווי מאיר סמעטענע, דער בלינדער איטשע און אים, מאַקס? מאַקס האָט דאָס נישט געוואָלט אַרויסברענגען אין ווערטער, אָבער די גאַנצע זאַך האָט געקאָנט זיין אַ אַ פּראָוואָקאַציע פון דער אָכראַנע, אָדער די אָכראַנע האָט געקאָנט האָבען פאַרבינדונגען מיט אַ פּראָוואָקאַטאָר. ער איז איצט אַראָפּ מיט אידאַ'ן אין קעלער גלאַט אַזוי — אָנצוטאַפּען די ווענט, די ערד אונטער די פיס. ער האָט זיך אָפּגעגעבען אַ חשבון און אַז אונטער דער ערד איז נישט לייכט צו גראָבען אין אַ געוויסער ריכטונג. דער קלענסטער טעות קאָן פאַרפירען ווייט אַוועק פון ציל. די גאַנצע זאַך איז אַן אַוואַנטורע וואָס קאָן ברענגען צו דער תליה. אָבער ס'איז פונדעסטוועגען געווען אויסטערליש גוט צו שטיין דאָ מיט דער דאָזיגער מויד וואָס וויל אויסלייזען די וועלט. ער האָט אַ זאָג געטאָן צו אידאַ'ן:

— אויב מיר וועלען געפינען גאָלד אין שטאָבען, ווי אַזוי וועט מען עס אַריבערטראָגען און וואוהין? און ווער וועט זיין דער טיילער? און ווי אַזוי קאָן מען פאַרטיילען אַזאַ אוצר גלייך אויף גלייך?

— מיר מאַכען פּלענער.

— ווען ווילט איר אָנהייבען דאָס גראָבען?

— דאָס וועט באַשטימען בראָנעק.

— וואָס געוויי דאַרפען מיר טאָן, די אייגפאַכע מענטשען?

— איר'ט העלפען גראָבען און ברעכען די קאַסעס. מ'וועט דאַרפען בוכשטעבליך דורכברעכען שטיינערנע ווענט. אַזאַ אַרבעט מאַכט מיד. מיר דאַרפען געזונטע פאַרשוינען. אין פאַל די ווערסטער זאָלען אַנטלויפען, וועט מען זיי מוזען אויפקלייגען.

די ווערטער האָבען אַרויסגערופען אין מאַקס'ן אַ שוידער. ער האָט קיינמאָל נישט גע'הרג'עט. די לייט וואָס מיט זיי האָט ער געהאַט צו טאָן זענען נישט קיין מערדער. ער האָט געוואָלט פרעגען דער דאָזיגער וועלט־אויסלייזערין: וואָס זענען די וועכטער שולדיג? היטען די באַנק איז זייער פּרנסה. אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזען אין וויכּוחים — נישט דאָ אין דעם קעלער וואו ס'האָט געשמעקט מיט דער פאַרדומפּעניקייט פון ערד און פון נאָך עפּעס האַרבס און קאַלטס. ער האָט זיך דערמאָנט אן קבר. נו, ס'וועט נישט קומען דערצו — האָט ער געטראַכט. — ס'זענען אַלץ פּוסטע פאַנטאַזיעס... אידאַ האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס. ווי וואויל די טיר פון קעלער איז געווען אָפען, איז דאָ געווען כמעט פינסטער. ווען זי האָט אָנגעצונדען אַ שוועבעלע, איז איר פּנים געוואָרען באַלויכטען אויף אַ ווייל און מאַקס האָט געהאַט דאָס אויסטערלישע געפיהל אַז ער האָט שוין דאָס אַלץ געהאַט אַמאָל דורכגעלעבט — נישט אויף דער וואָך, נאָר אין אַ חלום, אַ פּחד איז אים באַפאַלען. אַזוי ווי ער שטעהט דאָ מיט איר קאָנען אָנקומען זשאַנדאַרמען און אים אָוועקשלעפּען אַהין פון וואַנען מ'קומט מער קיינמאָל נישט צוריק. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— קומט לאָמיר אַרויס פון דאַנען.

— איר שרעקט זיך שוין איצט? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, אָבער ס'איז דאָ שווער צו אָטעמען.

— מיר האָבען נאָך איבערצורעדען אַ סך זאַכען — האָט זי געזאָגט. ס'איז געווען אין איר קול און אין איר טאָן אַ סאָרט באַפעלערישקייט. אַשטייגער ווי ער וואָלט שוין געווען אין אירע הענט. איכ'ל אוועק פון וואַרשע באַלד מאָרגען — האָט ער באַשלאָסען. ער האָט געוואוסט אין דער רגע, אַז ער איז אַריין אין אַ פּאַסטקע. ער האָט גענומען אין געדאַנק בעטען גאָט: פאַטער אין הימעל, ראַטעווע מיך פון זיי!... ער האָט געטאָן דאָס וואָס זיינע פרומע עלטערן האָבען געטאָן ווען זיי זענען אַריין אין אַ קלעם: מנדר געווען געלט אויף צדקה...

ווען מאַקס איז אַרויס פון קעלער און איז אַריין מיט אידאַ'ן צוריק אין געוועלב, האָט אים אָפּגעלאָזט די מורא. ער האָט זיך אַפילו פאַרשעהמט פאַר זיין פּחדנות. די נאַכט האָט אָנגעהויבען צופאַלען. אינדרויסען זענען געפאָרען די דראָשקעס און ס'האָבען געגרישט די פאַרבייגעהער. די מיידלעך האָבען אויסגעגלייכט די ביכער אין די פאַכען, זיך געגרייט צו פאַרשליסען דאָס געוועלב. אידאַ איז, זעהט־אויס, געווען ביי דער חברה אַ סאָרט פירערין, אָדער עלטסטע. די פאַרקויפערינס האָבען איר אָפּגעגעבען חשבון. זי האָט זיי געגעבען באַפעהלען. זיי האָבען מאָרגען זיך געזאָלט פאַרבינדען מיט אַ פאַרלעגער, וואָס האָט צוגעזאָגט צו שיקען ביכער אויף באָרג. זי האָט גענומען ביי זיי דאָס געלייזטע געלט און אַריינגעלייגט אין טאַש. זי האָט גערעדט צו זיי אויף פּויליש און דאָס גוי'אישע לשון האָט געקלונגען אין איר מויל פליסיג און נאַטירליך. זי האָט זיך, אַפּנים, אויפגעצויגען אין דער דאָזיגער שפּראַך. זי האָט מאַקס'ן געהייסען אַרויסגעהן פריער און זי טרעפען אַביסעל שפּעטער אויפ'ן טעאַטער־פּלאַץ ביי דער אָפּערע. ער איז אַרויס אינדרויסען און ס'איז אים אייגעפאַלען: אפשר זי לאָזען שוויצען?

ואפשר נעמען אַ באַן שוין היינט באַנאַכט און אָוועקפאָרען קיין בערלין אָדער קיין ווין? ער האָט געקאָנט אויסקומען אָהן שאַשע'ן, אָהן די אַנדערע מיידלעך וואָס ער האָט געזאָלט אַריבערברענגען קיין בוענאָס־איירעס. ער האָט פאַקטיש געהאַט דערגרייכט אַ שטופע, אַז ער האָט געקאָנט לעבען פאַר דעם געלט, וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט. ער האָט נישט געהאַט קיין שום סיבה זיך אַריינצולאָזען מיט אַנאַרכיסטען, אָדער מיט טעאַטער־לייט. עפּעס בין איך געוואָרען אומפּראַקטיש. כ'האָב מיך אַריינגעלאָזט אין פּוסטע חלומות און דער שוואַרץ יאָר ווייסט וואָס, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין. ער איז געגאַנגען און דער עולם אויפ'ן טראָטואַר האָט אים געשטופּט און געשטויסען. דער טעאַטער־פּלאַץ איז געווען פול מיט דראָשקעס, קאַטשען. אין בוענאָס־איירעס האָבען די טעאַטערן זעלטען געשפּילט אין זומער. אָבער דאָ האָט מען, זעהט־אויס, געשפּילט אַ גאַנץ יאָר. מענטשען איז נחתנע, האָט מאַקס געטראַכט. — מ'געהט־אויס פון לאַנגווייל און מ'וויל זיך פאַרגעסען. אים אַליין האָט געטריבען דער לאַנגווייל. ער האָט געקאָנט איצט זיין אין בוענאָס־איירעס, ביי זיך אין היים. ער האָט נישט געדאַרפט דורכמאַכען די לאַנגע נסיעה מיט דער שיף קיין לאָנדאָן, שפּעטער דורכפאָרען דעם שטורעמדיגען קאַנאַל און דערנאָך זיך שלעפּען מיט באַנען קיין פּאַריז, קיין בערלין, קיין וואַרשע. ער האָט דאָס אַלץ געטאָן דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געקאָנט איינזיצען אויף אַן אָרט. אַזוי ווי ער האָט געפּלאַנט אַלץ איבערצולאָזען און צו אַנטלויפען, איז ער צוגעגאַנגען צו דעם אַריינגאַנג אין דער אָפּערע. ס'איז אוודאי דאָ פאַרגעקומען אַ גאַלאַ־פאַרשטעלונג. מענשען זענען אַרויסגעגאַנגען פון קאַרעטעס — אין צילינדערס, און פראַקען, מיט ווייסע הענטשקעס. דאַמען האָבען געטראָגען באַל־קליידער. ס'האָבען זיך געזעהן מיליטער־לייט מיט שליפעס, עפּאָלעטען. מאַקס האָט געהערט רעדען פּויליש, רוסיש, פראַנצויזיש. צווישען אַזוינע ווי מאיר סמעטענע און סרולקע גאַנער איז ער, מאַקס, אַ וועלט־מענטש. אָבער דאָ, צווישען די דאָזיגע פאַרנעמע לייט, האָט ער זיך דערפיהלט נישטיג. ער האָט נישט געקאָנט קיין שום אַנדערע שפּראַך ווי זיין ביסעל אידיש. קיינער האָט נישט דערקאָנט אויף אים, אַז ער איז רייך און שטעהט־איין אין האָטעל בריסטאָל. ער האָט געהאַט באַמערקט אַז די באַדינער אין האָטעל לאַכען אויס אים און זיין פאַרגרייזטען פּויליש. מ'האָט אָפט זיך איבערגעוואונדערט ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם פּאָדער־זאַל. מ'האָט חוזק געמאַכט אויס פלאָראַ'ן, אירע בריליאַנטען, אירע שטרויספעדערען.

מאַקס האָט זיך דערמאָנט אידאַ'ס רייד וועגען די סאַטראַפּען, די פּיראַטען, די מערדער וואָס זענען די באַלעבאַטים פון דער וועלט און ווען זיי וואָלטען געקאָנט, וואָלטען זיי אַפילו אַרויפגעלייגט אַ שטייער אויף אָטעמען. זי איז דען נישט גערעכט? — האָט ער איצט געטראַכט. — ווער ס'געהערט נישט צו זייער קליקע, איז ביי זיי ווייניגער ווי גאָרנישט. אַ געפאַלענקייט האָט מאַקס'ן אַנגענומען. מאיר סמעטענע, דער בלינדער איטשע, סרולקע גאַנער זענען קלוג. זיי געהען נישט ווייטער פון דער קראָכמאַלנע. זיי ווייסען וואו זיי געהערן. ער, מאַקס, האָט זיך געפרואווט אַרויסרייסען פון דעם קליינעם שטעטל, דעם דלות, דעם שמוץ און דערפאַר קאָן ער זיך קיין אָרט נישט געפינען, נישט אין בוענאָס־איירעס, נישט דאָ אין וואַרשע. ס'איז אים איצט געווען דערווידער דאָס שטעהן דאָ און וואַרטען. ער האָט געזוכט אידאַ'ן צווישען דעם המון מיט דער גיריגקייט פון אַ בחור'ל, וואָס געהט צום ערשטען מאָל באַגעגענען אַ מיידעל. וואו איז איצט פלאָראַ? — האָט ער זיך געפרעגט. אפשר ווידער געגאַנגען טרעפען דעם אַקטיאָרטשיק, דעם פּיוועלע שעפּסטער. כ'טאָר דאָס נישט צולאָזען! נישט אַנדערש, נאָר כ'בין פון זינען אַראָפּ. אויב זי'ט עס אָפּטאָן, וועל איך זי דערהרג'ענען! — האָט ער ביי זיך אָפּגעפּאַסט, דערשטוינט ווי פּלוצים זיין לויינע האָט זיך געביטען. כ'בין אָהן כאַראַקטער אינגאַנצען אַ שמאַטע! — האָט ער זיך פאַרגעוואָרפען. ער האָט דערזעהן אידאַ'ן. זי האָט זיך דערנעהנטערט צו אים מיט פאַמעליכע טריט און מיט דער זיכערקייט פון יענע, וואָס ווייסען אַז מ'וואַרט אויף זיי. די טונקעלע אויגען אירע האָבען געקוקט סיי אויף אים און סיי עפּעס איבער אים. זי האָט געזאָגט:

— אַנטשולדיגט וואָס כ'האָב אייך געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטען. כ'האָב געהאַט עפּעס צו ערלעדיגען מיט די מיידלעך.

— ס'מאַכט נישט אויס.

— וואו ווילט איר געהן?

— האָט זי געפרעגט מיט אַ טאָן פון אַ פרוי, וואָס ווייסט ביי זיך, אַז מ'קאָן זי נישט חושד זיין אין קיין שום שלעכטס און זי קאָן דעריבער רעדען צו אַ מאַנסביל זאַכליך און קלאָר. מאַקס האָט זיך עפּעס ווי פאַרלוירען.

— איך ווייס נישט. אויב איר — —

— קומט ערגיץ וואו מיר קאָנען פאַרברענגען עטליכע שעה. אפשר צו מיר.

— אייער דירה איז כשר? — האָט מאַקס געפרעגט אַליין פאַר'חידוש'ט פון וואַנען ער געדענקט דעם אויסדרוק, וואָס ס'האָבען באַנוצט די חברים, די סאָציאַליסטען. יענע וואָס האָבען געהיטען קאָנספּיראַציע.

— געוויס. איך וואוין ביי מיינ'ס אַ מומע. זיי זענען בירגערליכע מענטשען, רייכע לייט. זי און איר מאַן זענען אין קאַרלסבאַד און איך האָב די גאַנצע וואוינונג.

— גוט. וואו איז עס?

— אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע. נעבען דער האָזשע. מיר'ן נעמען אַ דראָשקע.

ער איז געגאַנגען מיט איר און ביידע האָבען געזוכט אַ דראָשקע. זיי האָבען געמוזט אַריבערשפּאַנען די ברייט פון טעאַטער־פּלאַץ און פון אַלע זייטען זענען אָנגעפאָרען אויף זיי קאַטשען, דראָשקעס, גומקעס. די זומער־נאַכט האָט געשמעקט סיי מיט פערד־מיסט און סיי מיט פרישע ווינטלעך, וואָס האָבען אָנגעבלאָזען פון זאַקסישען גאָרטען, פון מאָקאָטאָוו אָדער פון דער ווייסעל. מאַקס האָט געפרעגט:

— ס'איז דאָ ביי אייער מאַמע'ן אַ טעלעפאָן?

— געוויס.

— כ'דאַרף עמיצען אָנקלינגען. מיין פרוי —

— איר'ט אָנקלינגען ווען איר ווילט.

(פאַרזעצונג — פרייטאָג)

# די געסט

(שלוס פון זייט 3)

ישויך וואס כ'וויל אים מער נישט קענען.

— א געליבטער?

— געוועזן.

ער'ט אויפברעכן די טיר.

— ניין.

מאקס האט זי ארומגענומען און זי האט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאנד. יענער הינטער דער טיר האט געטאן נאך איין מעכטיגן טראסק און ס'האבן זיך דערהערט צוגע־דושעטע געשרייען, זידלערייען, קללה'ס. ער האט נאך עטליכע מאל געקלאפט און ס'איז געווארן שטיל. אידא האט א שמייכל געטאן:

— ער'ט אוודאי געזעהן דאס ליכט פון פענסטער.

— ווער איז ער?

— ער וואוינט אקעגנאיבער.

א שיכור און א מאנאד.

זי האט געשמייכעלט און געציטערט. מאקס האט זי געקושט. אירע באקען זענען געווען הייס און נאס. ווי וואויל מאקס אליין איז קליינוואוקסיג, האט זי געמוזט צו אים פארייסן דעם קאפ. ער האט זי געקושט אין די ליפען און זי האט אים צוריקגעקושט. זי האט זיך געטאן א ריס:

— די טהע וועט אויסקאכען!

— כ'האב פארלאשען דעם גאז.

עפעס אין מאקס'ן האט אויפגעצאפעלט. ער האט זיך געדאכט דערנענטערט צו א פרוי פון העכערן שטאנד, א רייכע א געלערנטע און דערצו איינע פון יענע וואס ווילען איבערקערן די וועלט.

(ווייטערעס מארגען)

# די געסט

## (נאוועלע)

פון
**יצחק באשעוויס**

(פארזעצונג)

די דראשקע האט זיך אפגעשטעלט און זיי זיינען אייגגעזעסן. איהא האט געהאט געזאגט מאקס'ן, אז איר מחמע'ס וואוינונג איז עק האזשע, אבער זי האט געהייסען חעם גוי פאהרן ביז עק כמיקעלנע — מסתמא צוליב קאנספיראציע. די דראזשקע איז געפארען מיט דער סענאטארעדגאס און מאקס האט ווידער געכאפט א בליק אויף חעם ביכער־געוועלב פון די אנארכיסטען — די טירען פארשלאסען און פארשפארט מיט א שטאנג. עפעס איז מאקס'ן האט געהאכט: א זועלכל פיל מיט אפנארעריי און סודות. די דראזשקע איז אריין אין דער זשאביא, ס'זענען דא געווען וועלכע צוויי טרן אדער מעהר געוועלבען פון ווייבערשע היטען. איידער מאקס איז אוועק קיין ארגענטינע האט ער דא געהאט א געליבטע א היטענפוצערין. די דראזשקע איז פארביי פאר'ן אייזערנעם טויער און ער האט געזעהן די ווינער סאלע און אירע פילארען. אחנטען האבען די פארקויפערינס אפגעראמט די סחורה, און איבען האט מען מסתמא געפראוועט א חתונה. מאקס'ן האט זיך אויסגעדוכט, אז ער האט געהערט שפילען. יעדעס הויז האט אים אין עפעס דערמאנט. פון דער גראניטשנע האט דער פורמאן זיך פארקערעוועט אויף דער קראלעווסקע. דורך די שטאכעטען פון זאקסישען גארטען, אין דעם געדיכטעניש פון בוימער האבען געבליצט פייערלעך. פארליבטע פארלעך האבען אוודאי דארט ארומשפאצירט אין די אלעען, געפירט ליבעס, זיך געשוואוירן טריי־הייט, ארויפגעקוקט צו דער לבנה. איידא האט א פרעג געטאן:

— איר זענט א ווארשעווער, יא?

— ניין, אבער כ'האב דא די צייט אויפגעגעסען.

— איך בין דא קיינמאל ניט געווען זומער. בלויז ווינטער.

— וואו האט איר פארברענגט דעם זומער?

— דא. אין אויסלאנד, אדער אויף דאטשע ערגיץ ביים ניעמאן. אין דרוסקעניק. מיין פאטער —

— יא, א רייך טעכטערל. איך בין קיינמאל ניט געווען אויף דאטשע. ניט דא. ערשט אין ארגענטינע בין איך צום ערשטען מאל געפארען קיין מאר־דעל־פלאטא. כ'ווייס אפילו נישט ווי אטוואצק זעהט אויס.

— נו, אבער איר גלויבט אין דעם סיסטעם. וואס האט ביי אייך אלץ גענומען, גארנישט געגעבען.

— וואס האבען זיי גענומען ביי מיר? כ'האב גארנישט געהאט. מיין טאטע איז געווען אן ארימאן אין זיבען פאלעס.

— מ'האט ביי אייך צוגענומען אייערע מעגליכקייטען צו פראדוציהרען. זיך צו אנטוויקלען און צו קריגען א קלארען קוק אויף דער געזעלשאפט. איר פערזענליך האט זיך ווי ס'איז ארויסגעדרייט מיט אזעלכע אדער אנדערע מיטלען. אין מיינע אויגען זענען אלע מיטלען גוט. אנדערע, מיט ווייניגער ענערגיע, פוילען אין די קעלער־שטובען און שפייען אויס די לונגען.

— ווי לאנג ס'וועלען זיין קעלער־שטובען, וועט עמיץ דארט פוילען.

— ס'וועלען נישט זיין. קעלערן זענען פאר מייז, נישט פאר מענטשען.

ביים עק סמיעלנע איז אידא אפגעשטיגען, אבער זי האט געהייסען דעם פורמאן צופירען מאקס'ן ביז דער האזשע. ער האט געזאלט דארט ווארטען אויף איר. מאקס האט געהאט גרייט אן אנדער פופציגער. ער איז געשטאנען ביים עק האזשע און באטראכט די הייזער אויף דער מארשאלקאווסקע. דארט האבען זיי געוואוינט, די יעניגע וואס האבען באהערשט די וועלט. די באלקאנען פענסטער זענען געווען באהאנגען מיט שווערע גארדינען. טייל הייזער זענען געשטאנען אין גארטען. מ'האט דארט אויפגעצויגען טעכטער, וואס האבען געשפילט פיאנא, געטאנצט מיט אפיצירען, געריטען אויף פערד אין די אויאזדאווער אלעען. ס'האבען נאך דארט געלעבט די רעשטלעך פון פריצ'ישען שטאנד, וואס די מלחמה'ס און די אויפשטאנדען האבען צעריסען. מאקס האט ערגיץ געלייענט אז צווישען די פריצים זענען פאראן אור־אייניקלעך פון דעם פאלשען משיח יעקב פראנק און זיינע תלמידים און אז זיי נעמען זיך צונויף שטילערהייט אין קלויסטערן, לייענען פון עפעס א מגילה און פארווען ארגיעס. זיי האבען אויך אויף זייער שטייגער געפראוועט אויסלייזען דעם מין מענטש. ווער ווייסט? אפשר זענען זיי ביים אמת? ס'האט געגליט אין אים, מאקס'ן, א אינטעלעקטועלע נייגיר צו לערנען, צו וויסען. אריינצוקוקען אין „שליסעללאך פון דער וועלט", ווי עמיץ האט דאס אויסגעדריקט. ער האט פאנטאזירט פאר א ווייל, אז דורך עפעס א טראף נעמט מען אים אריין אין איינעם פון די דאזיגע הייזער און וויליעס, ער פארפירט א ליבע מיט א פריצה, מיט איר טאכטער. מ'האט צו אים צוטרוי, און מ'נעמט אים אריין אין די קעלערן וואו מ'לייענט ביי העלער שיין פון וואקסענע ליכט די פארבלאטענע שריפטען פון יעקב פראנק און מ'בייט זיך מיט ווייבער. ער, מאקס האט נאך רעכט נישט פארזוכט די פארגעניגענס, וואס דאס לעבען קאן שענקען.

א חוץ פלארא'ן האט ער קיינמאל נישט געהאט קיין אנדערע ווי דינסט־מיידלעך, ביי־טארינס, היטען־פוצעריגס, און זונות וואס פארקויפען זיך צו יעדען איינעם פאר א פעזא. די מיחסטע נקבות וואס ער האט פארפירט זענען געווען דערשראקענע בתולה'ס, וואס האבן געצאפעלט אין זיינע הענט ווי מייזלעך און ארויסגערופען ביי אים מער מיטלייד ווי תאווה. ער האט אפט גע'חלומ'ט וועגן פרויען וואס זענען וויליג צו געבען און צו נעמען אלע רייצען פון לייב. אין פאריז האט א פירער פון טוריסטען אים געהאט אוועקגעפירט אין א באָרדעל, וואו זונות זענען ארומגעגאנגען נאקעט. עס האבען זיך איבען געפונען צימערן, וואו מען האט געוויזען אויסגעלאסענע פארשטעלונגען. אבער דאס זענען אלץ געווען מורידען, וואס זייער איינציגער באגער זענען די פאר פראנק, וואס זיי קריגען. עס האט געהויכט פון זיי מיט דער ארימקייט וואס פון איר האט ער, מאקס, נאך אלץ געפראוועט זיך ארויסצורייסען.

אפשר וועט אמאל די דאזיגע אנארכיסטין, אידא, זיך וועלען מיט אים א שפיל־טאן? אבער ער האט געוואוסט, אז יענע וועלכע פלאפלען כסדר וועגן גערעכטיגקייט זיינען קאלטע נשמה'ס. א חוץ דעם איז אידא נישט שיין. זי האט בלויז א מויל וואס געפעלט אים. זי וועט אוודאי פרואוון ביי אים ארויסציען נאך געלט און אים טיפער אריינציען אין דעם ריזיקאלישען עסק. ער האט זי געזען אנקומען און ער איז אריין אין טויער פריער פון איר, ווי זי האט אים אנגעזאגט. די גאנצע קאנספיראציע אירע איז אים פארגעקומען נאריש. אויב א געהיים־אגענט ווארט ביים טויער אדער אקעגענאיבער וועט ער אלץ וויסען; אויב נישט, זענען די אלע שטיק איבעריג.

אין טויער איז קיינער נישט געווען. אויף וויפיל מאקס האט געקענט זען, האט קיינער נישט געלויערט אקעגענאיבער. אידא האט געעפענט די פאראד־טיר מיט א שליסעל און זיי זענען ארויף דריי שטאק מארמארענע טרעפ. זי האט געעפענט די טיר מיט צוויי שליסלען און אים אריינגעלאזט אין א פינסטערן קארידאר. זי האט אנגעצונדען די עלעקטרי. זי האט אים אריינגעפירט אין א סאלאן וואו א פארטעפיאן, א סאפע, שטולען זענען געווען איבערגעצויגן מיט ווייסע ליילעכער. עס האבען דא געהאנגען פארטרעטן פון מאנסלייט מיט געשוירענע בערד און פון ווייבער מיט לאנגע שנורען פערל אויף די הויכע בחזים. עס האט דא געשמעקט מיט נאפטאלין און מאקס'ן האט זיך אפילו אויסגעדוכט, אז מיט אויסשפריצעכץ געגען וואנצעס. די פענסטער זענען געווען פארשטעלט סיי מיט ראלעטען, סיי מיט גארדינען. די טאפעטען האבען אויסגעזען אלט, אפגעריבען. אידא איז ערגיץ אוועק און זיך לאנג געזוימט. ווען זי האט זיך אומגעקערט האט זי אים אויסגעוויזען קלענער. זי האט געהאט אויסגעטאן די שיך מיט די הויכע קלאצעס. זי האט צוליב עפעס געהאט אראפגענומען דעם פלעכט איבער די האר און דערפון האט זיך איר גאנצע געשטאלט פארענדערט. זי האט געזאגט:

— כ'האב צוגעשטעלט טיי. אנטשולדיגט.

און זי איז באלד ווידער ארויס.

מאקס האט גענומען ארומשפאנען אהין און צוריק. ער האט דערזעהן א טעלעפאן אויף א טישל און זיך געהייסען פארבינדן מיט דעם האטעל בריסטאל און מיט פלארא'ן, אבער קיינער האט נישט געענטפערט. ער האט געהאט חשק אנצוקלינגען מאיר סמעטענע און אים צו זאגען וואו ער איז. דער אמת איז, אז מאיר און די אנדערע האבען זיך געהאט אפגעשאקלט פון דער גאנצער אפערע. בלויז סרולקע גאנער און ער, מאקס, זענען געהאט צוגעשטאנען צו שותפות. אבער סרולקע גאנער האט גארנישט אריינגעלייגט. ער האט בלויז צוגעזאגט צוצושטעלען עטליכע שטארקע יונגען מ'וועט אנהויבען גראבען דעם טונעל. ניין, ס'האט נישט געהאט קיין צוועק צו קלינגען מאיר'ן. ער קאן גאר שלאפען אויך. ער איז א קראנקער. אפשר טעלעפאנירען שאשע'ן? מאקס האט געהאט צוגעזאגט דעם דאזיגען מיידעל, אז ער וועט זי באלד ארויסנעמען פון דער אלטער'ס הויז, אבער זי האט נאך אלץ דארט געשטעקט. מאיר סמעטענע האט געהאט געווארענט מאקס'ן נישט צו טאן קיין שום זאך אהן זיינע, מאיר'ס, וויסען. דער טאטע אירער, דער זשאנחצע, איז א ביטערער נפש. ווי־וואוויל ער איז אליין א מאכער און טריף, איז ער קאפאבל צו סליחה'נען, אויב ער זאל חושד זיין אז מ'וויל פארפירען זיין טאכטער. אין דער רגע האט דער טעלעפאן גענומען קלינגען מיט א שארף גריליצעניש. ס'האט געדויערט א ווייל ביז אידא איז אריינגעקומען און אויפגעהויבען דאס טרייבעל. זי האט געטאן צו מאקס'ן א וואונק.

— פראשע! האא? יא. כ'בין ערשט אריינגעקומען. וואס? נו...

און אידא האט זיך אוועקגעזעצט אויף א קיילעכדיגער פרסעבענקעלע איבערגעצויגען מיט פלוש. זי האט זיך צוגעהערט און דערביי געהאלטען א האנט אויף א קניה. זי האט געוויגט דעם קאפ דא רעכטס, דא לינקס. די אויגען אירע האבען געשמייכעלט און ס'האט זיך געדוכט, אז זיי זאגען: פוסטע רייד. דערנאך האט זי געזאגט אויף פויליש:

— מיר'ן דאס אלץ מוזען איבערשמועסען פערזענליך.

ווידער האט יענער אדער יענע אויף דער אנדערער זייט ליניע אנגעהויבען רעדען און אידא האט זיך פומסטיי צוגעהערט. מאקס האט נאך א קוועקעלניש געעפענט די טיר צום קארידאר. ער איז אוועק זוכען א טואלעט־צימער. אידא האט געהאט אויסגעלאשען די עלעקטרע אין קארידאר און ס'איז דארט געווען פינסטער. ס'האט זיך ווידער דערהערט א קלינגען, דאסמאל אין דער טיר. ס'איז פאליציי!

— האט מאקס צו זיך געזאגט. ס'איז אים איינגעפאלען אז די דירה מוז האבען א צווייטען ארויסגאנג, אפשר דורך דער קיך. ער האט גענומען איילען לענגאויס דעם פינסטערן קארידאר און נאך א ווייל דערזעהן די שיין פון דער קיך. ס'האט זיך דארט געקאכט די טעה, וואס אידא האט געהאט ארויפגעשטעלט אויף דער גאז־מאשינקע. קיין טיר פון א צווייטען ארויסגאנג איז דארט נישט געווען. דאס קלינגען אין דער דרויסעדער טיר איז געווארען אלץ האסטיגער. האט אידא נישט געהערט? אדער האט זי באשלאסען נישט צו עפענען? מאקס האט אלע יארען געטראגען מיט זיך א רעוואלווער. ער האט זיך אליין געזאגט אז דאס איז נישט געווען אויף עמיצען אנצופאלען, גאט באהיט, נאר זיך צו פארטיידיגען געגען אן אנפאל, אדער צו באגיין זעלבסטמארד אין פאל ווען ער זאל אריין אין א קלעם. ער האט אלעמאל זיך געשראקען אז מ'וועט אים ארעסטירען, אויף אים אויסטראכטען א בלבול, אדער עפעס א משוגע'נער וועט פרואוון נעמען אן אים נקמה. גראד דא אין ווארשע האט ער דעם רעוואלווער נישט געטראגען מיט זיך, נאר אים געהאלטען פארפאקט אין א וואליזע. דאס קלינגען איז געווארען אלץ העכער און שארפער. די טעה האט גענומען זידען, דאס דעקעל פון טעה־קעסל האט אונטערגעטענצעלט און געקלינגען, און מאקס האט פארלאשען דעם פייער. ער איז ווידער ארויס אין קארידאר און פונסניי גענומען זוכען די הינטער־טיר. ער האט געהערט ווי יענער הינטער'ן פאראד־אייגאנג שטויסט מיט די פיס אין דער טיר און פרואווט זי אויפברעכען. ס'איז פאליציי! מיין לעבען איז געענדיגט! — האט מאקס אין זיך א געשריי געטאן. אין דער רגע האט ער דערזעהן אידא'ן. זי איז געהאט ארויסגעקומען פון סאלאן אהן די שיך אין די בלויזע זאקען, איז געלאפען צו אים, מאקס'ן. איר גאנצע צורה האט געלאכט מיט דעם קינדיש־שלויען געלעכטער פון איינער וואס האט נאר וואס אפגעלאטען עמיצען א שטיקל, אדער יענעם געמאכט צום נאר. זי איז סמעט ארויפגעפאלען אויף מאקס'ן און מיט א פארשטיקטען אטעם געפליסטערט:

— האט נישט קיין מורא. ס'איז נישט די פאליציי.

— ווער איז עס?

— אן אנטשעפעניש. א פאר...

(שלוס אויף זייט 2)

# די געסט

## (נאוועלע)

פון

**יצחק באשעווים**

(פארזעצונג)

אידא האט מאקס'ן דערלאנגט איר פעטער'ס פיזשאמעס און זי האט געלאכט ווען ער האט זיי אנגעטאן. איר אנקעל איזידאר איז געווען הויך און ברייט. דאס רעקל האט געגרייכט מאקס'ן שיער נישט ביז די קני. די הויזען זיינען געווען אויף אים צו לאנג און צו ברייט. זי אליין האט געהאט אנגעטאן א נאכט־העמד מיט שפיצלעך. זי איז געזעסען אויפ'ן בעט און געזאגט:

— דער קערפער איז מיין אייגענטום און קיינער אין דער וועלט האט נישט קיין רעכט מיר צו זאגען וואס צו טאן מיט אים — נישט גאט און נישט קיין נביא אחער הייליגער. כ'קוק אריין אין דער ביבעל, כ'קוק אריין. דער זעלבער משה, וואס האט געזאגט לא תנאף, האט גענומען א קעפס־ווייב פון עטיאפיע. יעקב האט געהאט פיר ווייבער. וואס דער מאן מעג, מעג די פרוי אויך. ס'איז איבערהויפט נישט קיין פראגע פון מעגען. איך, מיין פערזאן, איז די מאס און ווערט פון אלע זאכען. מיין ווילען איז דאס געזעץ פון דער וועלט. ווען כ'האב געוואלט דעם אידיאט, דעם לאפאצאן, וואס האט געקלאפט אין דער טיר, האב איך אים געהאט. איצט אז כ'וויל דיך, וועל איך דיך האבען. אזוי איז אויך געווען מיט אלע אנדערע. ס'קענען נישטא קיין שום פארבאטען אחוץ יענע, וואס די נאטור צווינגט אויף אונז ארויף. דעריבער האבען מיר באשלאסען זיך צו פארבינדען מיט אייך, דער אזוי־גערופענער אונטערוועלט. פאר אונז איז נישטא קיין אונטערוועלט און קיין אויבערוועלט. שטירנער האט געהאלטען, אז מ'דארף דאס ווארט „פארברעכען” אויסמעקען פון ווערטערבוך.

— דערווייל האט מען נישט אויסגעמעקט.

— ווי קאמיש דו זעהסט אויס אין די פיזשאמעס! מיין אנקעל איזידאר איז א העלדישער מאנסביל.

— ביסט געשלאפען מיט אים? — האט מאקס געפרעגט.

אידא האט געלאכט און געוויזען א מויל קליינע און שיטערע ציין. . . .

— דו האסט אזוינע מאדנע איינפאלען! ניין. צו וואס? כ'וואלט עס נישט אפגעזאגט מיין טאנטע ליזא. ס'איז מיר איינפאך נישט געקומען אויפ'ן געדאנק. אבער איצט אז דו רעדסט דערוועגען, וואלט עס גארנישט געווען אזוי קרום. ער האט מיך שרעקליך ליב.

— וואלסטו עמיצען פארגוואלדיגט? — האט מאקס געפרעגט. ער האט זיך גלאט אזוי געשפילט מיט ווערטער.

— ווי קאן מען פארגוואלדיגען א מאנסביל? אומזין. אבער אין פרינציפ זעה איך נישט דערין קיין שום זינד. מענער קויפען פרויען און זיי פארגוואלדיגען אויך. איך האב שוין געהאט אמאל א מינדעריעריגען, א אינגעל, א שילער פון מיין פעטער'ס קלאס — האט אידא געזאגט און געשמייכעלט — מיין נעפעס'ס א שול־חבר.

— ער האט געטויגט?

— בעסער פון אלע מאנסלייט, וואס כ'האב ווען ס'איז געהאט פריער אחער שפעטער.

די רייד אירע האבען מאקס'ן געדרייצט, אבער גלייכצייטיג דערוועקט אין אים א עקעל. ער איז געוואוינט געווען צו פרויען, וואס האבען געהאלטען אויסגעלאסענקייט פאר א עבירה. אפילו די גאסען־פרויען, וואס ער האט באגעגענט, האבען זיך געפיהלט שולדיג, זיך פארענטפערט דערמיט אז זיי זענען ארעם, מ'האט זיי פארפירט, זיי זענען קראנק. א שמוציגע נקבה, האט ער אידא'ן גערופען אין געדאנק. א שטיק געהינטעכץ. האט זיך שוין אויסגעוואלגערט אין אלע מיסטען. זי האט א זאג געטאן:

— כ'האף אז ביזט נישט פראנצעוואטע.

אזוי ווי זי האט ארויסגעזאגט די דאזיגע ווערטער, האט מאקס געוואוסט, אז ער'ט נישט קאנען זיין מיט איר. דאס ווארט האט אים ווי אפגעגאסען מיט קאלט וואסער. דער פחד פאר אומבאהאלפענקייט האט שוין יאהרען־לאנג געלויערט אין אים, אבער ער האט זיך געהאט איינגעלערענט אים אפצושטופען און אפצולייגען. ער האט געהאט אלערליי מיטלען ווי אזוי זיך אויסצורעטען, אפילו ווען א פרוי האט אים אפגעשטויסען. ער האט זיך געשפארט מיט איינער און באגערט א צווייטער. ער האט געקענט זיין קיהל ווען די אנדערע איז צעהייצט און צעיאכמערט. צו זיין שוואך איז פאר אים געווען דאס אייגענע וואס זיין טויט. ער האט נישט צוגעלאזט די לוסט זאל הערשען איבער אים; ער האט געהערשט איבער איר. דער כלל איז דער אייגענער ווי אין קארטען־שפיל: זיין שטארקער און געביסענער פון דיין פארטנער. ער האט זיך געהאט אנגעהערט פון ווייבער וועגען מאנסבילשע שוואכקייטען און ער האט געלערענט פון זיי ווי אזוי נישט צו זיין און זיך נישט צו פיהרען. אין די עסקים פון מאן און ווייב האט געהערשט דאס אייגענע געזעץ ווי אין מלחמה; כוח. דער שטארקער געווינט, דער שוואכער מוז זיך אונטערגעבען. מאקס האט אפט געמוזט זיין ווילד, אבער דעריבער האט ער געזארגט נישט פאר זיין אייגענעם פארגעניגען, נאר פאר דעם גענוס פון יענער, וואס ער האט באוועלטיגט. ער האט אפט בעטראכט, אז ער איז אויף זיין אייגענעם שטייגער א מייסטער. ער האט אמאל געזאגט אין א וויץ, אז א פרומער איד מוז בייקומען דעם יצר־הרע; ער, מאקס, מוז בייקומען דעם יצר־טוב . . .

דער אמת איז, אז ער האט זיך אויך שטילערהייט געראנגלט מיט משוגעת. ס'האבען אים אפט אנגענומען פארווערלעכצער, וואס האבען אפילו אזא פארשיין ווי אים דערשראקען און פארשעהמט. ער האט געמוזט זיך אפטרייסלען פון פאנטאזיעס, וואס וואלטען אים פארשלעפט דער רוח ווייסט וואו. אין זייערע לאנגע שמועסען מיט פלארא'ן וועגען פיהרעלע שעכטער און זיין צורעדען זי צו טראכטען וועגען יענעם און אים צו באגערען, איז געלעגען א געפאהר און אפילו א שוואכקייט. אין די ניכטערע מינוטען האט מאקס זיך אנגעגעבען א חשבון, אז ער קאן אזוי ארום פארלירען פלארא'ן, וואס איך געטריישאפט האט אים אויפגעהאלטען און אים געגעבען אן אנשפאר. דערביי, אבער, האט ער אלץ מעהר און מעהר געברויכט רייד און טראכטעכצער, וואס האבען אים דערהיצט. דאס געזעהליכע צוזאמענלעבען מיט מיט א פרוי האט אים אנגעהויבען לאנגווייליגען. ער האט אפט געמוזט זיך צווינגען נישט צו גענייצען ווען א נקבה האט זיך אים אונטערגעבען און ער האט באנומען, אז לאנגוויל רופט ארויס לאנגוויל. ער האט געמוזט זיין סוי קאלט און סוי הייס . . .

אידא'ס פרעכע רייד, איר וואולגערישע צחוקדיגקייט מיט זיך אליין און מיט איר צעלאזענקייט, איר דערמאנען שליכע מאל, אז מויל וועסטער וועלען אנטלויפען ביים באריכען די באנק, ווען מען זיי דארפען פארעקליגען, האט אויפגעוועקט אין אים דעם פונק אידישקייט, וואס האט געטליעט אין אים ווי פארבארגען אין אש — א ירושה פון זיינע פרומע עלטערן, אפשר פון זיידעס און עלטער־זיידעס. וואס איז זי עפעס אזא וואוילע? וואס נעמט זי אלעמען אויפ'ן זיכער? און וואס איז ער, מאקס, פאר איר? די דערמאנונג פון פראנציען האט אין אים ארויסגערופען א גריי־מעניש אין איינגעווייד און א פארלאנג צו ברעכען. ער האט א זאג געטאן:

— ווארט, איכ'ל נאך אריינגעהן אין טואלעט.

און ער איז ארויס אין פינסטערען קארידאר.

כ'טאר דאס נישט צולאזען, כ'בין א פארלירענער! — האט ער זיך אליין געווארענט. ער האט נישט געטארט הערליבען דער נצחון פון דער היינטיגער נאכט זאל זיך אויסלאזען מיט א מפלה, אבער צום ערשטען מאל אין יאהרען האט ער דערשפירט, אז ער הענגט אפ אן כחות, וואס זיינען שטארקער פון אים. יעדער פארלאנג צו דער דאזיגער נקבה איז אין אים אויסגעראנען, זיך פארביטען אויף א ווידערווילען, א מיגל און א פארלאנג צו אנטלויפען. אפשר האט זי א שנאפס. פארוואס האב איך נישט פארלאנגט א טרונק בראנפען? — האט ער זיך פארגעהאלטען. ער איז געגאנגען אין דער פינסטער מיט וואקעלדיגע טריט. ער האט זיך אנגעשטויסען אן זאכען. ער האט אויסגעשטרעקט די האנט, אנגעטאפט די וואנט און ער האט זיך דערמאנט אן דעם אידישען אויסדרוק: טאפען א וואנט. ער האט געוואלט אנצינדען די עלעקטריע און נישט געפונען דעם שאלטער. נאך לאנגע גראבלענישען האט ער אנגעריהרט א שאלטער און אנגעצונדען, אבער ער האט דערזעהן, א הערשטוטיניטער, אז ער איז געהאט דורך אן אפענער טיר אריין אין סאלאן. ביי דער שיין פון סאלאן־לאמפ האט ער איצט געפונען דעם טואלעט אין קארידאר. ער האט זיך ארויסגעשטעלט ביי דער שיסעל, נאר ער האט נישט געקאנט לאזען קיין וואסער. דערביי האט אים געשטאכען אין דער בלאז. דער בויך האט זיך אים אנגעבלאזען. ער האט געהאט א געפיהל, אז ס'איז מיט אמאל אויף אים ארויף די עלטער. איכ'ל גאר פרואווען אנטעלעפאנירען פלארא'ן, איז אים איינגעפאלען. זי ווערט נישט וויסען וואו כ'בין אהינגעקומען. ער האט געמוזט אויף דער גיך אויסטראכטען עפעס א תירוץ פארוואס ער קומט נישט אהיים ביינאכט. געווינלעך איז אים אנגעקומען לייכט צו טשאקען אפילו אזא שלוי שטיק ווי פלארא'ן. ער האט אפילו געקאנט זאגען דעם אמת און אים אויסדרעהען ער זאל זיין גינציג פאר אים. אבער דאסמאל האט ער געזארגט, אז פלארא קאן אנשרייען אויף אים און אים מאכען א סקאנדאל דורכ'ן טעלעפאן. וואו שלעפט זי זיך ארום א גאנצען אווענט? אוודאי אוועק שמועסען מיט פיהרעלע שעכטער. דער דאזיגער געדאנק, וואס איז אים אזוי אפט פארגעקומען קיצעלדיג און שפילעוודיג, פול מיט אומפאראויסגעזעהענע רייצען, האט אים איצט געטאן א ביס. וואס טוט זיך מיט מיר? אין וואס פאר'א געמויזעכץ בין איך פארקראכען? כ'פארליר אלץ. ס'איז מיין סוף! — האט עפעס אין אים געשריגען. ער האט היינט צום צווייטען מאל דערפיהלט די חרפה פון איפערזוכט. ער האט א כאפ געטאן דאס טרייבעל און געווארט די שיקסע אויף דער סטאציע זאל פרעגען ביי אים דעם נומער, אבער ער האט דערביי געדענקט פון אמאל, אז שפעט ביינאכט איז שווער צו קריגען א פארבינדונג. א שווייס איז אים ארויס אויפ'ן קול:

— איכ'ל זי דער'הרג'ענען!

איכ'ל זי קאלט־מאכען! . . .

נאך א לאנגען ווארטען האט דאס מיידל אין דער סטאציע זיך אנגערופען און ער האט איר געזאגט דעם נומער, אבער ער האט געקראגען א פאלשע פארבינדונג. האט זי געמאכט א טעות? האט ער פארגעסען דעם נומער? ער האט געהאט א נאטיץ־ביכעל מיט אדרעסען און טעלעפאן־נומערען אין בוזעם־קעשענע פון רעקל, אבער דאס רעקל האט געהאנגען אויף א שטוהל אין שלאף־צימער. ער האט זיך געריכט, אז אידא ווערט אים באלד רופען אדער אפשר קומען א קוק טאן פארוואס ער זוימט זיך אזוי לאנג, נאר ער האט נישט געהערט קיין שארך. ער האט ווידער אויפגעהויבען דאס טרייבעל, אנטשלאסען זיך צו פארבינדען מיט דעם האטעל. דערביי האט ער זיך אנגעגעבען א חשבון, אז ס'געהט אים נישט אזוי ווייט אין רעדען צו פלארא'ן ווי אין אפליינען דאס אומקערען זיך צו דעם אנארכיסטישען טליק, וואס מאנסלייט זענען פאר איר ווי הינט פאר א צויג. יענע, די דינסטען און קעכינס, וואס ער האט קאליע־געמאכט, האבען אים ליב געהאט. זיי האבען זיך געגנבט, אז ער'ט מיט זיי חתונה־האבען. זיי האבען געפלאפעלט פון קינדער און א באלעבאטישקייט. אפילו די הורען האבען גערעדט וועגען ארויסרייסען זיך פון שאנד און קומען צו א תכלית. אבער די כאנטע, וואס וויל ראטעווען די וועלט מיט באמבעס, האט זיך באריהמט מיט אירע חצופה'שע שטיק. כ'וויל זי נישט. כ'שפיי אויף איר! — האט מאקס געמורמעלט — כ'בין טאקע א זינדיגער, אבער א איד בין איך פארט. האט ער געטראכט. פארשעהמט דערפון וואס ער פרואווט צו פארדעקען זיין אומבאהאלפענקייט מיט פרומקייט. ער האט ווידער דערהערט די שיקסע פון דער סטאציע און ער האט ארויסגערעדט דעם נומער אזוי דייטליך ווי מעגליך. דאס מאל האט ער געקראגען דעם האטעל „בריסטאל”, אבער פלארא איז נאך אלץ נישט געווען צוריקגעקומען. ער האט געשפירט, אז ער ווערט בלאס. אלץ וואס ער האט אויפגעבויט אין צוואנציג יאר ווערט חרוב היינטיגע נאכט. זי לאזט זיך וואוילגעהן מיט פיהרעלע שעכטער. שיסען איז נישט גענוג!

— האט אין אים געשריגען אין אים דער נקמה־נעמער. איכ'ל שניידען פון זיי לעבעדיגע שטיקער און באגיסען מיט עסיג. איכ'ל זיי באגראבען לעבעדיגערהייט. זיי וועלען בעטען ביי מיר אויפ'ן טויט . . . ער האט זיך פארגעשטעלט ווי ער האלט זיי ערגיץ אין א הייל געפאנגענע אין קייטען און קומט יעדען טאג שמייסען ביי זיי גליהער. דערביי האט א קול אין אים, פון אן אנדערען, א גערעכטען, גע'טענה'ט: וואס איז פיהרעלע שולדיג? א מאנסביל אז מ'גיט אים, נעמט ער. דו, מאקס, וואלסט נישט געווען בעסער. דו האסט אליין פלארא'ן פארפיהרט הערען מיט דיינע גליטשיגע רייד־עלעך. איכ'ל מיך נאך היינט ביינאכט ארייגשיסען א קויל אין קאפ, האט מאקס ביי זיך אנגעזעצט.

(פארזעצונג — פרייטאג)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון
**יצחק באשעווים**

(פאָרטזעצונג)

מאַקס האָט זיך אומגעקערט אין טואַלעט. ער האָט אַלץ באַדאַרפט און גאָרנישט געקאָנט טאָן. ס'האָבען זיך געהאַט פאַרשטאָפּט אין אים די אויסהוילונגען וואָס אָהן זיי קאָן מען נישט באַשטעהן אַפילו איין שעה. ער האָט זיך דערמאָנט פסוקים פון אשר־יצר און חאַנעגישען פון דאַווענען און דער תּחיה וואָס זיינען געבליבען שטעקען אין זיין געדעכעניש פון די חדר־יאָהרען. גאָט איז אַן אל קנא ונוקם... ער באַצווינגט זיך צוואַרג, אָבער ער פאַרגעלט ביז'ן דריטען און פערטען דור. מאַקס האָט זיך פאַרקיקעלט אין טואַלעט און זיך אויסגעזעצט אַנטשלאָסען צו טאָן זיין באַדערפעניש. איכ'ל שוין פון דאַנען קיין לעבעדיגער נישט אַרויס... מ'וועט מיך פון דאַנען אַרויסטראָגען... כ'האָב עס כשר פאַרדינט...

ער האָט דערהערט טריט און אידאַ האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

וואָס איז געשעהן?

כ'על באַלד אַרויסקומען. לאָז מיך!

זי האָט אָפּגעוואַרט אַ ווייל און הערנאָך האָט ער דערהערט ווי זי קערט זיך אום מיט טשאַפּענדיגע טריט. האַנקען גאָט, די השתנה האָט אָנגעהויבען צוריק פליסען, אָבער מיט אַ צעגערניש, און דאָס שטעכען אין דער בלאָז האָט נישט אויפגעהערט. די גלידער זיינע האָבען געטאָן אים פאַרסטריקט, געוויזען אַז ער איז מעהר נישט דער גאַנצער באַלעבאָס. זיי האָבען אויך אַ דעה... עה, וואָס מיר איז צו האַנט געקומען! צום ערשטען מאָל האָט דאָס לייב זיינס אים ווידערגעשפּעניגט, אַ שטייגער ווי ער און זיין קערפּער וואָלטען געווען צוויי באַזונדערע באַשעפענישן, טאַקע ווי מ'שרייבט אין די ספרים: אַ נשמה און אַ גוף. אויב אַזוי, אפשר זענען וואָר אויך די אַנדערע זאַכען וואָס מ'שרייבט דאָרט? אפשר איז פאַראַן אַ גאָט, אַ גן־עדן, אַ טייוול, אַ מלאך־המות?

ער האָט זיך געלאָזט געהן צוריק צום שלאָף־צימער גרייט זיך האַרט אָנצוטאָן און צו זאָגען אידאַ'ן, אַז זי איז אים דערווידער. כ'האָב מיך פאַר איר נישט וואָס צו שעמען, האָט ער זיך געטרייסט. ער איז אַריין אין שלאָף־צימער און זי געזעהן זיצען אויפ'ן בעט, די האָר צעלאָזט ווי ביי אַ מיידעל און דאָס נאַכטהעמד פאַרשאַרצט איבער די קיילעכיגע קניה. ער האָט געוואָרפען אַ בליק אויף אירע פיס און געזעהן, אַז זיי זענען קליין און גראַציעז, און גוליעס און הינער־אויגען. זי האָט געפרעגט:

— עפּעס טוט דיר וועה?

— כ'האָב, ווייזט אויס, מיר פאַרחאַרטעט דעם מאָגען. מ'גיט אין די רעסטאָראַציעס פליש פון מלך עפרון'ס צייטען. האָט ער זיך באַנוצט מיט אַן אויסרעדעניש וואָס ער האָט שוין נישט געהערט ווער ווייסט וויפיל יאָהרען.

ער האָט זיך געריכט, אַז זי וועט אים אַרויסווייזען מיטגעפיהל, ווי ס'איז די ווייבערישע נאַטור אין אַזעלכע פאַלען, אַפילו ביי די געמיינסטע. אָבער זי האָט געקוקט אויף אים קרום, שלוחי און געזאָגט:

— קום אַריין אין בעט. איכ'ל דיר צוליגען אַ בויך צו אַ בויך.

זאָג איר אָפּען אַז דו האָסט זי פיינט און זי זאָל זיך אָפּטשעפּען! — האָט אַ קול אים באַפוילען. אָבער ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— אפשר.

און ביידע זענען אַריין אין בעט. איר לייב איז געווען הייס, אָבער זיינ'ס קאַלט. זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— אַ, ביזט קאַלט ווי אייז.

און ס'איז געווען אין די ווערטער נישט קיין מיטלייד, נאָר אַ פאַרהאַלטעניש. ער האָט נישט געענטפערט און זי האָט ווייטער געזאָגט:

— נעם אַוועק די קאַלטע פיס.

ער האָט אָפּגערוקט די פיס און איז געלעגען שטיל, אַן אומבאַהאָלפענער מאַקס וואָס מ'פאַרשעהמט אים און ער קאָן נישט אָפּענטפערן — אין די הענט פון אַ מכשפה וואָס האָט צוטריבט זיין מאַנסבילשע קראַפט און רייצט זיך מיט אים. ס'האָבען זיך אים דערמאָנט מעשה'ס וואָס ער האָט אַמאָל געהערט וועגען שד'יכעס וואָס מאַכען חתנים אָפּהענטיג אין זייער חתונה־נאַכט, לאַפּיטוטען, וואָס פאַרכאַפּען כלה'ס און שלעפּען זיי אַוועק אין ווילדע מדבריות, נישט־גוטע וואָס גנב'נען ביי קימפּעטאָרינס די וואָפ'לעך. ער איז געלעגען און זיך ווי צוגעהערט צו זיך אַליין. אַזאַ קעלט אין די פיס אין מיטען זומער איז נישט קיין נאַטירליכע זאַך. ס'האָט אים געפּראַסטיגט אין רוקען, אַ שוידער איז אים געלאָפען צווישען די ריפּען און ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג זיך בעסער צוצודעקען און זיך איינצוהילען מיט דער דעקע. אידאַ האָט זיך אויך ווי צוגעהערט. הערנאָך האָט זי געפרעגט:

— פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט, אַז דו ביזט אַזאַ איינער?

— וואָס בין איך?

— דו ווייסט וואָס.

ער האָט איר געוואָלט אָפּענטפערן, אָבער ער האָט עפּעס זיך נישט דערוועגט איר אַקעגענצורעדען. אַזאַ מרשעת קאָן אַפילו הרג'נען אַ מענטש, איז אים איינגעפאַלען. ער איז נאַקעט, אָהן שום וואָפען. ער האָט זיך געמוזט אָנטאָן און אַוועקגעהן, נאָר עפּעס אין אים וואָס האָט דאָס לעצטע וואָרט האָט געהייסען אָפּליגען. ער האָט געפרעגט:

— האָסט אפשר בראָנפען?

זי האָט נישט באַלד געענטפערט, נאָר איבערגעקלערט זיינע ווערטער. הערנאָך האָט זי געפרעגט:

— פאַרוואָס האָסטו באַלד נישט געזאָגט?

און זי איז אַרויס פון בעט, ווייזט אויס, אים ברענגען שנאַפּס. אַ קליין לעמפּל האָט געגלימערט אויפ'ן נאַכט־טישל. ער האָט אויסגענוצט די צייט, וואָס ער איז אַליין אין בעט זיך בעסער איינצוהילען אין דער קאָלדרע. ס'עט נישט העלפען! מיינע זיבען גוטע יאָר זענען אַריבער! כ'בין קאַפּוט, אויסגעשפּילט! כ'בין מעהר נישט קיין מאַנסביל. ער האָט זי גערופען מכשפה, אָדער ער אַליין איז אַ מכשף וואָס זיינע שפּרוכען האָבען פאַרלוירען די מאַכט. ס'האָט אים שוין באַנג געטאָן, וואָס ער האָט זי געשיקט נאָך בראָנפען. ער האָט זיך געטאָן אַ שליידער אַרויס פון בעט, גרייט זיך אָנצוטאָן און צו מאַכען אַן עק צו דעם שלים־מזל'דיגען באַגעגעניש, נאָר אין דער רגע האָט זי אַריינגעטראָגען אַ קאַראַפינקע מיט אַ רויטליכען געטראַנק, צוויי גלעזלעך און אַ קלאָש מיט קיכלעך.

— וואו לויפסטו? — האָט זי געפרעגט.

— אַ, איכ'ל בעסער געהן.

— קום, לאָמיר טרינקען לחיים!

זי האָט אַוועקגעשטעלט די טאַץ אויף דער קאָמאָדע און אָנגעגאָסען צוויי פולע גלעזלעך. ער האָט איבערגעקוקט דאָס גלעזל ווי אַ שיכור און פאַרגעסען צו זאָגען לחיים. ס'איז אים געוואָרען האַרב אין גומען, ס'האָט אים געקרעלט אין דער קעהל, אָבער ער האָט געוואוסט פאָראויס, אַז ער'ט פון דער משקה נישט ווערען האָפּערדיג.

— נאָך איינס?

— יאָ, לאָמיר זיך אָנ'שיכור'ן.

— איך דאַרף מיך נישט אָנ'שיכור'ן — האָט זי אים געענטפערט און אָנגעגאָסען אַ צווייט גלעזל. ער האָט עס גלייך אויסגעטרונקען.

— אַ דריט'ס?

— יאָ. איכ'ל מיך אָנשלאָקען.

נאָכ'ן דריטען גלעזל האָט אים גענומען שווינדלען אין קאָפּ און ער איז אַוועקגעפאַלען אויפ'ן געלעגער. אַנשטאָט צו ווערען אויפגערוימט איז ער געוואָרען בייז. ער האָט זיך ווידער צוגעדעקט און זי האָט זיך אַוועקגעלייגט נעבען אים. זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— קוש מיך!

און דאָס מויל איר'ס וואָס האָט אים ערשט מיט אַ שעה פריהער אויסגעוויזען שעהן, רייצענדיג, פול מיט תאווה'דיג צערהאַנען, איז אים איצט פאַרגעקומען ווי אַ חזיר'ישע שנויץ. ער האָט זי פונדעסטוועגען געקושט און זי האָט זיך איינגעביסען אין זיינע ליפּען מיט אַן אימפּעט פון אַ בעסטיע.

זי האָט אָפּגעוואַרט אַ ווייל און זיך אָנגערופען:

— דו האָסט מיך נישט ליב...

— זאָל איך מיך אָנטאָן? — האָט מאַקס געפרעגט.

— כ'וויל נישט דער סטרוזש זאָל דיך זעהן. וועסט שוין מוזען דאָ נעכטיגען.

דער קאָניאַק האָט אים געברענט אין איינגעווייד אָבער די פיס זיינען אים געבליבען קאַלט. ער איז געלעגען ביים ראַנד בעט און זיך געהיטען זי נישט אָנצורירען. זי איז געלעגען געגען אים און געפרעגט:

— וואָס איינענטליך ביזטו, אַ גנב, אַ מערדער, אַן אַלפאָנס?

— כ'בין נישט קיין גנב און נישט קיין מערדער. קיין אַלפאָנס אויך נישט. איך האָב אַ פאַבריק.

— איז, ווי קומסטו צו מאיר סמעטענע און דעם גאַנצען געזינדעל?

— אַ, זיי זענען גוטע פריינד.

— דאָס אַלץ? סרולקע גאָנער האָט געזאָגט אַז דו ביזט אין בוענאָס איירעס אַ גאַנצער יאַ־טעביע־דאָם. דיין ווייב —

און זי האָט זיך אָפּגעהאַקט.

— וואָס מיין ווייב?

— נו, איכ'ל בעסער נישט רעדען.

— זאָג. כ'וויל אויך וויסען.

— אַ מאַן ווייסט וואָס זיין ווייב איז.

נישט אַלעמאָל.

— יאָ, ריכטיג. דאָס גאַנצע פאַמיליען־לעבען איז איין שטיק היפּאָקריזיע. סרולקע האָט געזאָגט, אַז דיין ווייב איז געווען פריהער אַ הור. הערנאָך האָט זי עפּעס אַן אַקטיאָר אַרויסגענומען פון אַ שאַנד־הויז און זי געמאַכט פאַר אַן אַקטריסע. איצט איז זי אַ מומע אין בוענאָס איירעס.

מאַקס האָט נישט געענטפערט. די ווערטער האָבען אים געטאָן ווי אַ זעץ אין שיידעל. פלאָראַ האָט אים געהאַט געשוואוירען, אַז זי האָט קיינעם נים געהאַט פאַר פּייוועל'ען. זי האָט אים גענוי דערציילט איר געשיכטע — ווי זי איז אַוועק פון לאָפּטשעווע; געאַרבעט אין דער פאַבריק פון דאַמען־מאַנשעטען און וועש; ווי זי האָט זיך באַקענט מיט געצל האַלפּערן און אָנגעהויבען שפּילען מיט פּייוועלע שעכטער. ער האָט זי גענומען אַ בתולה. פלאָראַ האָט ביי יעדער געלעגענהייט דערמאָנט, אַז זי האָט געהאַט בלויז צוויי מאַנסלייט אין איר לעבען. זאָל סרולקע דאָס האָבען אויסגעטראַכט? אָדער שפּילט פלאָראַ מיט אים, מאַקס'ן די אַלע יאָהרען אַ קאָמעדיע? זי איז עלטער פון אים מיט אַ יאָר אָדער צוויי. זי קאָן זיין עלטער מיט פינף אויך. ער האָט קיינמאָל נישט געזעהן איר מעטריקע. זי האָט נישט געהאַט קיין פּאַפּירען ווען ער איז מיט איר געפאָהרען קיין אַרגענטינע. אַ מויליכ'ער אין מלאכה האָט זיי ביידע אַריבערגעשוואַרצט איבער דער גרעניץ קיין פּרייסען. מאַקס האָט איצט פאַרשטאַנען דעם אויסדרוק: „ס'הייבט זיך מיר אין מוח". ער האָט ממש געשפּירט ווי די געהירן רירען זיך אים הינטער'ן שאַרבען, שאָקלען זיך ווי אַ קערן אין אַ נוס. די דאָזיגע נאַכט האָט געברענגט מיט זיך איין חערוואַרטונג נאָך דער אַנדערער, עפּעס ווי אין דער מעשה מיט איוב. ער, מאַקס, האָט געדאַרפט קומען קיין וואַרשע און אַוועקגעהן שלאָפען מיט אַן אַנאַרכיסטין, זיך צו דערוויסען דעם אמת וועגען זיין אייגען לעבען. מאַקס האָט נישט געוואוסט וואָס ער איז מעהר: דערצאָרענט פון דעם שטינקער ווי פלאָראַ האָט אים אָפּגעפּרייערט, אָדער געפּלעפט דערפון ווי זאַכען קיצלען זיך און קלעפּ פאַלען איינער נאָכ'ן צווייטען. נו, איך בין אַ נאַר, אַ גולם, אַ לעקיש — דער ערגסטער אידיאָט אין דער גאַנצער וועלט! איכ'ל זי נאָך היינט דערהרג'נען, נאָך איידער ס'עט ווערען טאָג!... אַלץ אין אים איז געוואָרען ווי איינגעשרומפּען. ער האָט געהאַט אַ געפיהל ווי אַ קאַלטע האַנט וואָלט אים אָנגעכאַפּט ביים האַרץ און גע־

(שלוס אויף זייט 2)

# די געסט

(שלוס פון זייט 3)

דריקט מיט'ן גאנצען כוח. אידא האט געפרעגט:

— וואס איז? דו האסט נישט געוואוסט?

מאקס האט נישט געקאנט און נישט געוואלט ענטפערן.

— ס'טוט מיר לייד, וואס איך האב דאס געזאגט. כ'האב געמיינט אז די אונטערוועלט איז צו־קליג צו מאכען א וועזן פון אזוינע נארישקייטען. אפשר האט סרולקע נישט געזאגט דעם אמת.

ס'איז דער אמת, האט מאקס געטראכט. ס'איז פון יענע זאכען וואס אלע ווייסען אחוץ דעם מאן. מ'לאכט אויס מיר אין די פויסטען. מ'האלט מיך פאר א שמאגעגע מיט הערנער. זי'ט דערפאר באצאלען מיט'ן לעבען!

— זי, נישט פייגעלע — האט מאקס אין געדאנק ארויסגעגעבען א פסק. ער האט א זאג געטאן:

— אודאי, איך מוז געהן!

— ווירקליך, ס'איז נישט גוט פאר מיר דו זאלסט אוועקגעהן אין מיטען דער נאכט. די סטרי־זשעס זענען אלע שפיצלעס. זיי גיבען אלץ איבער אין קאמיסאריאט. אין מיין לאגע איז דאס טאפעלט געפערליך. אויב מיין טאנטע זאל זיך דערוויסען, וועט זי — — — שלאף איבער די נאכט. ביז מארגען וועסטו דיך בארוהיגען.

— כ'וויל מיך נישט בארוהיגען. פון וואנען וועט דער סטרודש וויסען אז כ'געה פון דיר?

— זיי ווייסען אלץ. זיי זעען ווי די שפורהינט. אויב דו ווילסט, געה אריין אין אנדערען בעט און וועסט דורכשלאפען די נאכט. ווען כ'וואלט געוועזען געוואוסט, אז אלץ וועט זיך אויסלאזען אזוי, וואלט איך — —

און זי האט זיך איבערגעטראכט.

---

(ווייטערס — מארגן)

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעווים

(פאָרזעצונג)

— נו, גוט. — איכ'ל אַריינגעהן אין אַנהויבן בעט — האָט מאַקס געזאָגט.

— וואַרט, איכ'ל דיר אויסבעטן.

אידאַ איז אַרויס פון בעט און גענומען צוגרייטן אַ געלעגער אין דעם אַנדערן בעט וואָס איז געווען אָנגעשטילט פון דעם וואָס מאַקס איז געלעגן מיט דעם נאַכט־טישעל. ער איז אַרויס פון בעט און איז אַריין אין דעם אַנדערן. ס'איז אים נאָך אַלץ געווען קאַלט אָבער ער האָט מער נישט געמאַכט קיין פּרואוו זיך צו דערוואַרעמען. ער איז געלעגן שטום. ווי פאַלש, ווי מאָריש און קאָמיש אַלע זיינע רייד און ליבענישען מיט פלאָראַ'ן זיינען געוואָרן נאָכדעם ווי ס'איז געפאַלן אויף אים די האַזינע בשורה. פלאָראַ האָט געלאַכט אויס אים. יעדע מינוט פון זייער צוזאַמענזיין איז געווען איין פאַלשער וויץ. מאַקס האָט זיך דערמאָנט, אַז די וואָלט־ייזינגען אין דער קניפּע אויף דער קראָכמאַלנע האָבן אַמאָל אָנגעהאַנגען ביי איינעם פון זייערע לייט אויף דער פלייצע אַ צעטל מיט גראָבע ווערטער און מיט אַ מיאוס געמעל. יעדער האָט געזעהן, געשמועסט, געגאַנגען פון טיש צו טיש און די גאַנצע צייט האָט דער עולם קוים זיך איינגעהאַלטן פון נישט אַרויסצופּלאַצן מיט אַ געלעכטער. אַזוי האָט פלאָראַ געהאַנדעלט מיט אים. פון אַ טעפּקאַבית געקומען און געשפּילט פאַר אים די ראָל פון אַ ווייטיש מיידעלע, אַ באַלעבאַטיש קינד וואָס איז נעבעך פאַרפירט געוואָרן. אויב אַזוי איז זי דאָך טאַקע אויף אַן אמת אַן אַקטריסע. צו קאָנען אַזוי פירען אין באָד אַריין אים, מאַקס'ן, דאַרף מען וואַרהאַפטיג זיין אַ סאַראַ בערנאַרד. נו, זי איז פאַלש ווי די עבודה־זרה. אַזאַ פאַרשויצטע מוז צאָלען דעם פּרייז... ער האָט גענומען טראַכטען ווי אַזוי זי אומצוברענגען. נישט שיסען! אַ קויל איז צו גוט פאַר איר. אַזאַ שטיקעל סחורה מוז מען פייניגען ביסלעכווייז. זי זאָל האָבען צייט צו וויסען אַז זי ווערט באַשטראָפט. אָבער וואו טוט מען דאָס? אין האָטעל ווערט באַלד אַ געפילדער און ס'קומט פּאָליציי, אָדער גאָר ס'קעטשקעל פון דער גיכער הילף.

אפשר אין דעם קעלער פון די אפשר אין דעם עליער פון די אַנאַרכיסטען? — איז אים דורכגעלאָפען אַ געדאַנק, איינער פון יענע ווילדע איינפאַלען, וואָס לויפען טיילמאָל פאַרביי דעם מוח ווען מ'איז פאַרטאָן מיט די סאַמע ערגסטע פּלענער. ניין, ער'ט מוזען דינגען עפּעס אַ דירה אָדער אַ קעלער. ער'ט זי בינדען מיט שטריק. ער'ט זי מאַטערן ווי יענע מיידעל אין סדום, וואָס מ'האָט זי אויסגעשמירט מיט האָניג און זי אַוועקגעלייגט פאַר די בינען... לאַכען לאַכט דער וואָס לאַכט דער לעצטער... זי'ט אים מוזען אַלץ דערצעהלען, יעדעס פּיצעל, פון אַלע מענער וואָס צו זיי האָט זי זיך פאַרקויפט. ער'ט אַרויפשטעלען אַ פוס אויף איר ברוסט און קאַלטבלוטיג אַ זאָג טאָן:

— פלאָרעלע, דיין צייט איז געקומען...

ער האָט דערהערט אַ שנאַרכען. אידאַ איז געוואָרען איינגעשלאָפען. אפשר אַמאָל זי אויך פאַרטיג מאַכען? זיי זענען ביידע ווערט דעם טויט. ס'איז דער איינציגער סאָרט. וואָס אַנבאַלאַנגט אים, מאַקס'ן, איז זיין לעבען שוין סייווי פאַרלוירען. מ'קאָן נישט אייביג זיך אויסבאַהאַלטען. פריער אָדער שפּעטער ווערט מען אַלץ געוואויר. ער'ט זי מאַטערען אַזוי לאַנג וויפל ס'איז מעגליך און דערנאָך אַוועקגעהן אויפ'ן בית־עולם, געפינען אַן אָפען קבר און זיך אַריינשיסען אַ קויל אין שלייף, אַזוי אַז מ'זאָל נישט דאַרפען אים מאַכען אַ לויה. ניין, ער'ט בעסער אָנהענגען אויף זיך אַ געוויכט און זיך אַריינוואַרפען אין ווייסעל. מאַמע, ער האָט נישט לאַנג איידער ער איז אַרויסגעפאָרען פון אַרגענטינע געלאָזט שרייבען אַ צוואה וואו ער האָט פלאָראַ'ן אָפּגעשריבען כמעט זיין גאַנץ פאַרמעגען. ער האָט בלויז איבערגעלאָזט אַ פּאָר טויזענט פּעזאָס פאַר זיין און איר משפּחה, ווי אויך פאַר דער חברה קדישא און אַנדערע „עולמות" אין בוענאָס איירעס. זאָל ער לאָזען איבערשרייבען די צוואה איידער ער מאַכט אַן עק? ווי באַלד זי איז טויט, וועט אַלץ אַריינפאַלען צו אירע ברידער, צו פּלימעניצעס, אָדער די רעגירונג וועט אַלץ צונעמען. אפשר גאָר פּראָבירען זיך אויסבאַהאַלטען? נישט אַלע מערדער כאַפּט מען. ער'ט זי ערגיץ פאַרשאַרען, צוריקפאָרען קיין אַרגענטינע, זאָגען אַז זי איז געבליבען אַ צייט מיט משפּחה. אַרויסנעמען די געלטער פון די בענק, פאַרקויפען אַלץ וואָס ס'לאָזט זיך און אַוועק קיין ניו יאָרק, אָדער קיין פּאַריז. די פּאָליציי אין בוענאָס איירעס וועלען נישט שיקען קיין שפּיאָנען נאָך אים. אפילו מ'זאָל אים כאַפּען און שטעלען צו אַ געריכט, וועט מען אים דאָרט נישט שטרענג באַשטראָפען ווייל דאָס איז אַ מאָרד פון „פּאַסיאָן", ליידענשאַפט, נישט געלט. ער קאָן די יאָרען אויסלעבען און קיין האָר זאָל נישט קרימען. ער קאָן אפילו בלייבען אין וואַרשע. מאיר סמעטענע וואָלט אים אויסגעקויפט פאַר אַ שוחד...

מאַקס האָט צוגעשלאָסען די אויגען, נאָר זיי האָבען זיך צוריק געעפענט ווי ביי אַ סאָרט פּרפעס פאַר קינדער. ניין, וועגען שלאָפען היינטיגע נאַכט האָט מעהר נישט געקאָנט זיין קיין רייד.

מאַקס איז געהאַט איינגעשלאָפען און זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ צאַפּל. אַ פוס האָט געטאָן אַ שטויס. אַ האַנט האָט זיך געגעבען אַ וואָרף. איז ער געשלאָפען אַ מינוט? צעהן מינוט? אַ שעה? אידאַ האָט געכראָפּעט. אין אַ רגע איז אַלץ קאַפּויר געקומען, דער שלאָף האָט געבראַכט אַ סאָרט באַרוהיגונג, אַ שטייגער ווי ער וואָלט שלאָפענדיגערהייט איבערגעטראַכט די לאַגע. איכ'ל נישט פאַרגיסען קיין בלוט, האָט ער צו זיך געזאָגט. כ'בין נישט קיין רוצח... איכ'ל פון איר אַנדערש פּטור ווערען. ער האָט איצט באַקומען אַז ווען זי וואָלט געווען אַן ערנטליך מיידעל, ווי זי האָט געזאָגט, וואָלט זי נישט איינגעוויליגט אויף זיין אויפפירונג. זי וואָלט נישט געוואָרען דאָס וואָס זי איז. זי האָט אוודאי געהאַט צו טאָן מיט לעווינזאָהנ'ען און מיט אַלע אַנדערע פריינד זיינע אין בוענאָס איירעס. אַ הור בלייבט אַ הור. איין זאַך האָט מאַקס'ן געחידושט: ווי קומט עס וואָס מאיר סמעטענע האָט אים נישט דערצעהלט דעם אמת? מאיר וואָלט זיכער געוואוסט ווער זי איז. מ'האָט אים פון אַלע זייטען צוגעטראָגען אַלע רכילות'ן. נו, איכ'ל מוזען זיך אָפּזונדערן פון אַלעמען. איכ'ל פאַרשווינדען ווי אַ שטיין אין וואַסער. ער איז געלעגען און געמאַכט פּלענער. כ'האָב מיך שוין לענג געוואַלגערט אין מיסט. קרעפּלעך ווערען איר צוגעגעסען. איכ'ל ווערען אַ איד ווי אַלע אידען... ער איז געהאַט געקומען קיין וואַרשע ברוטענע מוידען פאַר כער־טא'ס נפקא־בית, אָבער עמיץ אין הימעל האָט געהאַט אַלץ אויסגעדרייט אַנדערש. מאַקס האָט געהערט וואָס דער טאַטע זיינער, דער כשר'ער איד, דער שמש, וואָס איז געשטאָרבען צו אַכט און דרייסיג יאָר, האָט געזאָגט: אין הימעל טוט מען אַכטונג אויף אַלעמען, פון אַ ווילוטיר ביז דעם איי פון אַ לויז. ער אַליין, מאַקס, האָט וויפל מאָל איינגעזעהן אַז ס'איז דאָ אַ האַנט וואָס פירט.

ער איז געלעגען שטיל און פאַר'חידוש'ט וואָס ער האָט מיט זיין גאַנצער געניפּטקייט זיך געלאָזט אַזוי קאַלדיש אָפּנאַרען... אין דעם אַליין האָט געשטעקט אַ שטיק באַשערטקייט. אַז מ'וויל אויבען, ווערען די אויגען פאַרבלענדט ביים גרעסטען חכם. ברעקלעך פון הייליגע ספרים זענען אים געלעגען אויף דער צונג: גאָט פאַרנאַרישט די קלוגע... ער מאַכט שוואַך די שטאַרקע... ער פאַרקרימט די היינטערליסטיגקייט פון די מנוולינע... צוואָר, ער, מאַקס, האָט געטאָן אַ סך שלעכטס, אָבער וויפל ער האָט זיך אָנגעליטען ווייסט בלויז גאָט... מ'מוז, ווייזט אויס, פאַר אַלץ באַצאָהלען... מ'פירט אין הימעל אַ בוכהאַלטעריע... און די אַנאַרכיסטען ווילען אַלץ פאַרריכטען מיט באָמבעס...

ער האָט מער נישט געקאָנט ליגען. ער איז שטילערהייט אַראָפּגעקראָכען פון בעט און זיך געלאָזט מיט שטילע טריט צום קאָרידאָר. זי'ט נאָך מיינען אַז כ'וויל זי באַגנב'ענען, איז אים דורכגעלאָפען אַ חציון. ער איז אַריין אין סאַלאָן און אָנגעצונדען אַ לאָמפּ. ער האָט זיך דערזעהן אין דער צעברייטער צולאַנגער פּידזשאַמאַ, דאָס פּנים בלאַס, די האָר צעשויבערט, די אויגען פאַרשלאָפען. ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ פאָטעל. ער האָט געוואָלט רויכערן, אָבער ער האָט געהאַט איבערגעלאָזט די פּאַפּיראָסען אין רעקל. ער האָט געקוקט אויף די בילדער אין די גאָלדענע ראַמען. אַ סצענע פון יאַגד. עפּעס אַ פּריץ אין גריטען אויף אַ פערד און פאַראויס איז געלאָפען אַ טשאַטע יאַגדהינט. דער פּריץ האָט געטראָגען אַ רויטען ראָק, ווייסע ריידהויזען, שטיוול מיט שפּאָרען און הויכע קאַלעוועס. ער האָט געשמייכעלט וואָס אַזוי פיל הינט לויפען פאַר אים, גרייט צו כאַפּען אַ דערשראָקענעם האָז אָדער אַ פוקס און אים צו צערייסען אויף שטיקער. אַ גוי'איש'ער פאַרגעניגען האָט מאַקס געמורמעלט. אין אַרגענטינע כאַפּען די גאַוטשאָס אַן אָקס אויף דער פּאַמפּאַ, האַקען אָפּ פון אים אַ שטיקעל פלייש לעבעדיגערהייט און בראָטען אַ ביפשטיק. דאָס איז ביי זיי ספּאָרט. מאַקס האָט זיך איצט געשעמט מיט די פאַנטאַזיעס זיינע וועגען פּייניגען פלאָראַ'ן. מ'קאָן נישט פאָדערן קיין ערליכקייט ביי אַ הור. אַזוינע ווי זי אויב זי קאָן, מוז זי... נו, אָבער קאָן די ליבשאַפט וואָס זי האָט אים אַרויסגעוויזען אין די אַלע יאָרען זיין נישט מער ווי איין גרויסער ליגען? קאָנען די אַלע קושען און צערטליכקייטען זיין אינגאַנצען אָנגעשטעלט? קאָנען דער בויך און די בריסטען און די געבער־מוטער זיין אַזוי פאַלש ווי די צונג?

ער האָט געהאַט איבערגעלאָזט דעם זייגער אין וועסטקעשענע. דאָ האָט געהאָנגען אַ פאַרצייטיגער וואַנט־זייגער מיט אַ געשניצטע ראַהם און מיט וואָגעס, אָבער ער איז געשטאַנען. מאַקס האָט געהערט ווי מ'קלינגט אין טויער — אַ סימן אַז ס'איז נאָך ווייט צו טאָג. זעלטען עמיץ קומט אַהיים פאַרטאָג. ס'מוז זיין נישט מער ווי אַרום איינס. ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַרויסגעקוקט. אין אַלע פענסטער אין הויף זענען די לאָמפּען שוין געווען פאַרלאָשען אָבער אין איין פענסטער אַקעגענאיבער האָט געלויכטען אַ לאָמפּ. דריי פאַרשוין זענען געזעסען און געשפּילט אין קאָרטען. מאַקס האָט לאַנג געגאַפט אויף זיי. ער האָט אפילו געפּראָוועט דערקענען וואָס זיי שפּילען — אָקע, זעקס און זעכציג, אָדער באַנק. ניין, ס'איז אָקע. מ'האָט געכאַפּט אַ בליק אויף די קאָרטען און געגעבען אַ ווייזע. אַ פרוי וואָס האָט נישט געשפּילט האָט אַריינגעטראָגען טיי. ווען שלאָפען זיי? קאָנען זיי נישט געפינען קיין בעסערע פאַרוויילונג? ער, מאַקס, איז נישט קיין שפּילער. ווער ס'האָט ליב ווייבער, וויל נישט פאַרברענגען די צייט מיט זיין אייגען מין. פלאָראַ האָט גראָד יאָ ליב געהאַט אַ קערטעל. דער אמת איז, אַז ווען נישט די קאָרטען וואָלט מען אין אַרגענטינע און אויף דער גאַנצער וועלט אויסגעגאַנגען פון לאַנגווייל. נישט די ציידונגען, נישט טעאַטער, נישט די רעסטאָראַנען און קאַפעען האָבען געקאָנט פאַרטרעטען קאָרטען. אפילו די קאַסינאָ און דער רולעט אין מאַר־דעל־פּלאַטאַ האָבען נישט געקאָנט פאַרנעמען דאָס אָרט פון פּעשל קאָרטען. פלאָראַ האָט אַמאָל געזאָגט אין שפּאַס אַז אויב זי פּלוצעם יאָר שפּילען אין קאָרטען האָט זי אָדער געוואָרנען אַ פּעזאָ אָדער פאַרלוירען אַ פּעזאָ. דאָס איז געווען דאָס בילינגסטע מיטעל צו פאַרגעסען די צייט. אַזוי ווי מ'האָט געבעטען גאָט מ'זאָל לעבען לאַנג און מ'איז געלאָפען צו דאָקטוירים צוריקקריגען יאָרען, אַזוי האָט מען געמוזט די יאָרען אָפּהרג'ענען...

מאַקס האָט דערהערט טריט און אידאַ האָט זיך באַוויזען ביי דער טיר, אין אַ שלאָפראָק און שטעק־שיך.

— פאַרוואָס שלאָפט איר נישט? — האָט זי ווידער אָנגעהויבען אים אירצען.

— כ'קאָן נישט שלאָפען.

— איר נעמט זיך אַזוי צום האַרצען וואָס סחורקע האָט געזאָגט?

— ניין. אַ נאַר דאַרף מען טאַרען.

— איר האָט אייער פרוי נישט גענאַרט? צוויי מענטשען קאָנען נישט אונטערשרייבען אַ קאָנטראַקט זיך ליב צו האָבען אַ גאַנץ לעבען. די גאַנצע הייראַט־אינסטיטוציע איז געבויט אויף אַ ליגען.

— פריינע ליבע, האַ? און וואָס וועט זיין מיט די קינדער? ווי וועלען זיי וויסען ווער ס'איז דער טאַטע?

אין דער נאַטור זענען נישטאָ קיין טאַטעס. בלויז מאַמעס. די מאַמע אַליין איז אַ מאַמע בלויז אַ שטיקעל צייט. איך האָב קיינמאָל נישט געוואָלט זיין נישט קיין ווייב און נישט קיין מאַמע.

— אויב ס'וועלען נישט זיין קיין מענטשען, צו וואָס וואַרפען באָמבעס? צו וואָס רעוואָלוציעס?

— ס'וועט זיין. ס'וועט אויסוואַקסען אַ נייער מענטש אָהן פּריווילעגיעס און אָהן ליגענס.

ער'ט נישט זיין קיין קנעכט פון אויסגעטראַכטע געטער און אויסגעטראַכטע געזעצען. ער'ט טאָן וואָס אים געפעלט.

— ביז ס'וועט אויסוואַקסען אַזאַ מענטש, וועט איר שוין זיין אַלט אָדער ליגען אין קבר. אויב מ'וועט אייך איינזעצען אין ציטאַדעל אָדער שיקען אויפ'ן שטריקעל, וועט אייך קיינער נישט דאַנקען.

— כ'דאַרף נישט מ'זאָל מיר דאַנקען. כ'האָב נישט קיין מורא פאַר'ן ציטאַדעל און פאַר דער תליה אויך נישט. ס'איז גרינגער צו שטאַרבען אויף דער תליה ווי פון אַ ראַק.

— די וועלט גייט נישט אויף קיין שום וועג. די מאַרקסיסטען פּלוידערן וועגען דער געשיכטע ווי זי וואָלט געווען אַ קאָמעט, און זי גייט אויף איר אייגענעם וועג. נאַרישקייטען. מיר מענטשען מאַכען די געשיכטע. די געשיכטע איז אַ פערד. וואו מ'טרייבט עס, דאָ גייט עס.

— אפשר איז פאַרט דאָ אַ גאָט?

— איר קאָנט האָבען אייער גלויבען. מיר, שטירנעריסטען, באַקעמפען נישט רעליגיע. אייער גלויבען איז אייער אייגענטום און קיינער האָט נישט די רעכט עס ביי אייך אַוועקצונעמען. איך

(שלוס אויף ביינטעל בריף)

# דיגעסט

(שלום פון עדיטאריעל זייט)

אליין האלט, אז אלץ איז א צו־פאל. איך וואלט אפשר טרינקען טעה?

— ווי שפעט איז?

— ארום צוויי. איין א שעה ארום וועט אנהויבן טאגן. דאס טויער עפנט מען ערשט זעקס אזייגער און ביז דאמאלס זענט איר א געפאנגענער ביי מיר. איז דאס נישט שרעקליך? כ'האב ווייזט־אויס, געהערט צו־פיל. כ'בין אייך מיט אמאל געווארען אנטיפאטיש. כאטש איר זענט וואס איר זענט, ווילט איר פונדעסטוועגן יעדע פרוי וואס איר באגעגנט זאל זיין א כשר'ע בתולה. נישט אזוי? כ'פאר־שטעה. מ'האט אייך אלע אזוי אויפגעצויגן. טריפענער יאר. אבער ס'מוז נעמען אן עק דערצו.

— וואס זענען אייערע טאטע־מאמע?

— הא? אלט־מאדישע מענ־טשן. מיין פאטער ראזירט זיך נישט. ער שערט די באָרד. מיין מוטער גייט נישט קיין שייטל, אבער זי האלט כשר. שבת קומט א שבת־גוי'ע און הייצט דעם אויוון. זיי האבן נישט פון מיר קיין נחת. זיי האבן מיך אויסגעמוטשעט פאר א טאכטער. כ'האב צוויי אינגערע שוועס־טער און זיי האבן מאנען מיט קינדער. מיינע עלטערן האבן פרי אנגעהויבן וועלן אייניק־לעך. מיין מוטער פלעגט אלעמאל זאגן: אייניקלעך זיינען ריי־נער ריווח. אייניקלעך האט מען אהן בויך־ווייטאג. אבער איך האב פרי אנגעהויבן טראכטן וועגן דעם מענטש און דער גע־זעלשאפט. די פרייהייט וועט נישט קומען אהן קיין בויך־וועה־טאג.

— אפשר וועט זי איבערהויפט נישט קומען?

— ס'הענגט אפ פון אונז. איכ'ל מאכן טיי.

---

(פארטזעצונג — פרייטאג)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון **יצחק באַשעוויס**

(פאָרטזעצונג)

## קאַפּיטל פינף

1

מאַקס איז אַרויס אין גאַס. אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע האָט ער גענומען אַ דראָזשקע און זיך געהייסן פירן צום האָטעל בריסטאָל. די טראַמווייען זענען געווען באַליכטעט ווי ס'וואָלט נאָך געווען נאַכט — און אָנגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן — אַרבעטער וואָס זענען געפאָרן אין די פאַבריקן. די מערסטע האָבן געטראָגן מיט זיך טיטלען מיט שפּייז. זיי האָבן אויסגעזען בלאַס, פאַרשלאָפן און ס'האָט אַרויסגעקוקט פון זייערע אויגן די ביטערניש פון יענע וואָס דאַרפן זיך אַרויסרייסן פון בעט צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. דער רוב איז באַשטאַנען פון מאַנסליט, אָבער ס'זענען געווען צווישן זיי אַ היפּש ביסל פרויען, טייל מיט טיכלעך אויף די קעפּ, אַנדערע אין ביליגע שטרוי־היטלען, אין ציצנע קליידער. וועט דער טוגל צו הער מאַנק און די באַמבעס זיי העלפן? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. — ווער וועט אַרבעטן אין די פאַבריקן נאָך דער רעוואָלוציע? ער איז צוגעפאָרן צום האָטעל בריסטאָל און ווי נאָר ער איז אַריין אין פּאָדעריאַל האָט ער גלייך געזען, אַז דער שליסל פון זיין צימער הענגט איבער זיין ביוראָ. פלאָרא איז נישט געקומען אַהיים נעכטיקן. דער קלערק האָט אים דערלאַנגט דעם שליסל שווייגנדיקערהייט. ווי וואויל מאַקס האָט זיך געריכט, אַז ס'קאָן אַזוי פּאַסירן, איז ער געווען דערשטוינט. ס'איז עפּעס נישט אין פלאָרא'ס נאַטור. אויף וויפל ער האָט זי געקענט, צו האַנדלען מיט אַזאַ חוצפּה. ער האָט געטראַכט אַ וויילע אָנצוקלינגען צו פּיוטעלע שעכטער. ער האָט געוואוסט פון פלאָרא'ן אַז פּיוטעלע האָט אַ טעלעפאָן. אָבער ער האָט באַלד זיך דערפון אָפּגעשאָקלט. ער האָט נישט געוואָלט הערן זיין קול. ער האָט זיך נישט געקענט אַזוי ווייט דערנידעריקן. ער האָט נישט געהאַט אָנגענומען קיין קלאָרן באַשלוס, אָבער ער האָט גלייך גענומען איינפּאַקן זיינע וואַליזעס. איכ'ל זי לאָזן שוויצן. איכ'ל מער איר טריף פּרצוף נישט אָנקוקן. זי איז געווען פאַרשריבן אין זיין פּאַס. ער האָט געהאַט מיט זיך דאָס גאַנצע געלט און די אַנווייזונגען אין די בענק. אַ וויילע האָט ער זיך געשפּילט מיט דעם געדאַנק נישט צו באַצאָלן דעם רעכענונג אין האָטעל, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אַרויסנעמען זיין געפּעק און נישט באַצאָלן. ער האָט אַלץ געטאָן אויטאָמאַטיש גיך. ער איז אַראָפּ באַצאָלן דעם חשבון. ער האָט געזאָגט דעם קלערק אַז זיין פרוי וועט קומען שפּעטער און אויפנעמען איר געפּעק. דער קלערק האָט אָנגעשטעלט אַ פּאַר חידוש'טע צורה. אָבער ווי באַלד דער חשבון איז געדעקט און די צייט זיך אַרויסצוציען איז נאָך מיר־טאָג, האָט ער נישט געקאָנט האָבן קיין שום טענה. מאַקס איז צוריק אַרויף צו זיך אין צימער און באַלד דערנאָך האָט אַ באַדינער אַראָפּגעטראָגן זיינע דריי גרויסע וואַליזעס. אַ דראָשקע האָט געוואַרט פאַר'ן האָטעל און מאַקס איז איינגעשטיגן. ערשט ווען דער פורמאַן האָט געפרעגט: וואוהין? האָט מאַקס איינגעזען, אַז ער האָט נאָך נישט געהאַט באַשלאָסן וואוהין צו פאָרן. אָבער נאָך אַ רגע האָט ער זיך געהייסן פירן צו דער באַנק וואוהין ער האָט געהאַט אַן אַנווייזונג. ער האָט געזאָגט צום פורמאַן:

— איר וועט וואַרטן מיט'ן געפּעק. איך דאַרף קריגן געלט און דערנאָך וועלן מיר ווייטער פאָרן.

— יאָ, ווי הער פּאַן וויל. וויוואַ!

די דראָשקע האָט גענומען פאָרן און מאַקס האָט צו זיך געזאָגט: דאָס וועט זיין פאַר איר אַ ערגערע שטראָף פון אַלע קללות. דער'הרג'ט וואָלט איך זי סיי־ווי נישט. ס'וועט איר בלייבן איין וועג: צוריק אין הייזל אַריין. פּיוטעלע וועט באַלד אַוועקטראַסקען ווען ער וועט הערן, אַז זי איז אַהן אַ קאָפּיקע. זי וועט מוזן אַרויסקריגן דאָס וואָס אַלע זונה'ס — אַ געלען פּאַס. מאַקס האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז נאָך אַ וויילע וועט די פּאָליציי אים אָנהויבן זוכן, אָבער די פּאָליציי וועט נישט איינרייסן קיין וועלטן אים צו געפינען. פלאָרא איז אַהן אַ פּאַס. נאָך עפּעס, ביז די פּאָליציי וועט אים נעמען זוכן, קאָן ער שוין זיין איבער דער גרעניץ. ווי באַלד אַלע האָבן פון אים געמאַכט ס'גוטמאַר, אַפילו מאיר סמעטענע, איז ער קיינעם גאָרנישט שולדיג. ער האָט געהאַט אַריינגעבאָדען דריי הונדערט רובל אין עפּעס אַ טונעל וואָס אַנאַרכיסטן ווילן גראָבן, אָבער אַמווייניגסטן וועט מען אים נישט איינפּאַקן אין חד־גדיא.

אַלץ דאַנקען גאָט, אַלץ איז צוגעגאַנגען גלאַטיג. מ'האָט נאָר וואָס געהאַט געעפנט די באַנק און ס'זענען אויך נישט געווען קיין קליענטן. מאַקס האָט צוגעשטעלט די קרעדיט־פּאַפּירן און ער האָט געקראָגן פון קאַסירער פופצן הונדערט רובל אין באַנקנאָטן און זיבן הונדערט רובל אין גאָלדענע רענדלעך. עס האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון אַז דאָס איז אַ פאַרמעג. מ'האָט געקאָנט מיט אַזאַ סומע געבן נדן זעקס טעכטער. אַפילו ווען ער וואָלט שוין גאָרנישט מעהר פאַרמאָגט, וואָלט ער געקאָנט פאַר דעם געלט לעבן דריי אפשר פיר יאָהר. אָבער דאָס איז בלויז געווען אַ נישטיגער טייל פון זיין פאַרמעגן. ער האָט געהאַט סעיפן און אַקציעס אין לאָנדאָן, פּאַריז, בערלין. ווי באַלד פלאָרא האָט נישט קיין פּאַס, וועט דער קאָנסול פון אַרגענטינע נישט טאָן פאַר איר קיין האַנט אין קאַלט וואַסער. אחוץ דעם, זענען זיי ביידע — נישט ער, מאַקס, און נישט זי, פלאָרא — אַרגענטינער בירגער. די אַרגענטינישע פּאָליציי פּאָליציי געהט ווייניג אָן אַ מחלוקת צווישן צוויי „פּאָלאַקען“, ווי זיי האָבן גערופן די פּוילישע אידען. ער, מאַקס, וועט דערגרייכן אַרגענטינע פריער פון פלאָרא'ן און דאָרט אַרויסקריגן אַלע זיינע געלטער. ער קאָן עס אַפילו אפשר טאָן טעלעגראַפיש פון בערלין אָדער לאָנדאָן. דער אמת איז, אַז ער האָט נישט חתונה געהאַט מיט פלאָרא'ן געזעצליך. זיי האָבן געשטעלט אַ חופּה ביי אַ מורה־הוראה. אַלץ וואָס זי האָט איז אַ כתובה און די כתובה ליגט מסתמא פאַרפּאַקט צווישן זיינע, מאַקס'עס, פּאַפּירן אין בוינעס־איירעס. אָדער אפשר האָט ער זי איבערהויפּט פאַרלוירן. טיילמאָל ווען ער האָט זיך גענויטיגט אין עפּעס אַ דאָקומענט, האָט ער געזוכט וואָכען און חדשים ביז ער האָט אים געפונען. מאַקס איז געווען אַליין דערשטוינט ווי שנעל ער איז געקומען צו אַ באַשלוס. ווי אַלעמאָל האָט ביי אים די צונג געטראַכט גיכער ווי דער קאָפּ. ער האָט נאָך אַלץ נישט געהאַט ביי זיך אָפּגעפּאַסט וואוהין צו פאָרן פון דער באַנק, אָבער ווען דער פורמאַן האָט ווידער געפרעגט: וואוהין? האָט מאַקס געענטפערט:

— צום ווינער וואָקזאַל.

ער האָט געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך נישט צו פאָהרען דורך דער גרעניץ אויפ'ן וועג קיין בערלין, נאָר צו קריגן אַ באַן קיין מלאַווע אָדער צו עפּעס אַן אַנדער שטעטל ביי דער דייטשער גרעניץ און דאָרט זיך אַריבערצושמוגלען קיין פּרייסן. ווי ער האָט עס געטאָן צום ערשטן מאָל, ווען ער איז געפאָרן מיט פלאָרא'ן קיין אַרגענטינע. צו וואָס ווייזן אַ פּאַס ווען מ'קאָן זיך שוואַרצן פאַר פינף אָדער צען רובל? אמת, זיך שוואַרצן מיט וואַליזעס איז אַ ביסל שווערער ווי אָהן געפּעק, אָבער אַז מען צאָהלט די מוליכ'ערס, קאָן מען אַפילו אַריבערפירן אַ וואַגאָן מיט קאָנטראַבאַנד. זיין כלל איז אַז מ'דאַרף ווייכן פון גרעניצן, באַאַמטע, פּאָליציי און אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט דער מלוכה. יעדעס קנעפּל קאָן אָנטאָן צרות. מאַקס פלעגט זיך ווייצלען מיט בערטאָ'ן: אויב מ'קאָן געהן מיט'ן קרומען וועג, דאַרף מען נישט געהן מיט'ן גלייכן וועג... ס'איז געווען אויסטערליש צו טראַכטן אַז ער האָט מיט אַמאָל, מיר־נישט דיר־נישט, פאַרלוירן פלאָרא'ן, מאיר סמעטענע, לאה'ן, און אפשר אויך זיין היים און די גוטע פריינד אין בוינעס־איירעס און אַז ער איז מיט אַמאָל געוואָרען אַ נייער מענטש, אַ וואַנדערער אויף גאָט'ס וועלט. ער האָט געהאַט צוגעזאָגט צו קומען קיין פּינטשעוו צו זיין משפּחה, אָבער איצט קאָן ער דאָס מעהר נישט טאָן. קיינער טאָר נישט וויסן וואו ער איז. ער דאַרף אָנהויבן אַלץ פונסניי אַשטייגער ווי ער וואָלט געווען אָדם הראשון. אַ האָפערדיגקייט האָט אים אַרומגעכאַפּט ווי אַ שיכרות. ער איז ווידער ווי איידער ער האָט דערקענט פלאָרא'ן — אַ בחור, אַ הפקר־יונג, אַ פאַרשוין אָהן פליכטען. ער האָט געהאַט ווי דורך אַ כישוף אַראָפּגעוואָרפן אַלע לאַסטען. זיי וועלן שוין מוזן גראָבן דעם טונעל אָהן מיר, האָט ער זיך גערייצט מיט די אַנאַרכיסטן. אויב ס'וועט זיי געראָטן, וועט מען שרייבן וועגן דעם אין די צייטונגען און אויב מ'וועט זיי כאַפּן, וועט מען מסתמא אויך מעלדן דערוועגן...

די דראָשקע איז צוגעפאָהרען צום ווינער וואָקזאַל און מאַקס האָט באַצאָהלט דעם גוי אַ האַלבן רובל. צוויי פּאָרטערס האָבן געכאַפּט זיין געפּעק. אַזוי ווי ער האָט נאָך נישט געוואוסט גענוי וואוהין ער פאָהרט, האָט ער געהייסן צוטראָגן די וואַליזעס צו דער אָפּטיילונג וואו מ'האַלט באַגאַזש פאַר פּאַסאַזשירן. מ'האָט אים אַרויסגעגעבן אַ נומער און ער איז אַוועק זיך נאָכפרעגן וואוהין באַהנען געהען פון דאַנען און ווען. אַ באַהן אין דער ריכטונג קיין פּרייסן האָט ערשט געזאָלט אָפּגעהן פאַרנאַכט. דאָס האָט נישט געטויגט. ער האָט געמוזט אַוועק פון וואַרשע אַזוי גיך ווי מעגליך. אַ באַהן פון לאָדזש האָט געזאָלט אָפּפאָהרען אין צוויי שעה אַרום. אפשר דערווייל פאָהרען קיין לאָדזש? אַפילו אַזוי, זענען אים נאָך געבליבן קנאַפּע צוויי שעה. ער האָט געקויפט אַ בילעט צווייטע קלאַס קיין לאָדזש און איז אַריין אין עס־זאַל צווייטע קלאַס באַשטעלן אָנבייסן. קענענדיג די וואַרשעווער פּאָליציי, האָט ער געוואוסט, אַז ס'דאַרף דויערן אַמווייניגסטע אַ מעת־לעת אָדער מעהר ביז מ'וועט אים אָנהויבן זוכן. ס'קאָן גרייליך מעגליך זיין אַז מ'וועט אים קיינמאָל נישט זוכן. ער האָט געהאַט באַצאָהלט דעם האָטעל. ער איז נישט באַגאַנגען קיין שום פּאָליטיש פאַרברעכן. פלאָרא האָט נישט קיין דאָקומענט צו באַווייזן, אַז זי איז זיין ווייב. מאַקס האָט באַשטעלט אָנבייסן און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.

נו, וואָס מיר קומט אַלץ צו האָבן! מאַקס האָט ליב געהאַט אַוואַנטורעס. קיין זאַך האָט אים נישט אַזוי אויפגעהייטערט ווי טאָן זאַכען אין איילעניש, אַנטלויפן פון געפאַהר. ער האָט זיך אַליין פאַרגליכן צו די העלדען אין קינעמאַטאָגראַף אָדער „אילוזיאָן“ — טרעמפּס, וואָס שפּרינגען איבער דעכער פון שנעלצוגען, באַנדיטען וואָס יאָגען זיך מיט פּאָליציי, בוידען מיט ווייסע מענשען וואָס אַנטלויפן פון אינדיאַנער. מאַקס האָט געקאָנט אָפּזיצן שעה'ן און קוקן אויף די צאַפּלדיגע מענטשעלעך, זייערע האַסטיגע באַוועגונגען, זייערע אויגענבליקליכע באַשלוסן, זייערע שטומע שיסערייען. ס'איז אַלעמאָל געפאַלען איבער זיי אַ גאָלדענער רעגן. אָבער ער האָט זיך איצט גענומען ווידער גריבלען דערוועגן וואָס ס'איז געשעהן מיט אים היינט ביינאַכט, נאָך איידער ער האָט זיך דערוואוסט וועגן פלאָרא'ס פאַרראַט. פאַר אים, מאַקס'ן, צו זיין מיט אַ נקבה אַ גאַנצע נאַכט און צו בלייבן קאַלט, איז עפּעס וואָס מוז איבעראַנדערשען זיין גאַנץ לעבען. ס'איז געווען אַן אָנזאָג, אַז ער ווערט אַלט. אויב ס'האָט געטראָפן איין מאָל, קאָן עס טרעפן אַ סך מאָל. ער האָט אָפט געלייענט אין די אידישע צייטונגען אָנאָנסען פון דאָקטוירים וואָס באַהאַנדלען „מענער שוואַכע“. ליידט ער שוין באַצייטענס דערפון? איזהאַ האָט אים געהאַט שטאַכעלירט אַז אַזאַ ווי ער דאַרף זיין אַ געטרייער מאַן, נישט אַ לאַוועלאַס. נו, אָבער וועמען זאָל ער איצט זיין געטריי?

מיט אַמאָל איז אים געקומען אויפ'ן זין שאַשע. אין דער בהלה פון די לעצטע צוועלף אָדער פופצן שעה האָט ער געהאַט אין איר פאַרגעסן. אפשר קאָן ער זי מיטנעמען מיט זיך? אפשר איז ער קאַפּאַבל אין וועלכע צוויי שעה זי אָנצורעדן אַלץ איבערצולאָזן און צו אַנטלויפן מיט אים? צוויי שעה איז ווייניג צייט, אָבער ער האָט ערגיץ געלייענט אין אַ קאַלענדאַר אַז צייט איז אַ לעבעדיגער זאַך: מ'קאָן אין איר אַריינפּאַקן אַ ביסעל און אַ סך. מיט אים, מאַקס'ן, אַליין האָט שוין געטראָפן אַז ער האָט פאַרפירט אַ נקבה אין איין שעה. מאַקס האָט איצט געהאַט מיט זיך זיין נאָטיץ־ביכעל. ער האָט געפונען שאַשע'ס טעלעפאָן־נומער. ער האָט געלאָזט שטעהן דאָס אָנבייסן און איז אַוועק איר טעלעפאָנירן. שאַשע האָט געענטפערט און מאַקס האָט געזאָגט:

— שאַשע, דאָס בין איך, מאַקס שפּינדלער, פון אַרגענטינע.

— יאָ, כ'ווייס, כ'דערקען — האָט שאַשע געזאָגט. — יאָך האָב שוין געמיינט אַז איר'ט אַלץ פאַרגעסן.

מאַקס האָט גענומען רעדן מיט אימפּעט:

— כ'האָב גאָרנישט פאַרגעסן. אָבער ס'האָט זיך געמאַכט אַזוי אַז כ'מוז גלייך אַוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד. איך קלינג צו דיר פון וואָקזאַל. אין אַנדערט־האַלבן שעה אַרום געהט אָפּ די באַהן. אויב דו ווילסט מיט מיר פאָהרען, פּאַק איין אַ פּאָר זאַכען — אָדער פּאַק גאָרנישט איין; איכ'ל דיר אַלץ קויפן — און קום גלייך צו מיר.

שאַשע האָט לאַנג געשוויגן.

— דער טאַטעשי — —

— פרעג נישט ביים טאַטעשי. קום גלייך צו מיר! וועסט אים שרייבן פון אויסלאַנד.

— די אַלטע — —

— לאָז זי איבער. עמיץ פון די שכנים וועט זיך דערוויסן און מ'וועט איר העלפן —

מאַקס האָט דערהערט דורכ'ן טעלעפאָן אַ שאַרכעניש, אַ שטאַמלעניש און עפּעס ווי אַ פּויקען מיט די ציין.

— ווי קאָן יאָך עפּעס אַזוי גיך און — —

— יאָ, אָדער ניין. דאָס איז דיין איינציגע געלעגענהייט אַרויסצוקומען אויף דער פרייער וועלט — האָט מאַקס גערעדט, אַליין געפּלעפט דערפון וואָס ער טוט. שאַשע איז מינדעריעריג. ווען אַזאַ מיידעל פאַרשווינדט, זוכט מען זי אויף אַלע וועגן. פאַר אַנטלויפן מיט אַזאַ קומט אַ שווערע שטראָף. איבערלאָזן אויף הפקר אַ זקנה אַ קריפּל, איז אַ גרויסע עבירה.

(ווייטערס — מאָרגן)

# די געסט

## (נאוועלע)

פון

**יצחק באשעווים**

(פארטזעצונג)

מאקס איז גארנישט געווען זיכער צי ער וויל שאשע'ן. ער האט געהאט דאס געפיהל פון א רולעטע־שפילער וואס שטעלט אלץ אויף קאן וויסענדיג, אז די שאנסען זענען קעגען אים. ער האט אפשר זיך אליין געוואלט באווייזען, אז ער האט נאך קראפט איבער דעם ווייבערשען מין. ער איז פונדעסטוועגען געווען פארזיכטיג און נאך נישט געזאגט שאשע'ן אויף וואס'ער וואקזאל ער געפינט זיך. ווארשע האט געהאט פיר וואקזאלען. ער האט אין דער לעצטער מינוט געקאנט ענדערען זיינע פלענער. שאשע האט געשוויגען, אבער מאקס האט געוואוסט, אז דאס טראכט זי איבער, וועגט זיינע ווערטער. ער איז געווען ווי א היפנאטיזאטאר, וואס טרעט ארויס אין א טעאטער און פרואווט עמיצען איינרעדען, אז הייס איז קאלט און אז א נאדל אין לייב טוט נישט וועה. ער האט ערגיץ געהאט געלייענט, אז יענע, וואס היפנאטיזירען אנדערע, היפנאטיזירען אפט זיך אליין. שאשע'ס קול איז איצט געווען אזוי שטיל אז ער האט עס קוים געהערט.

— וואס זאל יאך טאן?

— כ'האב דיר געזאגט: נעם א דראזשקע און קום גלייך צו פאהרען.

— גאר נישט איינפאקען?

— דארפסט גארנישט פאקען. כ'על דיר אלץ קויפען.

— וואו איז דאס?

— דו קומסט אדער נישט?

— יא — האט זי כמעט געשעפטשעט.

— אויפ'ן ווינער וואקזאל. נאר זאג נישט קיינעם קיין ווארט, נישט דיין טאטע'ן און נישט מאיר סמעטענע. אויב וועסט עמיצען טעלעפאנירען און דערציילען, איז אלץ אויס.

— די אלטע שלאפט.

— לאז זי שלאפען.

— דאס איז א שרעקליכע עבירה —

— איך נעם די עבירה אויף מיר. קום גלייך.

— גארנישט איינפאקען?

— גארנישט.

— אזוי ווי כ'גייה און שטעה?

— אזוי ווי דו גייהסט און שטעהסט. אויב דו האסט א זומער־מאנטעל, טוה אים אן.

— א החט?

— קום גלייך. ווארט נישט קיין מינוט. צום ווינער וואקזאל. כ'וועל ווארטען אויף דיר. זאג נישט קיינעם קיין ווארט!

און מאקס האט אויפגעהאנגען דאס טרייבל.

— נו, כ'בין א משוגע'נער מערדער! — האט ער צו זיך געזאגט. ער האט מעהר נישט געקאנט עסען. ער האט צוגערופען דעם קעלנער און באצאהלט. ער האט זיך אפגעגעבען א רעכענונג, אז אויב שאשע זאל טעלעפאנירען איר פאטער, וועט ער ברענגען אהער די פאליציי. ער, מאקס, האט נישט געטארט בלייבען אין וואקזאל. ער איז ארויס און זיך אוועקגעשטעלט אין גאס קעגנאיבער, צווישען ווידאק און די ירושאלימער אלעען. פון דאנען וועט ער זעהן אויב שאשע וועט אנקומען מיט א דראשקע, אדער אויב ס'זאל אנפאהרען פאליציי. וואס ס'זאל נישט געשעהן, וועט קיינער נישט קומען פריער ווי אין א האלבער שעה אדער דריי־פערטל שעה. מאקס האט באשלאסען זיך אומצוקערען אין וואקזאל. ער האט אויסגעגליכט זיין אייגענעם זייגער, וואס איז אביסל געלאפען, ער זאל שטימען מיט דעם זייגער פון וואקזאל. וואס זאל ער טאן מיט זיינע וואליזעס? ער האט זיי דערוויל געמוזט לאזען וואו זיי זיינען. ס'האט אים שוין איצט באנג געטאן וואס ער האט נישט אויפגעגעסען זיין אנבייסען, נישט געטרונקען די קאווע. דריי פערטל שעה איז לאנג ווען מ'איז אזוי אנגעצויגען ווי ער איז איצט. אין בוינעס איירעס זענען טייל מאל דורכגעלאפען וואכען און ער האט נישט געוואוסט וואו זיי זענען אהינגעקומען. אבער איצט האבען אים דריי פערטל שעה אויסגעוויזען שיער נישט ווי אן אייביגקייט. ער האט געקויפט א פוילישע צייטונג און אריינגעקוקט אין די נייעס. ס'האט זיך נאך אלץ געטומעלט וועגען דער דומע. מאקס האט געלייענט און כמעט נישט געוואוסט וואס ער לייענט. מ'האט זיך געקריגט וועגען די קאנדידאטען. פארטייען האבען געסטראשעט מיט נישט געהן צו די וואהלען. יעדע מינוט האט ער געכאפט א בליק אויפ'ן זייגער. דאס סעקונדען־ווייזערל איז געלאפען, נאר דער גרויסער ווייזער, וואס ווייזט מינוטען, האט ווי געגליווערט אויפ'ן ציפערבלעטל. די האלבע שעה איז פונדעסטוועגען אריבער און מאקס איז ווידער ארויס אינדרויסען און זיך ווידער אוועקגעשטעלט צווישען ווידאק־גאס און די ירושאלימער אלעען. וואו וועל איך זיין איבער־אכט־טאג אין דער צייט? — האט ער זיך אליין געפרעגט, און זיך געענטפערט: אדער אין לאנדאן, אדער אין פאוויאק.

ס'איז אים איינגעפאלען אנצודרעהען א מטבע ווי א דריידל און צו פרעגען ביי איר. קאפ האט געזאלט זיין לאנדאן און שלאק דער פאוויאק. די אונטערשטע טייל מויער פון דעם הויז, וואו ער איז געשטאנען, האט ארויסגעשטארצט און ער האט אויף איר אנגעדרעהט א זילבערן פעהנעדל. די מטבע האט געזאגט: תפיסה.

פינף פערטל שעה זענען געווען און אריבער און נישט שאשע איז אנגעקומען, נישט מאקס האט באמערקט פאליציי. זי'ס חרטה באקומען, האט מאקס גערעדט אויפ'ן קול. זי האט טעלעפאנירט דעם פאטער. מאקס איז גרייט געווען אריינצוגעהן אין וואקזאל און ארויסצונעמען זיין געפעק, אבער פון וואנען איז געדרונגען אז ס'וועט אנקומען באוואפענטע פאליציי? ווער האט נישט געלאזט דער פאליציי זיך פארשטענדיגען טעלעפאניש מיט דער פאליציי אין וואקזאל? ניין, איכ'ל אין וואקזאל מער נישט אריינגעהן, האט מאקס באשלאסען. איכ'ל לאזען אלץ, פארלאזען ווערען און אנטלויפען. ס'איז אפילו געווען געפערליך זיך צו דרעהען אקעגנאיבער אהן א צוריק. איכ'ל ווארטען נאך פופצען מינוט, האט ער באשלאסען. אויב זי'ט נישט קומען איך א פערטל שעה, וועל איך נעמען פיס. ער האט איצט פיינט געהאט די שאשע'ן, וואס אויף איר האט ער געווארט אזוי אומגעדולדיג. ער האט זי גערופען אין געדאנק קאלב, אידיאטקע, ראצעצריין. פלוצעמאל האט מאקס געהאט מיט זיך דעם רעוואלווער און אנגעלאדענעם. אויב עפעס שלעכטס זאל געשעהן, וועט ער זיך גלייך ארייננשיסען א קויל אין קאפ. ער האט געהאט א קינדישען חשק ווידער אנצודרעהען א מטבע און ביי איר פרעגען, אבער ער האט זיך איינגעהאלטען. ער האט אויפגעציטערט: ער האט געהאט פארגעסען צו פרעגען שאשע'ן צי זי האט א מעטריקע. אויף דער באן קאן מען אמאל פרעגען ביי אזא מיידעל אויף א דאקומענט. די באנען אין רוסלאנד זענען פול מיט זשאנדארמען. דא איז מען חושד יעדען איינעם אחוץ יענע וואס שיסען קסרים און ווארפען באמבעס. א האלבע שעה איז ווידער געהאט אריבער און שאשע האט זיך נישט געוויזען. נו, כ'האב מיך אליין גע'מסר'ט, האט מאקס צו זיך געזאגט. איצט זענען אלע ווענט פאר מיר פארשלאסען. אין דער רגע האט ער דערזעהן שאשע'ן אראפשטייגען פון א טראמוויי. ער האט זי שיער נישט פארזעהן ווייל אן אנדער טראמוויי האט זי פארשטעלט. זי האט געטראגען א בערעט. זי האט געהאלטען א גרויסע וואליזע און א שטרויענעם קויבער וואס ווייבער טראגען ביים איינקויפען אין מארק. זי האט אויסגעזעהן יונג, דערשראקען, און א שטארקע ליבשאפט האט אים אנגעכאפט צו איר. ער האט פארגעסען אלע חשבונות (די פאליציי האט געקאנט איר הייסען קומען אהער ווי זאלען אים דערקענען און ארעסטירען) און ער איז איר אקעגענגעלאפען. מ'האט אים שיער נישט איבערגעפאהרען.

— שאשע!

און ער האט זי געקושט. ער האט גענומען איר וואליזע און דעם קויבער אין איין האנט און אריינגעשטעקט די הענט אין דער הויזען־קעשענע וואו ס'איז געלעגען דער רעוואלווער. ער איז, ווי יעקב אבינו, גרייט געווען אויף שלום און אויף מלחמה. שאשע האט פארגענומען זיין ארעם און געזאגט:

— כ'האב געמוזט איבערווארטען אין א צווייטען טראמוויי. כ'האב געמאכט א טעות מיט'ן נומער פינף.

זי האט נישט אויסגעזעהן נישט דערשראקען און אפילו נישט צעטומעלט. ס'האט אויסגעוויזען אז זי האט אין דער לעצטער צייט זיך שוין געהאט צוגעוואוינט צו דעם וואס זי געהט טאן. מאקס'ן האט זיך געדוכט, אז זי איז געווארען דערוואקסענער זינט ער האט זי געזעהן צום לעצטען מאל. ער האט שוין לאנג געהאט איינגעזעהן אז נקבה'ס ווערען רייף פרי און עלטער ווי איבער־נאכט. מ'קאן פארפירען אן ערנסטע ליבע מיט א מיידעלע פון צוועלף יאהר און ס'וועט זיך ארויסווייזען אין איר די פרוי. ער האט געפרעגט:

— האסט א מעטריקע?

— א מעטריקע? ניין.

— נו, מ'עט זיך באגעהן. מיר'ן פריער צופאהרען קיין לאדזש און שפעטער צו דער דייטשער גרענעץ.

— וואו איז אייער ווייב? — האט שאשע געפרעגט.

— זי'ט שאכטערן ושטעטער. ווי באלד דו האסט נישט קיין מעטריקע וועלען מיר מוזען שווארצען די גרענעץ. פארלאז דיך אויף מיר.

— כ'האב איבערגעלאזט א בריוועלע פאר א שכנ'טע און עס אונטערגעלייגט ביי דער טיר. כ'האב ארויסגעשטעלט ביי דער אלטער'ס בעט צו עסען און צו טרינקען. מ'עט זי מוזען נעמען אין שפיטאל סאיזוי־סאי. דער טאטעשי וועט מאכען א געוואלד און ער'ט זיך דערוויסען, אבער ער האט דאך אן אנדער ווייב און אנדערע קינדער. ער האט מיך ארויסגעטריבען פון שטוב.

— פון איצט אן וועל איך זיין דיין טאטע און דיין ברודער און — — —

ער האט געוואלט זאגען: דיין מאן. אבער ער האט עס נישט געזאגט.

ס'איז שוין געווען נישט מער ווי צוואנציג מינוט פאר'ן אפפאהרען פון באן און ער האט נאך געדארפט ארויסנעמען זיינע וואליזעס. אבער פלוצים איז אים עפעס איינגעפאלען. ער האט געזאגט שאשע'ן:

— זיץ דא. איך וויל נאך אנטעלעפאנירען.

שאשע האט זיך אוועקגעזעצט אויף א באנק און מאקס איז אוועק טעלעפאנירען. ער האט נאך געוואלט רעדען א פאר ווערטער מיט מאיר סמעטענע. דער באשלוס איז געקומען ממש אויגענבליקליך. ער האט געקראגען א פארבינדונג און דערהערט לאה'ס קול. ער האט געוואלט אוועקלייגען דאס טרייבל, אבער אנשטאט דעם האט ער געזאגט:

— לאה, דאס בין איך.

לאה האט גלייך גענומען שרייען.

— וואו ביזטו אהינגעקומען? וואס טוט זיך מיט דיר? ביי מיר איז שווארץ־שבת. דיין ווייב האט שוין היינט גע'חלש'ט. זי זיצט דא מיט א פארבונדענעם קאפ. זי'ט אזוי געוויינט און שכנים זיינען זיך צוזאמענגעלאפען. דער פעלדשער איז שוין דא געווען. וואו ביזטו? כ'שטארב שוין אוועק.

— וואו איז זי געווען א גאנצע נאכט?

— דא? איר ברודער דער מלמד און זיין ווייב און א טאכטער זענען אנגעקומען פון דער פראווינץ. דו'סט איר געהאט געזאגט אז זעהסט נישט האבען קא' צייט פאר איר און מיר זיינען אוועק קויפען מציאה'ס הינטער די האלעס און אין גאסטשיני דוואר. מיר האבען זיך אזוי ארומגעשלעפט א גאנצען טאג. זי'ס טעלעפאנירט אין האטעל און ביזט נישט געווען. זי'ס געגעסען מיט אונז און איז אוועק אין האטעל. זי קומט צו צום האטעל און דארט וואַרט איר ברודער מיט דער שוועגערין און די קינדער. מ'האט זיי נישט אריינגעלאזט אין האטעל מיט די לאנגע קאפאטעס און זי מיט דער קאפקע און זיי האבען געווארט אינדרויסען ווי די ציגיינער. פלארא איז געווארען אזוי צעמישט אז זי'ט נישט געוואוסט וואס צו טאן און זי'ט מיר אנגעקלינגען. כ'האב זיי געהייסען נעמען א דראזשקע און קומען אהער. זיי זענען אלע געווען הונגעריג און אויסגעריסען און פארשמוצט. ביז כ'האב געפונען עמיצען וואס זאל זיי ארייננעמען, איז געווארען איינס באנאכט. פלארא האט כסדר געקלינגען אין האטעל און דו ביזט אלץ נישט געווען. זי האט אנגעזאגט דעם מענטש דארט ער זאל דיר זאגען, וואס ס'איז געשעהן ווען דו וועסט צוריקקומען. ס'איז געווארען אלץ שפעטער און דו ביזט אלץ נישט אהיימגעקומען, און כ'האב איר געזאגט זי זאל נעכטיגען ביי מיר. די משפחה איירע זענען עפעס אזוינע צלאפעס וואס מ'זעהט שוין גארנישט היינטיגע צייטען. איין שמוציגער גרעסער פון דעם אנדערען. אפגעריסען און קויטיג. כ'האב זיי געוואלט געבען עסען, נאר זיי האבען מיר פארטומעלט דעם קאפ מיט זייער גלאט־כשר. פרעג נישט, פלארא איז שיער נישט פון זינען אראפ. ווען יאך וואלט זי נישט איינגענומען, וואלט זי זיך א מעשה אנגעטאן. ווי אזוי פאלט מען עפעס אראפ מיר־נישט־דיר־נישט מיט דער גאנצער משפחה און אהן א גראשען געלט? היינט איבערפרי האט זי ווידער טעלעפאנירט און מ'האט איר געזאגט, אז דו האסט דיך ארויסגעצויגען. אז זי האט דערהערט די ווערטער איז זי געטאן א פאל אוועק ווי אן אונטערגעהאקטע. מ'האט זי קוים דערמינטערט. ס'איז ביי מיר אין שטוב תשעה־באב. וואו ביזטו, גזלן, רוצח, מערדער! ווען מאיר קאן, וואלט ער דיך צעריסען ווי א הערינג!

לאה האט דאס אלץ גערעדט אזוי געדיכט אז מאקס האט איר נישט געקאנט איבעררייסען. ס'איז אים שוין געווען קלאר, אז ער'ט פארשפעטיגען די באן. זי האט אזוי געשריגען אז ער האט געמוזט האלטען דאס טרייבל אפגערוקט פון אויער. ער האט געזאגט מיט א געבראכענעם קול:

— לאה, כ'וויל רעדען מיט מאיר'ן.

— וואו ביזטו אהינגעקומען? וואו לאזט מען דאס אבער א ווייב אין א פרעמד לאנד? דאס טוען דאך נישט די ערגסטע און געמיינסטע. ווען — —

— לאה, זיי אזוי גוט און רוף צו מאיר'ן — האט מאקס איבערגע'חזר'ט.

— נו, אז דו ביזט אזא פויגל האב איך נישט געוואוסט. ווארט — —

ס'איז געווארען שטיל און מאקס איז געשטאנען א פארשטומטער, מיט א געבויגענעם קאפ. נאך א וויל האט ער דערהערט מאיר'ס קול.

— מאקס?

— מאיר, כ'בעט דיך לאז מיך אויסרעדען א פאר ווערטער. כ'בין איצט אין אזא קלעם און מיין לעבען איז נישט ווערט קיין פוליער...

(פארזעצונג פרייטאג)

# די געסט

## (נאוועלע)

פון
יצחק באשעוויס

(פארזעצונג)

— וואס פאר א קאשע האסטו פארקאכט? — האט מאיר סמעטענע געפרעגט — נו, רייד.

— מאיר, כ'בין מיט שאשע'ן אויפ'ן ווינער וואקזאל. זי איז אוועק פון דער אלטער זי פארט מיט מיר.

מאיר האט נישט געענטפערט. מאקס האט געהערט זיין שווערען אטעם. נאך א ווייל האט מאיר געזאגט:

— וואס האסטו אפגעטאן? כ'האב דיך געווארענט, אז —

— כ'ווייס אלץ וואס האסט געווארענט. כ'בין משוגע געווארען. איכ'ל מיר ארייגשיסען א קויל אין קאפ.

— האסט עס כשר פארדינט. כ'בין קראנק צוליב דיר. ס'איז דא אזא סומאטאכע, אז כ'וויל אנטלויפען פון שטוב. ס'דריקט מיר פון אינדערפרי אונטער'ן הארץ. האסט מיך אזא זאך נישט געטארט אפטאן. דיין פלארא איז ארויפגעפאלען אויף מיר און זיך פארגאנגען אין אזעלכע געוואלדישע געשרייען, אז די קישקעס האבען זיך מיר שיער נישט איבערגעדרעהט. לאה האט שוין גערופען הערץ דאקטאר —

— מאיר, וואס דו זאלסט נישט זאגען, ביזטו טויזנט מאל גערעכט. וואס זאל איך טאן?

— קום שוין אריבער. מ'האט איר געהייסען זיך פארנעמען פון האטעל. דארט, אז מ'ציהט זיך נישט ארויס דריי אזייגער, פאררעכנען זיי פאר א טאג. איך קאן זי צו מיר נישט אריינעמען, און דא האט דער שווארץ יאר אנגעטראגען אויף איר א געזינדעל קרובים — שמעגעגעס. מ'רעדט צו זיי און זיי פארשטעהען נישט וואס מ'זאגט ווי זיי וואלטען געווען טויב. דו זאגסט קלאץ און זיי ענטפערן בויחעם. זיי זענען א גאנצען טאג אפגעלעגען ביים האטעל און די גויים האבען געהאט פון וואס צו לאכען. צוליב אזעלכע ווילדע ברואים מאכט מען פארגרעסמען אויף אידען. וואס מ'גיט זיי איז ביי זיי טריף. ווען מ'לאזט זיי וואלטען זיי מעיכשר'ט די שטייטער אין גאס. פאה'ס ביז די אקסלען. כ'האב געכאפט עמיצען אין נאמערפינה אן אלמן, און ער האט זיי ארייגענומען פאר א רוכל א נאכט. ער טאר זיי גארנישט האלטען ווייל זיי זענען נישט געמעלדען. מ'עט זיי שוין אלע פארנעמען אין האוז —

— מאיר, וואס זאל איך טאן?

— קום אהער. אויב דו ווילסט מער נישט זיין מיט פלארא'ן איז דא א גט ביי אידען. מ'לאזט נישט א ווייב אויף גאס'ס בארגאס זי זאל שטארבען פון הארצווייטיקעניש. זי האט באקומען אזעלכע ווערהטאגען אין בייך, אז לאה האט איר געמוזט צולייגען הייסע שטארצען. שאשע איז א מיידעל פון פופצען יאהר. אז איר טאטע וועט דערהערען, וועט ער איבערקערען א וועלט. האסט זי שוין צורעכט געמאכט?

— כ'האב זי אפילו נישט אנגערירט.

— וואס האסטו זי געטאן מיט דער אלטער? וואו איז זי אוועק

— מיט א שעה פריער. אפשר האט אויך נישט.

— וואו האסטו געוואלט מיט איר פארען?

— קיין לאדוש. דערנאך אריבער די דייטשע גרעניץ.

— נו, דו ביזט שוין יענער — — — ווארט, פלארא חלש'ט שוין ווידער — — —

און מאיר האט ווייזט ארויס, געלאזט הענגען דאס טרייבל אויף דער שטריק. מאקס האט געהערט קולות, געשרייען. כ'בין ווערט דעם טויט. איכ'ל מיך נאך היינט אומברענגען, האט ער געמורמעלט. וואס זאל איך טאן מיט דער שאשע'ן? אלע בייזע כוחות האבען זיך פארערמוטן אויף מיר...

מאיר האט זיך אומגעקערט צום טעלעפאן.

— מאקס?

— יא, מאיר.

ווען זי האט דערהערט, אז דו ליגנסט, האט זי ווידער געחלש'ט. זי האלט אין איין חלש'ן. קום שוין צו פארען. ברחיאגע! ממזר! א רוח אין דיין טרפה'נעם פופיק. באנדיט!

— זאל איך מיטברענגען שאשע'ן?

— טאמשע! דו פארשלעפסט מיך אויך אין א בלאטע. איכ'ל נאך גיכער צוליב דיר אין קייטען. זאל גאט דיך שטראפען!

מאיר האט קיינמאל אזוי נישט גערעדט. די לעצטע ווערטער האבען זיך ארויסגעריסען פון אים מיט א געכארכל און א געשריי.

שאשע איז געזעסען אויף דער סאפע מיט דער וואליזע אויף דער אנדערער. זי האט געקוקט איינע ווייט און מיט'ן קויש אין צו דער טיר פון רעסטאראן צווייטע קלאס וואו מאקס איז אוועק טעלעפאנירען. ווען זי האט דערזעהן מאקס'ן, האט זי זיך געטאן א הויב ווי זיך אויפצושטעלען. מאקס'ן האט זיך אויסגעדורכט, אז זי איז די לעצטע מינוטען געווארען עפעס ווי אפגעצערט, געקראכען ארייגעפאלענע באקען. זי האט א זאג געטאן:

— אוי, ווי לאנג ס'האט געדויערט!

— שאשע, מיר פארען נאך נישט! האט איר מאקס אנגעזאגט די בשורה.

— וואס דען?

— מיר'ן נעמען א דראשקע צו מאיר סמעטענע. עפעס האט זיך איבערגעדרעהט. הארפסט גארנישט זארגען. ביזט אין גרטע הענט.

— ווען דער טאטעשי —

— קימער דיך גארנישט וועגען טאטעשי. אלץ וועט זיין ערליידיגט.

שאשע האט גלייך גענומען די וואליזע און די קוישען.. מאקס האט זיך געקווענקעלט א ווייל. זאל ער ארויסנעמען די וואליזעס? ניין, ער האט נישט בדעה געהאט צו קומען צו מאיר'ן סאלאהען מיט געפעק. ער האט צוגענומען ביי שאשע'ן די וואליזע און זיי זענען ארויס איבערדרויסען. דראשקעס האבען דא געווארט און ביידע זענען איינגעזעסען. מאקס האט געזאגט:

— מיר'ן פארען, נאר מיר מוזען דאס אביסעל אפלייגען. ס'איז געשעהן עפעס א נארישע זאך און מיין ווייב איז ביי מאיר'ן. וועסט האבן טרעפען א גאנצע גראטשקע, נאר זאל דיך גארנישט ארען. דו ביזט ווי מיין טאכטער —

— אז דער טאטעשי וועט דערהערען אז — — —

— דער טאטעשי דארף דיך נישט האבען. האסט מיר אליין געזאגט: ער האט אן אנדער ווייב און אירע קינדער באהאנדעלט ער בעסער ווי זיין אייגענע בלוט און פלייש. איך בין אביסעל א פלוט. אבער אלץ וועט זיך אויסגלייכען און מיר'ן פארען קיין ארגענטינע.

— אז דער טאטעשי וועט דערהערען, אז כ'האב איבערגעלאזט די אלטע, וועט ער שרייען אזוי אז — — —

— זאל ער שרייען. דו ביזט עדיוגג און צירשעהן צו פאר־תכליתען די יארען מיט אן אלטער מכשפה. וואס וויל נישט פגר'ן. וואס האט מען פון אזא אלטער קליאטשע? זיי ווילען נאר מ'זאל זיי באדינען און אלץ זיי נאכגעבען באשר זיי האבען באוויזען די קונץ צו באגראבען אנדערע. אזעלכע חלפתח'ס איז א מצוה צו דערהרג'ענען — האט מאקס געזאגט, דערשטוינט פון זיינע אייגענע ווערטער. שאשע האט נאכגעטראכט א ווייל.

— יא, ס'איז אמת. יעדע מינוט נעמט זי קוויטשען: שאשע, שאשע, וואס מ'גיט איר, טויג נישט. די טעה איז צו־קאלט, די זעמל זענען הארט, די גריץ איז צו הייס. באנאכט נעמט זי מררקען און קליגען מיט גלעקעלע. כ'מוז מיך אויפכאפען און איר אויפקאכען באווארקע. זי שעלט אויך —

— זי'ט שוין לאנג נישט שילטען. אין אינדיע איז איינגעפירט אז ווען א מאן שטארבט, פארברענט מען אים צוזאמען מיט זיינע ווייבער. איז דאס נישט א גוטע זאך?

שאשע האט נאכגעקלערט.

— יא, אפשר.

— אין כינע, ווידער, ווען טאטע־מאמע ווערען אלט, נעמט מען זיי ארויס אין וואלד און מ'קוילעט זיי. דערנאך בראט מען זיי אפ און מ'עסט זיין אויף.

שאשע האט זיך פארקרימט.

— א, דאס איז א מיגל. פע!

— אז מ'איז הונגעריג, קאן מען אלץ עסען. אין יאפאן עסען זיי געבראטענע פרייסען.

— פע!

— פע אהין און פע אהער. א מענטש האט פלייש און ביינער גלייך ווי אן אקס. אויב די קינדער עסען אים נישט אויף פרעסען אים אויף די ווערים.

— דאס איז פון גאט.

— קיינער ווייסט נישט וואס ס'איז פון גאט. איך האב באשלאסען צו גט'ען מיין ווייב — האט מאקס געביטען דעם טאן.

— כ'האב מיך דערוואוסט וועגען איר עפעס אז כ'קאן מער נישט וואוינען מיט איר. זי'ט מאכען א ליארם, אבער ס'וועט איר גארנישט העלפען. וואס זי זאל נישט זאגען און קוויטשען, דו ענטפער איר גארנישט. כ'על איר געבען געלט אויף איר אויסהאלטעניש און מער קאן זי ביי מיר גארנישט ארויסקריגען. מ'מוז נישט בלייבען מיט א ווייב אויב מ'האט זי נישט ליב. בין איך גערעכט אדער נישט?

— וואס האט זי געטאן? — האט שאשא געפרעגט.

— א סך חזיר'ייען. געמאכט דעם אנשטעל פון א כשר מיידעלע און דאס איז א געמיין שטיק. זי חלש'ט הארט און יאמערט ווי א ביבער. נאר דו קריג נישט קא' מיאכקע לבבות. זי קאן נעמען קוויטשען אויף דיר און מאכן א טאראראם. נאר דו האב זי טיף טייער אין דר'ערד. איך בין דער באלעבאס. איך האב דאס געלט. דו פארשטעהסט מיך?

— יא, אבער — — —

— כ'האב נישט באדארפט טעלעפאנירען — האט מאקס גערעדט צו שאשע'ן און צו זיך אליין. מיר וואלטען שוין איצט געזעסען אין דער באן קיין לאדוש און מיר וואלטען פארגעסען אין אלע נארישקייטען. דו ביזט נאך טאקע יונג און איך בין אפשר מיט פינף און צוואנציג יאר עלטער פון דיר. אבער מיר ביידע וואלטען געקאנט זיך גוט אמוזירען. דו פארשטעהסט וואס איך מיין?

— יא.

— כ'וויל איבעראנדערשען מיין גאנץ לעבען. ארגענטינע איז א שעהן לאנד. אבער פאריז איז נאך שענער. ס'איז דארט דא א טורעם — דער אייפעלטורם — און מ'זעהט פון דארט די גאנצע שטאט. מ'פארט ארויף אויבען מיט דער ווינדע, זעהען אויס די מענטשען ווי פליגען און די הייזער ווי קעסטעלעך. דארט שטעלען ארויס די רעסטאראציעס שטולען אויפ'ן טראטואר און מ'עסט אין גאס. מ'טרינקט ווייך וויין. מוזיק שפילט און קאטשען פארען אהין און צוריק. ס'זענען דארט דא סאמאכאדען אויך. מ'פארט אהין פערד. איך וואלט געוואלט מיר ביידע זאלען חתונה האבען און איך זאל וואוינען מיט דיר אין פאריז. מיר וואלטען זיך אויסגעלערנט רעדען פראנצויזיש. מיין ווייב, פלארא, קאן נישט האבען קיין קינדער, אבער מיט דיר וואלט איך געהאט א קינד. וואלסט דאס געוואלט?

— יא.

— אויב אזוי, מוז איך דיך קושען!

— אוי, ניין. אלע זעהען! — האט שאשא גערופען.

— אין פאריז קושט מען זיך אין גאס. אלע טוען דאס.

— ס'פאסט נישט.

און שאשע האט פארשטעלט דאס פנים.

מאקס האט אוועקגעריסען אירע הענט פון פנים און זי גענומען קושען אין די באקען, אין שטערן, אין מויל. שאשע האט זיך מיט אים געראנגעלט. די וואליזע איז שיער נישט אראפגעפאלען און מאקס האט זי דערטאפט. שאשע'ס פנים איז געווארען אויסטערליש רויט און די אויגען אירע זענען הערפון געווארען נאך בלויער.

— כ'בעט אייך... דער טאטעשי... מענטשען וועלען זעהן און מיינען אז...

— וואס וועלען זיי מיינען? דו ביזט א נאריש מיידעל. כ'האב דיך ליב, העריבער קוש איך דיך. ס'זענען מיר נמאס געווארען די אלטע בליאדען. כ'וויל אן ארענטליך קינד זי זאל האבן איין גאט און איין מאן. איך וועל זיין צו דיר בעסער ווי כ'בין געווען צו אלעמען. איכ'ל דיך האלטען ווי אן אוצר.

— כ'בין צו־יונג.

— פארצייטענס האט מען חתונה געהאט צו צען יאר. מיין באבע איז אלע געווען דרייצען יאר ווען זי האט חתונה געהאט מיט'ן זיידע'ן. ווען זי איז אלט געווען ווי דו, האט זי שוין געהאט צוויי קינדער.

— היינט איז דאס נישטא.

— ס'איז דא היינט אויך. אין אינדיע האבען מיידלעך חתונה צו ניין יאר. איין מיידל האט חתונה געהאט מיט א כרים.

— מיט א בוים?

— אזוי איז געשטאנען אין גאזעט.

— ווי קאן דאס געמאלט זיין?

— אלץ קאן געמאלט זיין, שאשילע. ס'איז א גרויסע וועלט און א משוגענע וועלט. מיט צוויי שעה פריער איז מיר אפילו ניט איינגעפאלען אז מיר וועלען פארען צוזאמען אין א דראשקע און דו וועסט באשטיין צו ווערן מיין ווייב. איצט זענען מיר אזוי גוט ווי חתן־כלה.

— דער טאטעשי — — —

— הער־אויף מיט דעם טאטעשי!

די דראשקע איז אריינגעפארען אין דער גאסע און זיך פארקירעוועט צו דער קראכמאלנע. באלד איז זי ארויפגעפארען אויפ'ן פלאץ. ס'זעהט אויס אז די לאטקעס וואס זענען

(שלוס אויף זייט 2)

# די געסט

(שלוס פון זייט 3)

דארט געשטאנען האבן שוין עפעס געהאט געהערט וועגן דעם וואס ער, מאקס, האט אפגעטאן. זיי האבן געקוקט אויף אים און אויף שאשע'ן קרימליך, בייזלעך. שפאטיש, נייגעריג. די יאטען וואס האבן געדרייט א הילצערנעם האן צו געווינען א „טשאסטע" באגאכען מיט שאקאלאד, האבן זיך גענומען שטויסען איינער צום אנדערן אין די זייטען. איינער האט געטאן א פייף אזוי הויך און טריילענדיג א שטייגער, אז ער וואלט געהאט אין מויל א פאליצייאיש פייפל. אין מיטן גאס איז געשטאנען א פאליציאנט, א „סטאיקאווי" און געגלאצט אויף דער דראשקע און די פאסאזשירען. מאקס האט באצאלט דעם פורמאן און ס'איז דאן געלייך איינגעזעסען רייצעלע. מאקס האט צו איר א שאקל געטאן מיט'ן קאפ און זי האט זיך פארקרימט און אים געוויזען א שפיץ צונג. דער ברייטער הינטען אירער האט פארנומען דאס גאנצע געזעס. אין טויער נעבן עלף האט שאשע א זאג געטאן:

— דער טאטעשי וועט מיך שלאגען און מיך הייסען געהן צוריק צו דער אלטער.

— ער'ט דיר גארנישט טאן און דו'סט נישט געהן צוריק צו דער אלטער נבלה. איך'ל נישט לאזען און מאיר וועט אויך נישט קאנען. ווי באלד דיין טאטע גיט דיר ניש' קאן' עסען, האט ער מעהר נישט צו שאפען איבער דיר.

— זיין ווייב האט באהאלטען פאר מיר כ'ברויט. כ'האב געגעסען א טיסעלע קליסקעלעך, האט זי עס מיר צוגענומען אין מיטען עסען און געגעבען איר אינגל.

— זעהסטו! א טאטע וואס דערלאזט אזא זאך, איז נישט קא' טאטע. מ'קאן אים ארעסטירען אויך. ווען מ'וויסט אין צערהל, אז ער קאזט דיך הונגערן, קאן מען אים מאכען א פראטאקאל. לויט דער פראווע, מחז א טאטע געבען זיין קינד צו עסען. אויב נישט — — — —

א געזוימל מענטשען זענען פלוצים אריין אין טויער און מאקס האט זיך אפגעהאקט ס'איז געווען א נידריגער פארשוין מיט ברייטע פלייצעס, א ווייס בערדל, אין א צילינדערהוט, מיט א שטעקען אוי איין האנט און א רענצל אין דער אנדערער איז ער געגאנגען מיט גיכע טריט. ער איז ערשט נאר געהאט אויסגעשטיגען פון א קארעטע, אדער א גומקע. מאקס האט געהערט דאס קנאקען פון גומענע רעדער. ס'איז אים נאכגעגאנגען דער סטרוזש און א כאפטע ווייבער. א אידענע האט געשריגען:

— הערץ דאקטאר, איין מינוטקעלע! כ'בין געשוואלען. געשוואלען ווי א פאס. טוט'ץ א קוק אויף מיינע פיס. גאט'ס שליח!

און זי האט אונטערגעהויבען דאס קלייד און געוויזען א פאר אומגלויבליך געשוואלענע פיס.

— דאקטאר, גאט'ס מלאך!

— האט געשריגען אן אנדערע.

די ווייבער האבן געפרואווט דעם דאקטאר אנכאפען ביי די ארבל און דער סטרוזש האט אפגעטריבען און זיי געזידעלט אויף פויליש. דער דאקטאר האט געפאכעט מיט'ן שטעקען. ער האט געהאט א ציגאר אין מויל און גערעדט מיט א שטחמפיג לשון:

— אוועק — האהאטע! איך באטראכט נישט אין טויער קיין פאציענטען! ווילדע ברואים! אזיאטען! משוגעים!..

— דאקטאר הערץ, האט'ץ רחמנות! טוט'ץ איין קוק! אויב נישט —

— אוועק, ווייל — — —

און דער דאקטאר האט אויפגעהויבען דעם שטעקען ווי צו שלאגען.

געגאנגען! טראגט אייך! פאשאל וואן! — האט דער סטרוזש זיי געטריבען. — יאודא!...

(ווייטערס — מארגן)

# די געסט

(נאוועלע)

פון
**יצחק באשעוויס**

(פארטזעצונג)

— רוצח! עשיו! רשע! — האט א אידענע צוריקגעשריען צום סטרוזש און — געוויזן א פויסט.

דר. הערץ האט זיך מיטאמאל אפגעשטעלט און גענומען האלטען עפעס ווי א רעדע צו דעם בינטעל ווייבער.

— אידיאטקעס, בהמה'ס, ווילדע אינדיאנער! איך בין א דאקטאר, ניט א רבי. כ'האב מיינע אויפנאם־שעה'ן. אויב איר זענט קראנק, קומט צו מיר און נעמט ארויס א נומער. צוויי מאל אין דער וואך באזוך איך דאס אידישע שפיטאל און דארט קאנט עץ קימען ווי ציוויליזירטע מענטשען און —

— גוטער דאקטאר! גאלדענער פראפעסאר, טוטץ איין קיק! כ'קאן נישט געהן אין שפיטאל. מיינע פיס טראגען מיך נישט. זעהטץ, דאקטאר, יעדער פיס איז ווי א פאס —

— ווי האט איר דאס געקראגען, פון א קינפעט? — האט דר. הערץ געפרעגט.

— יא, פון א קינפעט. די הייבאם האט געהייסען כ'זאל מיך קוועטשן. כ'האב מיך אזוי געקוועטשט, אז דאס גאנצע בלוט איז מיר אריין אין די פיס און —

— מיין ליבע פרוי, איך קאן אייך דא אין טויער ניט העלפען. די מעדיצין האט נאך ניט קיין מיטלען געגען אזוינע פאלען. איר מוזט געהן אין שפיטאל און דארט וועט מען אפשר —

— גוטע נשמה! פרייער גאט און דערנאך דאקטאר הערץ. עץ מאכט דאך פון טויט לעבעדיג. געבענטשט זאלען זיין אייערע הענט!... עטץ זאלט קיינמאל ניט וויסען דעם טעם פון נויט!

— ס'טוט מיר לייד. ס'ווארט אויף מיר א פאציענט. אוועק!...

דאס געהט ער אוודאי צו מיין ווייב — האט מאקס שטילערהייט איינגערוימט שאשע'ן — זי'ט געקראגען אן אטאקע אדער זי מאכט דעם אנשטעל.

— כ'האב מורא ארויפצוגעהן — האט שאשע געזאגט. די אויגען אירע זיינען געווארען גרויס און טרויעריג — דער טאטעשי קאן נאך אנקומען און —

— מיר'ן צוווארטען אין גאס ביז דער דאקטאר וועט צוריק אוועקפארען.

מאקס האט אנגענומען שאשע'ן ביי דער האנט און זי צוריק ארויסגעפירט פון טויער. אויפ'ן פלאץ איז געשטאנען א גלאנציגע קאטש. אויפ'ן באק איז געזעסען א קוטשער און ער האט אויך געטראגען א צילינדער. די פערד האבען געהאט געפוצטע פעלען, פארריסענע העלזער און קורצע געשארענע וויידלען. איין פערד האט צוגעבויגען דעם קאפ צום אנדערן און מאקסען האט זיך אויסגעדוכט, אז עס פרעגט:

— אין וואס פאר א מיסט האט מען אונז דא פארשלעפט?

שאשע האט געטאן א צאפל און ווי זיך געפרואווט ארויסרייסען פון מאקס'עס הענט.

— דער טאטעשי! —

— הא?

— אט געהט ער! — האט שאשע אנגעוויזן מיט א פינגער. זי האט געסיקעט ווי א גאנדז. מאקס האט אפגעלאזט שאשע'ס האנט. ער האט דערזעהן א הויכען פארשוין מיט א שווארץ שפיציג בערדל, מיט א שטעקן אין דער האנט. ער האט געשפאנט האסטיג און זיך דורכגעריסן דורכן געזעמל. דאס איז א מערדער! — איז מאקס'ן דורכגעלאפען דורכ'ן רעיון. ער האט געטאן א קוק אויף שאשע'ן און זי איז געווען בלייך און האט געציטערט. מאקס האט אינדערגיך אריינגעשטעקט די האנט אין קעשענע וואו ס'ליגט דער רעוואלווער. איכ'ל נאך היינט הרג'ענען א מענטש! — האבען די ווערטער זיך איבערגע'חזר'ט אין זיין מוח. א פחד האט אים אנגענומען און ער האט געזאגט:

— שאשע, מירן נישט ארויפגעהן. כ'וויל נישט אנהויבען קיין געשלעג מיט דיין טאטע'ן.

— קומט אוועק! קומט אוועק!

— האט שאשע גערעדט — אז ער'ט מיך דערזעהן, וועט ער מיך נעמען הרג'ענען. אז ער פאלט אריין אין א יוכע, שלאגט ער יעדען איינעם. אנומעלט, ווען די מאמעשי האט נאך געלעבט...

שאשע האט נישט פארענדיגט. זי האט א כאפ געטאן די וואליזע און דעם קויש, וואס זי האט געהאט אוועקגעשטעלט, און זיך געלאזט לויפן. ווי וואויל זי האט געטראגען א משא, האט מאקס איר געמוזט נאכלויפען. זי איז אזוי געלאפן ביז יאנאש'ס הויף. ביי יאנאש'ס הויף האט ער זי דעריאגט.

— לויף ניט אזוי. קיינער יאגט דיך נישט.

— כ'האב געמיינט, אז מיר'ן אוועקפארן מיט'ן פאטשאנג — האט שאשע געזאגט — אז ער'ט מיך כאפען, וועט ער —

— ער'ט דיך נישט כאפען און מיר וועלען פארן. כ'האב ביי מיר א רעוואלווער — האט מאקס זי געפרואווט איינשטילן. — אויב עמיץ וועט דיך אנרירן, וועל איך אים דערשיסען ווי א הונט.

— קומט, קומט!

— גיב מיר דיינע זאכען.

— ניין, ס'איז ניט שווער.

זיי זענען האלב געלאפען ביז דער גנאינע. מאקס האט זיך אפגעשטעלט און שאשע איז אויך געבליבען שטעהן. דא האט מען געקענט קריגען א דראשקע, אבער וואוהין פארן? צוריק צום ווינער וואקזאל? די באן קיין לאדזש איז שוין געהאט אפגעגאנגען. מאיר, פלארא, לאה פיסק, און שאשע'ס טאטע, זלמן מיניז, האבן איצט געווארט אויף אים, מאקס'ן, ווי הינט אויף א האז. ער, מאקס, איז געהאט באגאנגען א ווילדע נארישקייט. ער האט זיך אליין געהאט גע־מסר'ט. ער האט, דוכט זיך, געהאט אפילו געזאגט מאיר'ן, אז ער האט געזאלט נעמען מיט שאשע'ן די באן קיין לאדזש. כ'בין פארפאקט, כ'בין אריין אין א פאסטקע! א שווייס האט מאקס'ן ארויסגעשלאגן אויפ'ן שטערן. געוויינליך, ווען ער איז אריין אין א קלעם, האט ער געטראכט גיך, אפט אפילו פארשפארט צו טראכטען. אבער איצט איז ער געשטאנען א פארווירטער און קיין שום איינפאל איז אים נישט געקומען אויפ'ן געדאנק. ער האט געקאנט נעמען א באן אויף אן אנדער וואקזאל, אבער פארען איז שוין איצט געווען געפערליך. דער טאטע איהער קאן מעלדען דער פאליציי יעדע מינוט. עס קאן אפילו זיין, אז ער האט שוין געמאלדן. מיר מוזען זיך אויסבאהאלטען ערגעץ אין ווארשע, האט מאקס באשלאסען. ער האט אריינגעשטעקט די האנט אין קעשענע פון רעקל און אנגעטאפט א שליסעל. ער האט געהאט גענומען מיט זיך דעם שליסל פון האטעל בריסטאל. עמיץ האט מיך פארשאלטען. די שטראף האט זיך אנגעהויבען. פון איצט אן וועט מיר געהן איז אלץ שלים־מזל'דיג — האט מאקס זיך אליין געטראפען דאס מזל. מאחנע. גאר ווי־וואויל ער איז איצט איינגעשטעלט מיט'ן לעבען, זיינען אים געווען א שאד די וואליזעס וואס ער האט איבערגעלאזט אויפ'ן וואקזאל. ער האט דארט געהאט זיינע בעסטע אנצוגען, העמדער, שיך, קראוואטען, אלע סארטען חפצים, וואס קומען צו נוץ אונטערוועגנס. ס'זענען דארט אפילו געלעגען זיינע באנק־ביכלעך און ווערט־פאפירען. איך מוז די וואליזעס צוריקקריגען. איכ'ל ריזיקירען! ער האט צוגערופען א דראשקע און געהייסען פארען צום ווינער וואקזאל. ער איז ווידער געווארען ביי זיך שטארק. ער האט אנגעשפארט די פיס אויפ'ן אקעגנאיבערדיגען ווענטל און געזאגט:

— קיין לעבעדיגען וועלען זיי מיך נישט נעמען.

— וואוהין פארען אונז?

איכ'ל ארויסנעמען מיין געפעק. ווי לאנג מ'לעבט, דארף מען אנטאן א העמד. אפילו דו האסט שכל געהאט זיך איינצופאקען.

— עטליכע זאכען האב יאך איבערגעלאזט.

איכ'ל איבערלאזען מער ווי עטליכע זאכען. ס'עט בלייבען נאך מיר אן אוצר — האט מאקס געלאזט דער צונג זיינער רעדען. — איין זאך זאלסטו וויסען: דיר וועט קיין שלעכטס נישט געשעהן. אלע מלחמה'ס זענען צווישען מאנסליט. ווייבער זענען ווי פראוויאנט. ווער ס'געווינט, דער נעמט זיי. פארצייטענס אז מ'האט איינגענומען א שטאט, האט מען דערהרג'ט אלע מאנסליט און די אלטע ווייבער. די יונגע האט מען גענומען געפאנגען. דאס האט מען גערופען זאקרויב.

— וואו איז דאס געווען, אין ארץ ישראל?

— יא, אין ארץ ישראל און אומעטום.

— די מאמעשי האט מיר אנגעמעלט געלייענט פון טייטש־חומש — —

— יא, ס'איז דא אין טייטש חומש. מיר האבען דאס געלערנט אין חדר.

— וואו פארען אונז שפעטער?

— מיר'ן ערגיץ פארען. מיר'ן אין גאס נישט נעכטיגען. כ'האב נישט געטארט אנקלינגען דעם מאיר'ן. אבער וואס מ'האט שוין געטאן קאן מען מער נישט צוריקטאן. אפילו גאט קאן נישט מאכען אז דאס וואס איז שוין געשעהן, זאל נישט האבען געשעהן.

— די מאמעשי האט געזאגט אז גאט קאן אלץ טאן.

— ניין. גאט קאן אונז דערהרג'ענען. אבער ער קאן נישט מאכען אז ס'זאל נישט האבען געוועזען קיין מאקס און קיין שאשע און אלדאס איבעריגע. דו פארשטעהסט מיך?

— יא, כ'פארשטעה.

— ביי מיר האט זיך היינטיגע נאכט אלץ איבערגעקערט קאפויער — האט מאקס גערעדט. נעכטען אין דער צייט ביז איך געווען איין מענטש. היינט בין איך אן אנדערער. כ'וועל ערגיץ אוועק מיט דיר אין א ווייט לאנד, וואו קיינער וועט אונז נישט געפינען. האסטו געהערט פון בראזיל?

— ניין.

— ס'איז אין דרום אמעריקע. בראזיל איז אפשר אזוי גרויס ווי רוסלאנד און מענטשען זענען דארט דא ווייניג. דארט קאן מען זיך באזעצען אין א שטעטל אז גאט אליין זאל נישט וויסען וואו דו ביזט. מיר'ן אויסבויען א הויז. דארט קאנסטו קריגען אינדיאנער, וואס זאלען דיך באדינען בלויז פאר'ן עסען.

— זיי הרג'נען נישט קיין מענטשען?

— נישט אין בראזיל. אויב אפילו זיי הרג'ענען, איז וואס? צוויי מאל שטארבט מען נישט.

— וואס וועלען אונז דארט טאן?

— א, מיר וועלען זיך ליבען און קושען. דו וועסט זיין מיין ווייבעלע און איך דיין מאן. מיר וועלען ליגען אין בעט און דו וועסט מיך קיצלען אונטער די פאכוועס.

— א, איר זענט קאמיש.

— כ'וויל נישט קא' פליק וואס אלע שיכור'ע גויים האבען זיך מיט איר געוואלגערט...

די דראשקע איז צוגעפארען צום וואקזאל. מאקס האט געהייסען שאשע'ן בלייבען אין דער דראשקע. ער האט געזאגט דעם פורמאן אז ער געהט ברענגען זיין געפעק. ער האט אים אפילו געוויזען דעם נומער. דער גוי האט געזאגט:

— פאניע, אויב איר זוימט זיך לאנג, וועט דאס זיין צוויי קורסען.

איכ'ל אייך געבען א האלבען רובל.

ארייגעהענדיג אין וואקזאל האט מאקס א טראכט געטאן: אפשר איבערלאזען שאשע'ן און ערגיץ אוועקפארען אליין? אבער ער האט זיך בלויז געשפילט מיט'ן געדאנק. ער איז צוגעגאנגען צו דעם ארט וואו מ'האלט באגאזש און ער האט ארויסגעקראגען זיינע דריי וואליזעס. א פארטער איז צוגעקומען און מאקס האט אים געהייסען זיי ארויסטראגען צו דער דראשקע. מאקס האט נאך אלץ נישט געוואוסט וואוהין ער וועט פארען, אבער דאס וואס ער האט צוריק באקומען זיין געפעקס האט אים איפגעהייטערט. ער האט דערלאנגט דעם פארטער א זילבערנעם גולדען און יענער האט אראפגעכאפט דאס היטעל און געדאנקט.

— וואוהין פארען מיר איצט, פאן? — האט דער פורמאן געפרעגט.

— צום וואקזאל וואס מ'פארט מיט אים קיין אטוואצק. כ'האב שוין פארגעסען ווי דער וואקזאל הייסט. די אייגענע ווערטער האבען מאקס'ן הערשטויטעט אשטייטער ווי ער וואלט זיי געהערט פון עמיצען אנדערש. עמיץ האט בחשטעבליך ארויסגערעדט פון זיין מויל. דער פארמאן האט א שאקל געטאן מיט'ן קאפ.

— דער נאדווישלאנסקי באהנהויף. וויא!

און די דראשקע האט זיך גענומען אוועקדרעהען. שאשע האט מאקס'ן אנגעכאפט ביים ארבל נישט אראפצופאלען.

— קיין אטוואצק? — האט זי געפרעגט.

— יא, קיין אטוואצק.

— דאס איז א חאטשע.

— איכ'ל פארען מיט דיר אויף חאטשע.

— דער טאטעשי —

— קיינער וועט אונז נישט געפינען. שפעטער אביסל וועלען מיר פון דארט פארען קיין דייטשלאנד, אדער אפשר קיין עסטרייך. איכ'ל זאגען אז ביזט מיין טאכטער. דו ביזט טאקע מיין טעכטערל. פון איצט אן בין איך פאר דער וועלט דיין טאטע און צווישען זיך וועלען מיר זיין מאן און ווייב. דו קאנסט היטען א סוד?

— יא.

— דאס אלץ וואס דו דארפסט. איכ'ל דיך אויסקליידען ווי א גרעפין. אין דייטשלאנד וועלען מיר חתונה האבען און דו וועסט זיין מיין ווייב פאר גאט און פאר לייט.

— איר האט דאך שוין איין ווייב.

— איכ'ל איר שיקען א גט. פארשטעהסט וואס איך רעד?

— יא.

— פון איצט אן זאג מיר דו און רוף מיך פאפא. קיינער האט מיך נאך אזוי נישט גערופען.

— יא.

— דו וועסט מיך קאנען ליב האבען, הא?

שאשע האט נאכגעטראכט.

— כ'האב אייך ליב געקראגען באלד ווי דער פעטער מאיר איז געקומען מיט אייך.

— דאס איז אלץ וואס כ'האב געוואלט הערען. אלדאס איבעריגע איז אין גאט'ס הענט. — האט מאקס געזאגט.

ער האט אנגעלעהנט דעם קאפ אין ווענטל פון דער דראשקע און צוגעשלאסען די וויעס.

(פארטזעצונג פרייטאג)

# די געסט

(נאוועלע)

פון
יצחק באשעוויס

(פארטזעצונג)

## צווייטער טייל

### קאפיטל זעקס

.1

תשעה־באב איז געהאט אריבער ס'האט זיך דערנעהנטערט דער חודש אלול. די זאמדיגע פלאנע אין דעם האטשע־דערפעל מיעדזעשין האט זיך געהאט באדעקט מיט א פיאלעטער פלאנץ וואס מאקס האט נישט געהאט דערפאר קיין נאמען. נו, און פאר די ווילדע בלומען וואס זענען געוואקסען ביים סאלטיס מאציעק כלאסטאק אין הייפעל האט ער דען יא געהאט נעמען? וואס איז דער חילוק ווי אזוי מ'רופט־אן א בלום אדער א געוויקס? מאקס איז דא אין מיעדזעשין געווארען א גאנצער אינטעליגענט. ער האט יעדען טאג איבערגעלייענט די אידישע צייטונג מיט אלע אירע ארטיקלען און אפילו די אנאנסען. שאשע האט געפונען ביים סאלטיס א פאר פוילישע ביכלעך וואס די טאכטער זיינע האט שטודירט ווען זי איז געגאנגען אין שקאלע און זי האט געגעבען מאקס'ן לעקציעס אין געאגראפיע, זאאלאגיע, היסטאריע. ווי אויסטערליש, מאקס האט זיך אויסבאהאלטען מיט שאשע'ן אין א הויז וואס האט געהערט צו איינעם וואס דארף היטען דאס געזעץ. מאציעק כלאסטאק'ס איידעם, סטאך, איז א באאמטער אין דער גמינע אין פאלעניץ. אבער נישט עמיץ האט דא פארלאנגט פון מאקס'ן דאקומענטען, נישט מ'האט אים ארויסגעוויזען דעם מינדסטען חשד. די סאלטיסאווא, בארבארא, א גוי'ע וואס האט געוואויגען איבער דריי הונדערט פונט, האט זיך געהאט פארנומען אויסצופאשען די שטאטישע געסט אירע איבער'ן זומער. מאקס האט געהאט געזאגט דעם סאלטיס און זיין ווייב אז ער איז אן אלמן און שאשע איז זיין טעכטערל. זיי שטאמען פון דרום אמעריקא. געקומען זענען זיי אהער דערפאר ווייל שאשע האט שוואכע לונגען און דער דאקטאר אין דעם ווייטען אמעריקא האט איר פארשריבען די לופט ארום אטוואצק, וואס האט א נאמען איבער דער גאנצער וועלט. מאקס האט געצאהלט בארבאר'ן צעהן רובל א וואך פאר שטוב מיט דער ווערענדע אויפ'ן גארן און פאר עסען.

ווען מאקס איז געווארען מיט בארבארא'ן היימישער, האט זי אליין צוגעגעבען אז ווען ער דינגט זיך באלד אין אנהויב, וואלט זי אים געווען אפגעלאזט דעם פרייז פון דער דירה מיט קעסט אויף אכט רובל. אבער מאקס האט נישט פארלאנגט קיין מציאה'ס. ער האט געקאנט דא אויסלעבען די יארען און דאס פארמעגען זיינ'ס וואלט נישט געווארען געמינערט. בארבארא האט געהאט אריינגעשטעלט פאר די לאקאטארן אירע צוויי בעטען, אבער מאקס און שאשע זענען געשלאפען אין איין בעט. יעדען פרימארגען האט שאשע אראפגענומען די דעקע פון צווייטען בעט און אויפגערידערט דאס בעטגעוואנד, ס'זאל הייסען אז זי איז דארט געשלאפען. מאקס האט צוגעזעהן מיט שטוינונג ווי גיך א מיידעל פון פופצען יאר קאן ווערען א פרוי. זי האט געפלאפלט ווי א קינד, אבער אין בעט איז זי זיך באגאנגען ווי א ווייב. מאקס'ן האבען בלויז געפעלט פלארא'ס קיצלדיגע רייד, אירע פוילע אנצוהערענישען, אירע געשיכטעס וועגען פייוועלע שעכטער, די מאנסלייט וואס האבען זי באגערט, די נסיונות וואס זי איז מיקלאמפערשט בייגעשטאנען. מאקס האט איצט געוואוסט אז ס'איז אלץ ליגען און אנשטעל. פייוועלע שעכטער האט זי ארויסגענומען פון א טפקא־בית וואו זי האט זיך ארומגעטליקעט מיט יעדען כאם פאר צוואנציג קאפיקעס. זי האט אוודאי אים, מאקס'ן, צוגעשטעלט הערנער אין בוענאס־איירעס, ארומגעשמינצט מיט לעוויצאהנ'ען און מיט אלע זיינע, מאקס'עס, גוטע ברידער. ער האט געפראוווט אויפוועקען ביי שאשע'ן די פאנטאזיע, נאר ס'איז צוגעגאנגען פאמעליך. זי האט נאך אלץ געפלוידערט וועגען טאטעשי, דעם פעטער מאיר, דער מומע לאה. זי האט נישט געליטען דעם רויך פון זיינע פאפיראסען. זי האט נישט פארזוכט פון דעם שנאפס וואס מאקס האט איינגעהאנדעלט אין אטוואצק. א כשר קינד, האט מאקס זי גערופען אין געדאנק, אן ערליכע אידישע טאכטער. זי האט שוין באצייטענס אנגעהויבען מאהנען ביי אים א קינד, פארלאנגט ער זאל שיקען פלארא'ן א גט. אבער מאקס האט רעכט נישט געוואוסט וואו פלארא געפינט זיך. איז זי נאך אין פוילען? איז זי אויפ'ן וועג קיין בוענאס־איירעס? ער האט געהאט איבערגעריסען מיט אלץ און אלעמען. מיעדזעשין האט געקאנט זיין א דערפל אין בראזיל אדער אין טשילי. די פאליציי האט אים אוודאי געזוכט, אבער ווער זאל איינפאלען, אז ער באהאלט זיך אויס ביי א סאלטיס? און ווי לאנג וועט די רוסישע פאליציי זוכען אן אנטלאפענעם מאן?

מאקס האט דאס אלץ נישט געפלאנט. ער האט געהאט געשלאסען באקאנטשאפט אין וואגאן מיט א מעקלער פון וואוינונגען און יענער האט אים באראיעט די דירה אין מיעדזעשין. צו א פענסיאנאט איז פון דאנען ווייט און די סאלטיסאווא האט מאקס'ן געראטען, ער זאל זיך באדינגען ביי איר מיט עסען. ער, מאקס, האט געקאנט זיין נישט בלויז א פארשוואונדענער מאן, נאר דזשעק דער בויך־שניידער. מיט שאשע'ן האט ער גערעדט אידיש, אבער מיט דעם סאלטיס און זיין ווייב האט ער געמוזט רעדען פויליש. שאשע האט פאררירכט זיינע גרייזען אין דער גראמאטיק. זי איז געהאט געגאנגען אין שקאלע.

ס'איז אלץ וואדיל'אוו פיין, האט מאקס צו זיך געזאגט. אבער ווי לאנג קאן דאס אלץ דויערן? אפילו אדם און חוה זענען נישט געבליבען אייביג אין גן־עדן.

ס'איז דא אפילו נישט פאראן קיין שלאנג וואס זאל אנרעדען צו זינד. צוויי אדער דריי מאל אין טאג איז דא אויף יענער זייט פאלאנע, פארביי די „קאלעיקא", די קליינבאהן. זי האט געפירט איבער שטעטלעך און דערפלעך וואס מאקס האט קיינמאל פריער זייער נאמען נישט געהערט. די פאסאזשירען זענען געווען גויעס מיט בלעכען מילך, קיישלעך אייער, שטייגען מיט עופות, קנוילען פוטער, זעקלעך קעז. דאס לאקאמאטיוול, דאס „סאמאווארל", ווי מ'האט עס גערופען אין שפאס, האט געפייפט מיט א קינדיש קול'כל. ס'האט זיך אפגעשטעלט יעדעס מאל, וואס עמיץ האט געוואלט איינשטייגען אדער אפשטייגען. לינקס, איז געגאנגען די באהן. מ'האט זי פון דאנען נישט געזעהן. מ'האט בלויז געהערט אירע פייפענישען און ציששענישען און דער ווינט האט דערטראגען אהער דעם גערוך פון די רויכעס. אויפ'ן פעלד פאר'ן הילצערנעם וואקזאלכל האבען ארומשפאצירט די יונגע חאטושניקעס: כלה־מיידלעך אין געבלימעלטע שאלעכלעך, פאצעטען מיט שטעקעלעך. טיילמאל האבען די בחורים אנגעטאן די שאלעכלעך אויף די אקסלען און די מיידלעך האבען שפילעוודיג אנגעמאסטען די בחור'ישע קאפעלירושען און גענומען זייערע שטעקעלעך. ס'איז דארט געווען א נאש־געוועלבל וואו מ'האט פארקויפט סאדע־וואסער, צייטונגען און ס'איז געשטאנען א וואג, וואו די מיידלעך און ווייבלעך האבען זיך געוואויגען ווייפל לייב זיי האבען צוגעקראגען. דאס געהן אהין קויפען די צייטונג איז געווארען מאקס'עס איינציגע פארוויילונג.

באנאכט אז מאקס האט נישט געקאנט שלאפען האט ער געזארגט וועגען דער פאבריק פון דאמען־טאשען, וואס דער שותף זיינער, לייזער פעוזנער, האט איצט געפירט אליין. ס'איז איצט געווען קלאר מאקס'ן אז פלארא האט געהאט עסקים מיט לייזער'ן אויך. פארוואס נישט? אפשר דערפאר איז לייזער די גאנצע צייט געווען צו אים, מאקס'ן אזוי פריינטליך. מאקס האט מער נישט געשריבען קיין בריוו צו בערטא'ן. אויב פלארא איז אויפ'ן וועג קיין ארגענטינע, אדער זי איז שוין אפשר דארט, האט זי געקאנט צונעמען און צעטרענצלען א גרויסע טייל פון זיין פארמעגען. אבער אפילו אזוי האט מאקס נאך אלץ געהאט גענוג מיט זיך און אין סעיפען אין לאנדאן, פאריז און בערלין ס'זאל קלעקען אמווייניגסטען צוואנציג יאר, אדער אפילו א גאנץ לעבען. ער האט געהאט ווערט־פאפירען און אקציעס. ער האט פארמאגט געלטער וואס פלארא האט וועגען זיי נישט געוואוסט. ער האט איצט לייכט געקאנט זיך אריבערשמוגלען מיט שאשע'ן קיין פרייסען אדער עסטרייך, אבער ער האט געהאלטען אין איין אפלייגען. פאריז און לאנדאן זענען נישט פאר שאשע'ן. נו, און בוענאס־איירעס איז יא פאר איר? ער האט זיך שוין געהאט איבערגעצייגט מיט איר יונג לייב. נאך איידער זי האט געעפענט דאס מויל האט ער געוואוסט וואס זי גרייט זיך צו זאגען. די אידישע צייטונג האט זיך אים צוגעגעסען. נאכאמאל די דומע און ווידער־אמאל די דומע. דאס לייט־ארטיקעל האט כסדר געווארענט אז דאס באלקאנישע האלבאינזל איז א פאס פולווער. איין פינק און ער וועט אויפרייסען. דר. הערצל איז געהאט געשטארבען אין 1904, אבער די ציוניסטען האבען צונויפגערופען דעם יערליכען קאנגרעס ערגיץ אין דער שווייץ און זיך געאמפערט וועגען א לאנד וואס געהערט צום טערק און איז באוואוינט פון אראבער. וועט דער סולטאן געבען א טשארטער? וועט ער לאזען גרינדען נייע קאלאניעס? די יונגע טערקען האבען געהאט אנטדעקט אז עבדול חמיד האט געקעפט צענדליגער ווייבער און קעפסווייבער פון זיין הארעם און זיי דערטרונקען אין באספאר. מ'האט געפונען די זעק מיט זייערע קערפערס. די ווארשעווער כראניק האט דערציילט וועגען גנבה'ס, מארדען, איבערגעפארענע, ארויסגעפאלענע פון פענסטער, זעלבסטמערדער, קינדער וואס מ'האט איבערגעלאזט אליין און זיי האבען זיך אפגעבריט אדער געווארען פארברענט. קיין ווארט נישט וועגען דער קראכמאלנע גאס. קיין שום ביכעס וועגען א טונעל וואס די אנארכיסטען זאלען האבען געגראבען צו דעם קייסער'ס באנק. אויב מ'האט דערמאנט ארגענטינע, זענען עס די אידישע קאלאניעס וואס דער בארון הירש האט געגרינדעט דארט וואו די קאלאניסטען האבען געליטען פון אומגערעטעניש, עפידעמיעס, פארפלייצונגען און פון פראנצויזישע ביוראקראטען. מאקס האט זיך געהאט געריכט אז מ'וועט שרייבען אין בלאט וועגען זיין פארשווינדען, אבער ער האט אפילו דאס נישט געפינען. מאקס איז קיינמאל פריער נישט געשלאפען בייטאג. איצט האט ער אנגעהויבען דרימלען נאך בארבארא'ס פעטע מיטאגען: קליסקעס, נייע קארטאפעל, חזיר־קאטלעטען, שמאלץ־קוכען, מילך, זויערמילך, פוטערמילך. ער איז געלעגען אויפ'ן בעט אין די מלבושים ווי א פארטשאדעטער. באנאכט איז ער אפגעשלאפען צוויי שעה און זיך איבערגעוועקט. גרילען האבען געגרילצט. דער הימל איבער'ן פענסטער איז געווען פול מיט שטערן. די שטילקייט האט געקלונגען אין די אויערן. מאקס האט געהאט אין זיין לעבען א סך נקבה'ס, אבער דער געדאנק זיינער האט זיך אומגעקערט צו פלארא'ן. וואו איז זי, די בליאד? וואס טוט זי? וואס טראכט זי? ס'איז שווער געווען צו גלייבען, אז די אלע ליבע־רייד צו אים, אירע הייליגע שבועה'ס, די זארגען אירע ווען ער האט געהוסט אדער ס'האט אים געברענט אונטער'ן לעפעלע, די אלע גוטע ווערטער וואס זי האט אים אריינגעפליסטערט אין אויער, זענען צוגאנגען ווי פארע, געווארען פארנישט. באלד פון אנהויב געווען שקר און שפאס.

מאקס איז געהאט אריין אין א קלעם און ווייל ער האט נישט געטראכט און זיך געריבעלט, האט ער נישט געקענט קיין ארויסוועג. ער האט נישט געקאנט איבערלאזען שאשע'ן אויף הפקר ווי ער האט עס געטאן מיט פלארא'ן. יענע איז א דורכגעטריבענע הור. זי האט א סך ציירונג. זי האט אוודאי אנגעזאמלט א קניפל. שאשע איז אן אומשולדיג קינד. אפילו א גזלן האט זיינע גרעניצען. מאקס האט זיך געהאט צוגעזאגט, אז ער וועט אנהויבען א ניי לעבען. אבער ווי אזוי טוט מען דאס? זאל ער ווערען א פרומער איד און זיך לאזען וואקסען א בארד מיט פאה'ס? זאל ער אוועקפארען קיין ארץ ישראל און דארט פרואווען עפענען א ביזנעס? זאל ער ווערען א פרומער איד און זיך באזעצען אין פאלעסטינע אנער ווערען א קאלאניסט? ער האט געבענקט נאך דער קראכמאלנע גאס אין ווארשע, נאך ארגענטינא און בוענאס־איירעס; נאך מאיר סמעטענע און לאה פיסק; נאך דער פאבריק ווייבער און די שיקסעס וואס האבען דארט געארבעט; נאך בערטא'ן און די קאפעהייזלעך וואו ער האט זיך געטראפען מיט גוטע־ברידער און זייערע נקבה'ס; נאך לעוויצאהנ'ען און דעם אידישען טעאטער, וואס ער איז דערצו א שטילער שותף. יא, מאקס, איז געהאט געקומען קיין ווארשע ברענגען נקבה'ס קיין בוענאס־איירעס, נישט צו זיצען אין [illegible] א סאנאטאריום־דערפל מיט א נאאיוו מיידעלע און שפילען די ראל פון איר טאטע'ן. ווי אזוי האב איך מיך דאס אריינגעדרעהט אין אזא סארט מאלעיר?

— האט מאקס זיך געפרעגט. ער האט זיך דערמאנט דאס אידישע ווערטל: מעהר שלאגט מען נישט א מענטש ווי דאס שלעכטס וואס ער טוט זיך אליין. מאקס האט אלעמאל זיך געזאגט אז ס'איז נישט אזא צרה וואס מ'קען נישט פון איר ארויסקריכען אויב מ'לייגט צו קאפ. אבער צום ערשטען מאל איז ער געהאט אריין אין וואס מ'רופט א טעמפען ווינקעל.

ער איז ארומגעקראכען באנאכט ווי א נאכט־וואנדלער. ער האט ארויסגענומען אויף דער

(שלוס אויף זייט 2)

# די געסט

(שלוס פון זייט 3)

נאכט ווי א נאכט־וואנדלער. ער וועראנדע א קישען. עס אוועק געלייגט אויף א לעהן־שטוהל, אפגעזעסען שפעה'ן און געגלאצט צום הימעל. פארטאג־צו. האבען הינם אנטשטויבען ביילען. הונגער האבען געקריקעט. פייגל האבען זיך איבערגעוועקט אין מאציעק כלאסטאק'ס ביימער מיט א פייפעניש און צווישטשעניש. ווייל מאקס האט אין געדאנק געשאלטען פלאראה'ן זי זאל ווער־רען געשוואלען, פראנצעוואטע, ס'זאלען פאלען פון איר שטי־קער, זי זאל פגר'ן אין הקדש. האט ער נישט געקאנט אויסהער־רען טראכטען פון איר. זי איז געווען אודאי אין ווארשע. זי האט זיך מסתמא אומגעקערט צו פיוועלע שוסטער. זי איז איצט פארבראכט מיט מאיר סמעטענע און מיט אלע יונגע וואס ער, מאקס, האט מעודר נישט צו זיין קיין צוטריט.

(פארטזעצונג מארגען)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעוויס

(פאָרטזעצונג)

פון אַלע טעג אין דער וואָך איז פרייטאָג געווען פאַר מאַקס'ן דער לאַנגווייליגסטער. ער האָט איבערגעלייענט די צייטונג מיט אירע אַרטיקלען און וויצען, און געוואוסט, אַז מאָרגען שבת וועט מער נישט זיין וואָס צו לייענען. דאָס נאַש־געוועלבל פאַרמאַכט זיך פרייטאָג פאַרנאַכט און עפענט זיך ערשט מאָנטאָג אינדערפרי. ס'האָט זיך דאָ ערגיץ געפינען אַ שוהלעכל אָדער אַ חברה וואו די דאַטשניקעס האָבען געדאַוונט פרייטאָג־צונאַכטס און שבת אינדערפרי. אָבער מאַקס האָט נישט געהאַט דעם מינדסטען חשק צו געהן אַהין, אָנצוטאָן אַ טלית צו זאָגען די תפילה'ס וואָס האָבען זיך אים איינגעגעסען נאָך אין די אינגלישע יאָרען: ישמח משה במתנת חלקו כי עבד נאמן קראת לו... מאַקס האָט ערגיץ געלייענט אַז ס'האָט גאָרנישט עקזיסטירט אַזאַ איינער ווי משה רבנו. ער האָט נישט געשפּאָלטען דעם ים. ער האָט נישט געגעבען די תורה אויפ'ן באַרג סיני. ס'איז אַלץ נישט־געשטויגען, נישט־געפלויגען. אַ גאָט איז אפשר יאָ דאָ, אָבער ווער ווייסט וואָס ער איז? ווער קאָן וויסען וואָס ער וויל? ווי באַלד אידען ווערען געפּלאָגט, פאַרגאַזירט און געטריבען פון די הויפער און גאָט שווייגט, אפשר האַלט ער גאָר מיט די גוים? אפשר איז ער מיט די רישקעוויטש'ן און די אַנדערע אַנטיסעמיטען וואָס מ'לאַכט פון זיי אָפּ אין „קרומען שפּיגל"? אפשר זענען די מיסיאָנערען גערעכט אַז ס'יוזל איז געווען משיח? אין אפשר איז דער אמת מיט די אפּיקורסים וואָס זאָגען אַז די וועלט האָט זיך באַשאַפען פון זיך אַליין און אַלץ איז אַ צופאַל?

פרייטאָג און שבת האָט מאַקס געהאַט פאַרגעניש פון שאַשע'ן. אַ גאַנצע וואָך האָט זי געגעסען טרפות, אָבער פרייטאָג און שבת האָט זיך איבערגעוועקט אין איר די אידישע נשמה. ס'האָט איר פאַרשמעקט חלה, קיכלעך, געהאַקטע פיש, לאָקשען מיט יויך, מעהרען־צימעס. זי האָט געקראָגען חשק צו טשאָלנט און קוגל. זי האָט נישט געוואָלט עסען די טרפה'נע געקעכטס וואָס די סאַליטיסאַווא האָט געקאָכט. זי האָט פאַרהאַלטען מאַקס'ן ווען ער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. זי האָט אויך געבענטשט נאָכ'ן עסען. זי פלעגט זאָגען: איצט מאַכט דער טאַטושי קידוש. איצט זינגט ער זמירות. מאַקס האָט איר אָנגעוויזען, אַז דער טאַטע אירער איז אַ פּאַסקודניק, האָט פאַרביטען זי, שאַשע'ן, אויף דיינע שטיף־קינדער און אַז זיין דאַווענען האָט נישט ביי גאָט קיין שום ווערט, נאָר אין שאַשע'ס בלויע אויגען האָבען זיך באַוויזען טרערען און זי האָט גע'טשעפעה'ט:

— ער איז פאָרט מיין טאַטושי...

יענעם פרייטאָג האָט מאַקס געהאַט ביי זיך אָפּגעפּאַסט צו קויפען דעם פאָרווערטס אין טאָג אַריין. ער זאָל אים נישט לייענען באַלד אינדערפרי און בלייבען הערנאָך מיט גאָרנישט, אָבער ער האָט זיך געשראָקען, אַז דער קרעמער קאָן נאָך פאַרקויפען די צייטונג וואָס ער האָט אויסגעבליבענט פאַר אים, מאַקס'ן ווי דאָס האָט געטראָפען מיט צוויי וואָכען פריער. אַרום צוועלף אַזייגער איז מאַקס אַוועק צום וואָקזאַלכל. פון די וויליקעס האָט מאַקס געהערט ווי ווייבער האַקען פיש. ס'האָט געשמעקט פון די קיכען מיט שבת'דיגע מאכלים. ער איז צוגעקומען צום נאַש־געוועלבל און געקראָגען זיין צייטונג. ער האָט גלייך אָנגעהויבען לייענען. טייל פאַרטייען האָבען געסטראַשעט, אַז זיי וועלען נישט געהן צו די וואַלען. די פּוילישע פּאַרטיי, די ענדעקעס, האָבען געהאַט אַ מחלוקת מיט די אידען וויבאַלד זיי האָבען געשטיצט אַן אַנדער קאַנדידאַט, אַ ליבעראַל. דער דייטשער קייזער ווילהעלם האָט ערגיץ געהאַלטען אַ רעדע וואו ער האָט געזאָגט, אַז אַ מלחמה איז אומפאַרמיידליך. די ענגלענדער האָבען געבויט נייע קריגס־שיפען. אין פּאַלעסטינע איז הייאָר אַ טריקעניש. מ'האָט געקויפט וואַסער פאַר געלט. די צייטונג האָט געדרוקט אַן אויפרוף אידען אויף דער וועלט זאָלען שטיצען די קאָלאָניסטען און די אידערעליסטען וואָס האָבען איבערגעלאָזט זייערע היימען און זענען אַוועק כ'דוקענען זומפּען און פלאַנצען עוקאַליפּטוס־ביימער, און אַ סך פון זיי זענען געשטאָרבען פון מאַלאַריע. יעדעס וואָרט אין דעם בלאַט האָט מאַקס'ן אויפגערעגט. ער האָט געוואָלט שיקען געלט די ווייטבאַהערפטיקע, אָבער ער האָט מורא געהאַט אַז ווען ער וועט אַנגעבען זיין נאָמען אין דער פּאָסט, קאָן זיך נאָך די פּאָליציי דערוויסען וועגען אים.

נאָך דער ערשטער זייט האָט מאַקס גענומען לייענען די וויצען: וועגען כלל־טוער, וואָס גנב'נען קהל'ישע געלטער; וועגען בייזע שוויגערס, פאַרדאָרטענע מענער, אויסגעבראַכענע־טרישע ווייבער וואָס אַליין זיצען זיי אויף דאַטשעס און די מאַנען זייערע שוויצען אַ גאַנצע וואָך אין וואַרשע. ס'איז דאָ געווען אַ קאַריקאַטור פון אַן אויסגעדאַרטען מאַן וואָס קומט פרייטאָג פון שטאָט אויף דאַטשע באַלאָדען מיט קיבער, שאַכטלען, פּעק מלבושים, אַ בעזים, אַ באַרשט, חלה'ס, קוכענס, אַ טשאָלנט־טאָפּ, אַ סאַמאָוואַר. דאָס ווייב, אַ קיילעכדיגע, אַ פעטע, קומט אים אַקעגען און שרייט אויף אים: גולם, אידיאָט, אָקס, וואו זענען די בלומען וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט?...

פריערדיגע צייטען האָבען אַזעלכע צייכענונגען און וויצען קיים אַרויסגערופען אין מאַקס'ן אַ שמייכעל, אָבער דאָס זיין אַליין, אָפּגעריסען פון מענטשען, און דאָס גריבלען זיך האָט אין אים אויפגעוועקט די געפיהלען. אַ כעס האָט אים אָנגענומען אויפ'ן ווייבערישען מין. ס'איז דען נישט אמת? אַלע אומגליקען קומען פון די נקבה'ס. נאָר אַ ווייל האָט מאַקס גענומען בלעטערן די זייטען מיט די לאַנגע אַרטיקלען און פעליעטאָנען וואו אַלץ איז צוזאַמענגעמישט: פּאָליטיק, תנ"ך, אַ ליד פון אַ פּאָעט וועגען האַרבסטיגע בלעטער, וואָס פאַלען אין ווינט, און אַ בריוו פון דעם ניו־יאָרקער קאָרעספּאָנדענט וועגען אַ סוברעטקע וואָס אַ מיליאָנער גרייט זיך מיט איר חתונה צו האָבען באַלד ווי זי וועט אָפּ'גט'ן איר פינפטען מאַן.

פּלוצים איז מאַקס געבליבען ווי פאַרגליווערט. ער האָט געהאַט אויפגעמישט אַ זייט מיט נייעס וועגען טעאַטער און ער האָט דאָרט דערזעהן די נעמען פלאָרא שפּינדלער און פייוועלע שעכטער. מאַקס'ן האָט זיך פאַרכאַפּט דער אָטעם. אין דער נאָטיץ איז געשטאַנען, אַז די באַקאַנטע אַקטריסע פלאָרא שפּינדלער וואָס גאַסטראָלירט אין וואַרשע פון בוענאָס איירעס, און דער וועלט־באַרימטער אַקטיאָר פייוועלע שעכטער זענען אַנגאַזשירט געוואָרען צו שפּילען אין העניך יאַמבעג'ס דראַמע „צוריק אהיים". אין דער נאָטיץ איז געווען דערמאָנט אַז פלאָרא האָט אַמאָל געשפּילט מיט פייוועלע שעכטער אין מיהאַנאָווער טעאַטער און אַז כאָטש פייוועלע איז באַרימט ווי אַ קאָמיקער, גלויבט דער רעזשיסאָר מיכאַל זיסקינד, אַז ער וועט אויך באַצויבערן דאָס פּובליקום אין דער ערנסטער ראָל וואָס ווערט אים צוגעטיילט. מאַקס איז געבליבען שטעהן און איבערגעלייענט די נאָטיץ נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל. פלאָרא איז אין וואַרשע! זי וועט שפּילען מיט פייוועלע שעכטער! אַלע זיינע, מאַקס'עס ווילדע פאַנטאַזיעס און אויסטערלישע טראַכטעכצער ווערען מקוים. אָבער ער אַליין, מאַקס, איז פאַרוואָגלט און פאַרשטויסען און קיינער ווייסט אפילו נישט צי ער לעבט. מ'זוכט אים ווי אַ גנב אָדער אַ מערדער. ער האָט אַלץ פאַרלוירען, געבליבען אַ מענטש אָהן האָפענונג.

איכ'ל מיך דער'הרג'ענען, מיין סוף איז געקומען — האָט מאַקס צו זיך געזאָגט. — איך האָב מיר אַליין אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ... מאַקס'ן איז געוואָרען ענג אין האַלז. אַ צאָרן האָט אים אָנגענומען און אַ געלעכטער. זי גאַסטראָלירט גאָר! „די באַקאַנטע אַקטריסע"... וואָס'ער ליגנער, די צייטונגס־שרייבער זענען! ווי זיי פאַרקריפּלען און צעדרעהען דעם אמת! ס'איז אַלץ צו'להכעיס מיר: נקמה צו נעמען! ס'איז אים איינגעפאַלען אַרויסצושרייבען אַ בריוו אין דער צייטונג אַז פלאָרא איז געזעסען אין אַ הורן־הויז און אַז זי קאָן נישט לייענען און שרייבען. אָבער ער האָט געוואוסט פאָרויס אַז מ'וועט דעם בריוו נישט דרוקען. איכ'ל צופאָרען קיין וואַרשע און זיי ביידע שיסען! — האָט מאַקס באַשלאָסען. סאַ־יוי־סאַי ביז איך שוין אַ פאַרברעכער און די גלינעס יאָגען זיך נאָך מיר. זאָל כאָטש זיין פאַר עפּעס! ער האָט געהאַט ליגען דעם רעוואָלווער אין איינער פון זיינע וואַליזעס. ער האָט אויך מאַגאַזינען מיט קוילען. איצט איז די צייט! — האָט עפּעס אין מאַקס'ן געשריגען. ער וועט איבערלאָזען שאַשע'ן אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט. ער וועט איר געבען דאָס גאַנצע געלט און דאָן שרייבען אַ צוואה פאַר אַ צוהאָג. דערנאָך וועט ער אַוועקגעהן אויף דעם גוזטעראַהט און דאָרט אַריינשיסען זיך אַ קויל אין קאָפּ. אַזוי אַז מ'זאָל אים גלייך קאָנען דאָרט באַגראָבען הינטער'ן פּלויט, וואו מ'ליגט זעלבסטמערדער.

דער דאָזיגער פּלאַן האָט אַריינגעבראַכט מאַקס'ן אין אַ בעסערער לוינע. ער האָט אפילו אָנגעהויבען לאַכען אין זיך. זי וועט געהן „צוריק אהיים", צוריק אין דער ערד פון וואַנען אַלע קומען... נאָך עטליכע טריט האָט מאַקס זיך ווידער אָפּגעשטעלט. וואָס אייגענטליך האָט ער צו פייוועל'ן? ער, מאַקס, האָט זי דאָך אַליין צוגערעדט זי זאָל זיך צו אים דערנעענטערען. ניין, איכ'ל אים נישט טשעפּען. ער איז מיר גאָרנישט שולדיג... אפשר אַמאָל דערשיסען שאַשע'ן אויך? דאָס געלט וועט זיין פאַר איר אַ קאַפּע טרייסט. איר לעבען איז שוין אויך אָפּגעהאַקט... מאַקס האָט גענומען געהן גיכער. ער האָט וואָס גיכער געוואָלט עפענען די וואַליזע און געפינען דעם רעוואָלווער. ווער ווייסט? אפשר האָט מען אים אַרויסגע־גנב'עט אין דער באַגאַזש־אָפּטיילונג אויפ'ן ווינער וואָקזאַל? מאַקס האָט ביז איצט נישט געעפענט יענע וואַליזע. ער האָט זיך דאָ אין מיעדזשעשין נישט גענויטיגט אין קיין מלבושים. אפשר צוריקגעהן און קויפען נאָך עטליכע נומערן פון דער צייטונג? — איז אים איינגעפאַלען. ער האָט זיך דערמאָנט אַז ס'איז דאָ נאָך אַן אַנדערע צייטונג און ס'קאָן אַמאָל זיין אַ נאָטיץ אין יענעם בלאַט אויך. זיי קאָנען אַמאָל געבען דאָרט מעהר איינצעלהייטען... מאַקס האָט זיך געלאָזט איילען אויף צוריק. ער האָט הערביי געטראַכט: איך זיץ אַפּ נעכט און זוך אַ פּלאַן ווי זיך אַרויסצופּלאָנטערען און דער פּלאַן איז שוין לאַנג אָנגעשריבען אין הימל, אין דעם בוך פון נתנה תוקף וואו מ'שרייבט אַריין ווער ס'וועט לעבען און ווער ס'וועט שטאַרבען... ער איז אַריין אין נאַש־געוועלבל. אָבער יענע אַנדערע צייטונג האָט מען שוין געהאַט איינגאַנצען אויסגעפאַרקויפט. וואו קאָן מען קריגען אַזאַ צייטונג? — האָט מאַקס געפרעגט, און דער אייגענטימער האָט געענטפערט:

— אפשר אין פאַלעניץ.

אין דער סטאַנציע איז אָנגעקומען אַ באַן פון וואַרשע און מאַקס האָט געוואוסט, אַז די סטאַנציע דערנאָך איז פאַלעניץ. ער איז אַריין אין וואַגאָן אָהן אַ בילעט. ביים איינשטייגען האָט ער אָנגעכאַפּט די קני אין דער אייזערנער שוועל. ווי צעשטערט זיין געמיט איז, האָט אים דאָס לויפען, די איילעניש אויפגעמונטערט. ער איז געוואָרען איינגעזעסען ביי דעם סאָלטיס אין הויז. ער האָט געגאַרט נאָך עפּעס וואָס זאָל אים אויפהייטערן. די נסיעה קיין פאַלעניץ האָט געדויערט ווייניגער ווי פינף מינוט. ער איז אויסגעשטיגען און הינטער אים זענען אויסגעשטיגען יענע מענער וואָס מ'האָט אויסגעלאָזט אין דער ווייטער אָפּטיילונג: בלאַסע, פאַרשוויצטע, מיט פּעק און פעקלעך. זיי זענען געקומען אויף שבת שלאָפען מיט די ווייבער, כאַפּען אַ דרימל נאָכ'ן טשאָלנט אויף אַ צעלייגבעטל, שפּאַצירען די פליגען און קאָמאַרעס וואָס באַפאַלען די שטאָטישע געסט און דערנאָך צוריקקערען צו די צרה'וואַטע געשעפטלעך, די האַלב־לעדיגע קראָמלעך, די הייסע און שטויביגע וואַרשטאַטען. מאַקס האָט געקויפט אויף דער סטאַנציע די אַנדערע צייטונג, אָבער דאָרט האָט ער די נאָטיץ נישט געפונען. ער האָט געמישט די בלעטער, געזוכט, אָבער ניין, ס'איז נישטאָ. קאָן דאָס זיין, אַז דער רעדאַקטאָר פון אָט־דער צייטונג ווייסט אַז פלאָרא איז מער נישט קיין אַקטריסע, גאַסטראָלירט נישט, און אַז זי איז אַ געמיין שטיק, אַ זונה? אָדער אפשר האָט פייוועלע שעכטער אים אויסגעלאַכט אין איינער פון זיינע קאָמעדיעס? פּלוצים האָט מאַקס דערזעהן די נאָטיץ. ער האָט נישט געגלויבט די אייגענע אויגען: פאַר זיין בליק, מיט גרעסערע אותיות ווי אין דער אַנדערער צייטונג, אָבער גענוי מיט די אייגענע ווערטער. זענען מיינע אויגען געווען פאַרבלענדט? אָדער זענען די שורות פּלוצים אַריינגעשפּרונגען אין פּאַפּיר? מאַקס האָט איבערגעלייענט די נאָטיץ עטליכע מאָל. ווי אַזוי קאָנען צוויי שרייבער שרייבען גענוי די אייגענע ווערטער? זאָל איינער האָבען איבערגעשריבען פון צווייטען? מאַקס האָט זיך מיט אַמאָל דערמאָנט, אַז קיינער האָט ביי אים נישט פאַרלאַנגט קיין בילעט, נישט אין וואַגאָן און נישט ביים אַריינגעהן אין וואָקזאַל. מאַקס האָט באַשלאָסען צוריקצוגעהן דעם וועג צו פוס. ס'איז נאָהענט. מ'האָט געקאָנט פון דאַנען זעהן די סטאַנציע פון מיעדזשעשין. ער האָט געמוזט נאָכאַמאָל איבערטראַכטען די גאַנצע זאַך.

איידער מאַקס האָט זיך אומגעקערט קיין מיעדזשעשין האָט ער געכאַפּט אַ שפּאַציר איבער די פאַלעניצער געסלעך. ווי שמוציג! ווי אָרעם! דאָס רופען זיי אַ דאַטשע, די קבצנים, האָט מאַקס צו זיך גערעדט. מ'האָט דאָ געוואָרפען דאָס מיסט פאַר די הייזער. קעץ און הפקר־הינט האָבען געגראַבעלט צווישען קישקעלעך פון הינער, פעדערן, געדערים פון פיש. ס'האָט דאָ געשטונקען מיט ריחות וואָס מאַקס האָט געדענקט פון זיין שטעטל. דאָ און דאָרט איז אויף אַ צעלייגבעטל, צווישען קורצע און האַלב־נאַקעטע סאָסנעס געלעגען אַ דאַטשניק אין אַ קויטיג העמד, אין אַ ברייטען טלית־קטן, מיט אַ פאַרפעדערטע קאַפּעל און אַריינגעקוקט אין אַ ספר'ל, אָדער גאָר אין דער אָרטאָדאָקסישער צייטונג וואָס מ'דרוקט נישט אַרויס דעם פולען נאָמען גאָט, נאָר ג־ט. פון דעם איד'ס אויגען האָט אַרויסגעקוקט אַ צער אַזוי אַלט ווי דאָס פאָלק ישראל, פאַרטריבען אין גלות. אַ שעפעלע צווישען די גוי'אישע וועלף. אפשר אים געבען אַ נדבה? — איז מאַקס'ן איינגעפאַלען. אָבער ער האָט מורא געהאַט נישט צו פאַרשעהמען דעם איד. ער איז נישט קיין שנאָרער. ער האָט אַוועקגעיאָגט די פליגען און פון מאָל צו מאָל געטאָן אַ זיפץ. מאַקס'ן האָט זיך געדוכט, אַז ער הערט ווי דער איד פרעגט:

— וואָס וועט פאָרט זיין דער תכלית?...

(פאָרטזעצונג פרייטאָג)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון יצחק באַשעוויס

(פאָרטזעצונג)

מאַקס איז געגאַנגען א פּאָר טריט און זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט געכאַפּט א בליק אויף דער אַנדערער צייטונג און זיך געפרעגט: פאַרוואָס קויף איך ניט יעדען טאָג ביידע צייטונגען? איך וואָלט געהאַט טאָפּעלט צו לייענען. מען פאַרגעסט זאַכען, וואָס זענען אַזוי איינפאַך. ווער ווייסט? אפשר פאַרליר איך נאָך א סך אַנדערע זאַכען וואָס וואָלטען מיך געקענט אַרויסשלעפּען פון דער בלאָטע? מאַקס האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט. יאָ, ער האָט פאַרלוירען דעם עיקר! ווי באַלד פלאָראַ וועט שפּילען טעאַטער אין וואַרשע, האָט ער, מאַקס, גענוג צייט צו פאָרען קיין אַרגענטינע און דאָרט צו דערלידיגען אַלע זיינע געשעפטען, אַזוי, אַז עס זאָל גאָרניט בלייבען פאַר איר. מען הויבט ערשט אָן שפּילען סוכות־צייט און פלאָראַ וועט נישט צוריקלויפען קיין בוענאָס איירעס באַלד נאָך דער פּרעמיערע. דאַנקען גאָט! מאַקס האָט זיך געטאָן א פּאַטש אין שטערן. פאַרוואָס האָב איך דאָס באַלד ניט איינגעזען? ס'איז דאָך אַזוי קלאָר! ער איז געוואָרען האַסטעדיג. איצט איז אַלץ ווידער גוט. זאָל פּיוועלע שעכטער זי האָבען! ער, מאַקס, וויל זי מער נישט! ער האָט גענומען שפּאַנען אין הייסען זאַמד: איכ'ל מיטנעמען שאָשע'ן. איכ'ל זי דאָ נישט איבערלאָזן. א ווייל האָט מאַקס זיך געשפּילט מיט'ן געדאַנק וועגען איבערגעבן שאָשע'ן אין בערטאַ'ס הענט. פאַר אַזאַ שטיקעל סחורה וואָלט ער געקראָגען היבשע עטליכע טויזענט פּעזאָס. אָבער ס'איז ניט געווען ערנסט. אַזאַ פּאַסקודניאַק בין איך ניט, האָט ער זיך אַליין געזאָגט. ער האָט געהאַט געגעבען מאַיר סמעטענע תקיעת־כף, אַז ער וועט זי באַהאַנדלען ווי זיין אייגען קינד. ער, מאַקס, האָט זי ליב באַקומען אין די עטליכע וואָכען. ווי באַלד כ'וויל נישט קיין נקבה, דאַרף איך קענען לעבען מיט א כשר קינד. איכ'ל פלאָראַ'ן שיקען א גט און חתונה האָבען מיט שאָשע'ן! כ'שווער ביי גאָט! זאָל איך נישט דערלעבען ביז יום־כיפור אויב כ'זאָל איך טאָן אן עוולה. כ'שווער ביי די נשמה'ס פון מיינע טאַטע־מאַמע!

מאַקס האָט זיך אָפּגעשטעלט און אויפגעהויבען א האַנט צום הימעל. ער האָט געשוויצט און דאָס העמד איז געוואָרען אויף אים נאַס. נסים געשען מיט מיר! כ'בין איינגעשטוקט אין שמוץ, אָבער גאָט וויל נאָך ניט כ'זאָל גיין צו גרונט... ס'האָט שוין איצט מאַקס'ן באַנג געטאָן וואָס ער האָט נישט גענומען די באַן. צו גיין צופוס אין דער חמימה איז שווערער ווי ס'האָט זיך אים פריער אויסגעדוכט. אפשר צוריקגיין קיין פּאָלעניץ און דאָרט נעמען די באַן? ס'האָט שוין נישט געלוינט. ער איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען א שטיק וועגס.

בין איך איצט גליקליך? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. ער האָט ווי געוואַרט אויף אן ענטפער פון זיין אייגען געמיט. אָבער ניין, ער איז נישט גליקליך, אפילו נישט צופרידען. בלויז צעטרייסט. ער האָט נישט געדענקט ער זאָל אַמאָל האָבען געווען אַזוי נערוועזיש, אַזוי צעטרייסעלט. עפּעס איז געשען מיט אים די לעצטע פּאָר וואָכען. ס'האָט זיך אָנגעהויבען יענע נאַכט ווען ער האָט נישט געקענט זיך דערנענטערן צו דער אַנאַרכיסטין. עפּעס איז זיין מוח אַהער אין זיין נשמה האָט זיך איבערגעריסען. ער האָט שפּעטער מיט שאָשע'ן צוריקגעוואונען אַלע זיינע מאַנסבילשע כוחות. נאָר ס'איז געבליבען אין אים א צעדרודערונג וואָס אַנשטאָט זי זאָל זיך איינשטילען, ווערט זי אַלץ ערגער. ער האָט געהאַט געהערט אין בוענאָס איירעס פון מענטשען, וואָס ליידן פון א נערוועז־דערשיטערונג און מ'מוז זיי נעמען אין שפּיטאָל. איז דאָס וואָס ער ליידט איצט א נערוועז־דערשיטערונג? אפשר איז דאָס אַמאָל אן אָנהייב פון משוגעת? ער איז צוגעקומען צו א ווילע און ס'איז דאָרט געשטאַנען א באַנק. ס'איז געפאַלן אויף איר א שיטערער שאָטען פון די ניהעריגע סאָסנעס, וואָס זענען דאָ געוואַקסען אין דער געגענט — סאָסנעס קאַרליקעס, וואָס קריגען נישט גענוג פייכטקייט אין דעם זאַמדיגען באָדען צו וואַקסען העכער. מאַקס האָט זיך אַוועקגעזעצט און זיך געפאַכעט מיט איינער פון די צייטונגען. כ'מוז מיך נעמען אין די הענט אַריין, האָט ער זיך געוואָרענט, אויב נישט, וועל איך — ער האָט נישט פאַרענדיגט דעם געדאַנק.

א לאַנגע ווייל איז ער געזעסען שטיל. פאַרוואָס קענען זיי נישט לייגען קיין שאָסיי פון איין זאַטשע אין דער אַנדערער? — האָט ער זיך געפרעגט. — אין אויסלאַנד זענען אַלע וועגען אויסגעפּלאַסטערט. פּאַניע גנב! פּאַניע חזיר! א רוח אין ניקאָלאַי'ס טרפה'נעם פּופּיק! מאַקס האָט איצט באַנומען בעסער די אַנאַרכיסטען און די אַנדערע רעוואָלוציאָנערן. די נאַבאָלען אין פּעטערסבורג, די פּירשטען און גראַפען, האָבען אין דר'ערד דאָס פאָלק. די צייטונגען האָבען געשריבען, אַז עפּעס א גלח'ל פון סיביר, א מחושיק, א זשוליק, איז געוואָרען אן איינגייער ביים קייסער. מ'האָט געגעבען אָנצוהערעניש, אַז ער שלאָפט מיט דער קייסערינע און מיט אירע הויף־דאַמען, פּראַווען אָרגיעס. עס וואָלט גאָרנישט געווען אַזאַ אומגליק ווען מ'ליגט דאָרט אונטער אין פּאַלאַץ א באָמבע און מ'צערייסט די גאַנצע באַנדע צוזאַמען מיט ראַספּוטינ'ען און פּורישקעוויטש'ן און סטאָליפּינ'ען אויף פּיך פּיצלעך...

מאַקס האָט גענומען לייענען די ניעס און די כראָניק אין דער אַנדערער צייטונג. איינע האָט געהייסען „דער טאָג", די אַנדערע — „דער מאָרגען". עס איז נאָך געווען א דריטע אויך: „אונזער צייט". אָבער מאַקס האָט זי נישט געזען דאָ אין מיעדזעשין און אפילו נישט אין פּאָלעניץ. שמיל האָט אים געהאַט געזאָגט, אַז „אונזער צייט" לייענען שוסטערס, טרעגערס, פורמאַנעס. אפשר ווערט דאָרט אויך דערמאָנט וועגען פלאָראַ'ס שפּילען אין דער פּיעסע? נו, ס'איז אַלץ נאַריש, פּוסטע זאַכען. מ'קען דרוקען די אייגענע ניעס אין טויזענט צייטונגען און ס'עט אַלץ בלייבען דאָס אייגענע, האָט מאַקס פילאָזאָפירט.

ער האָט געעפנט די אינערווייניגסטע זייטען און געזען אן אַרטיקל מיט דעם קאָפּ „אין די פאַרכטיגע טעג", מיט אונטערקעפּל: „דער חודש ווען א פיש אין וואַסער ציטערט". — „די ימים נוראים אַמאָל און היינט". — „דער באַגריף פון תשובה". אונטערגעשריבען איז געווען מ. קדישזאָהן. מאַקס האָט פאַרצויגען די ברעמען. ער האָט קיינמאָל ניט געליענט דעם סאָרט אַרטיקלען. אז מ'וויל פרומקייט, גייט מען אין שוהל אַריין, האָט ער צו זיך געזאָגט. די גאַזעטען ווילען זיך צופּאַסען צו אַלע לייענער. ווילסטו וויצען — נאַדיר וויצען. ווילסט ליבע, האָסטו ליבע. ווילסט א קאַפּעלע פרומקייט — מיר פאַרקויפען דאָס אויך. זינט מאַקס איז געקומען קיין וואַרשע האָט ער געליענט אין בלאַט א ראָמאַן: „די פאַרשלייערטע דאַמע — א געשיכטע וועגען א פרוי וואָס קיינער ווייסט נישט ווער זי איז, קיינער האָט קיינמאָל איר פּנים נישט געזען, אפילו נישט אירע ליבהאָבער, וואָס זענען אויסגעגאַנגען פון ליידענשאַפט צו איר און האָבען געשיקט נאָך איר שפּיאָנען. אָבער זי האָט זיי אַלע אָפּגענאַרט און צעמישט. פאַרמאַכטע קאַרעטעס קאַרעטעס מיט פאַרהאַנגענע פענסטער האָבען געוואַרט אויף איר. זי האָט זיך באַנוצט מיט פאַרשידענע נעמען. זי האָט געזאָלט געהערן צו דער העכסטער אַריסטאָקראַטיע. זיצענדיג דאָ אויף דער באַנק האָט מאַקס איבערגעליענט די פאָרטזעצונג, אָבער דאָס ווייטערדיגע האָט זיך ערשט געזאָלט דרוקען אין דער זונטאָגדיגער צייטונג. אין ניו יאָרק האָט מען געדרוקט די אידישע צייטונגען אין שבת. אָבער דאָ האָבען די רעדאַקטאָרען געוואָלט צופרידענשטעלען יעדען איינעם. ס'איז קיינמאָל נישט געווען אַזאַ פאַרשלייערטע דאַמע — האָט מאַקס געקלערט. — ס'איז אַלץ אויסגעטראַכטע שמאַנצעס. זיצט ערגעץ א שמענדריק און פאַר צוואַנציג רובעל א וואָך פּאַטשקעט ער אַז וואָס ס'פאַלט אים איין און מיר. נאַראַנים מיינען אַז ס'איז תורת־לאַקשען. איכ'ל דאָס איר נישט לייענען! — האָט מאַקס באַשלאָסען... זאָל די פאַרשלייערטע דאַמע מיט אַלע אירע נאַכשלעפּערס גיין צו אַלדי שוואַרץ יאָר און ברעכען הענט און פיס... ער האָט איבערגעמישט און איבערגעלייענט א וויץ: ברוך צו זרח'ן: ווי אַזוי ווייסט מען צי שוואָמען זענען נישט קיין סם? זרח: גאַנץ איינפאַך, מ'גיט זיי צו עסען דער שוויגער און אויב זי בלייבט לעבען, איז א סימן אַז זיי זענען נישט קיין סם... מאַקס האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ. ער, מאַקס, האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין שוויגער. פלאָראַ איז געווען א קיילעכיגע יתומה ווען ער האָט זי דערקאַנט. שאָשאַ האָט אויך נישט קיין מאַמע. נו, אָבער ווי באַלד די צייטונגס־שרייבער זענען אַזוינע שמענטילעגענטען און ווילען בלויז פאַרוואַרגען דאָס פאָלק, פאַרוואָס טשעפּען זיי זיך צו דער שוויגער? אז א טאַכטער ווערט דערוואַקסען, מוז מען זי דאָך חתונה מאַכען. סיידען מ'שיקט זי אוועק אין א הייזעל. דעם ווינצלער'ס ווייב איז אפשר שוין אויך א שוויגער. מאַקס האָט זיך אויפגעהויבען. נו, קיינער איז נישט ערנסט היינטיגע צייטען. די היינטיג־מאָדישע מענטשען לאַכען אויס זיך אַליין. זיי זענען אַלע א באַנדע קאָמעדיאַנטען.

מאַקס האָט זיך געלאָזט גיין ווייטער. איז ווען פאָרען מיר קיין אַרגענטינע? באַלד נאָך שבת. זיין פריערדיגער באַשלוס צו שיקען פלאָראַ'ן האָט זיך געהאַט אויסגעוועפּט. עס לוינט נישט צו גיין אויף קאַרטאַרגע צוליב איר. ער האָט זי אפילו איצט געפּראַוועט פאַרענטפערן; ערשטענס, האָט ער, מאַקס, אַליין גערעדט צו איר וועגען פּיוועלע'ן און אפילו געזאָגט, אַז ער וואָלט נישט געווען אייפערזיכטיג; צווייטענס, ווי באַלד זי איז א טליק, ווי קען מען דערוואַרטען פון איר געטריישאַפט? איין זאַך האָט מאַקס איצט נישט געקאָנט פאַרשטיין: פּיוועלע ווייסט דאָך די גאַנצע צייט ווער זי איז, ווי קאָן ער עפּעס זי צוריקנעמען און שפּילען מיט איר טעאַטער? מאַקס האָט געטאָן א לאַך. זי וועט אוודאי שפּילען א פרומע אידישע טאָכטער. מ'עט איר אָנטאָן א שייטעל און זי וועט רעדען הייליגע רייד אַשטייגער ווי דאָס שרייבערל מ. קדישזאָהן וואָס דרשנ'ט וועגען די פאַרכטיגע טעג און ס'קאָן זיין אַז ער פרעסט חזיר. מ'רופט אונז אונטערוועלט, האָט מאַקס גע'טענה'ט צו עמיצען אן אומגעזעענעם, אָבער מיט וואָס זענען זיי בעסער? מיר אַמווייניגסטען מאַכען נישט דעם אָנשטעל. מיר ווילען נישט פאַרוואַרגען דאָס אידישע פאָלק און די מענטשהייט. מיר זאָגען אָפען: מיר ווילען א הוליע טאָן איידער מ'שלעפּט אונז אַוועק אין קבר.

ער האָט זיך איצט געהאַט אינגאַנצען באַרואיגט. ס'איז אים אפילו מער נישט געווען אַזוי הייס ווי פריער. ער איז צוגעקומען צו דער סטאַנציע אין מיעדזעשין און אויסגעטרונקען א גלאָז סאָדע־וואַסער מיט מאַלינע־זאַפט. ער איז אַריבער די רעלסן און זיך געלאָזט גיין צוריק „אַהיים", צום סאַלטיס. שאָשע וועט אוודאי האָבען איבערגעקלערט. זי האָט זיך געקלאַמערט אין אים. אפילו ווען ער איז געגאַנגען אין אָפּטריט, האָט ער געמוזט זאָגען וואו ער גייט. א ווילדער געדאַנק איז אים איינגעפאַלען: אפשר האָט זי אַמאָל שטילערהייט פאַרפירט אן אַפערע מיט'ן סאַלטיס? ס'איז געווען א משוגע'נער געדאַנק. דער סאַלטיס איז א גוי פון זעכציג יאָר. שאָשע האָט נאָך רעכט מיט אים קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ער איז א קליינער, א דיקער, מיט גראָבע וואָנסען און אן אויסטערלישער שווייגער. ער איז, ווייזט אויס, א פאַנטאָפעל ביים ווייב. נו, אָבער אַזוי איז דער מענשליכער קאָפּ אַז די ווילדסטע רעיונות לויפען דורך אים פאַרביי. ס'איז נאָך א נס וואָס איינער קאָן נישט לייענען דעם אַנדערענ'ס מחשבות. ווען דאָס וואָלט געווען מעגליך, וואָלטן אַלע מענטשען געשטאָרבען פון בושה...

מאַקס האָט דערזעהן שאָשע'ן. זי איז געשטאַנען אויף דער פאַלאַנקע און אים אויסגעקוקט. זי האָט געפאַכעט צו אים מיט די אָרעמס און האָט אים אויסגעוויזען צעשראָקען און צעשויבערט. נעבען איר איז געשטאַנען דער הונט פון הויז: א גרויסער געלבליכער כלב וואָס האָט אויף קיינעם נישט געבילט אחוץ אויף דער לבנה. ווי נאָר ער האָט דערזען די לבנה, האָט ער אָנגעהויבען בילען און זיך פאַרגאַנגען אין א סאָרט ספּאַזם, א יללה. ער האָט איצט געהאַלטען די צונג אַרויסגעשטעקט ווי געוויינליך היינט אין הייסע

(שלוס אויף זייט 2)

# די געסט

(שלוס פון זייט 3)

טעג. אַ שוואַרצע ליבשאַפט האָט מאַקס'ן אַרומגעכאַפּט צו שאָשאַ'ן. איכ'ל שטיין מיט איר אונטער דער חופּה. איכ'ל זי אויסקליידען ווי אַ פּרינצעסין. איכ'ל זיין צו איר אַ טאַטע, אַ מאַן, אַ ברודער... זי'ט זיין די מאַמע פון מיינע קינדער...

דער טאָג איז געווען אַ לאַנגער און אַ הייסער. מאַקס האָט שוין כמעט געהאַט איבערגעלייענט ביידע צייטונגען, אָבער די זון איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין הימעל — ווי־וואויל זי האָט זיך שוין גענומען רוקן צו מערב. מאַקס האָט שוין געהאַט גע־זאָגט שאָשאַ'ן אַז זיי פאָרן נאָך שבת קיין אויסלאַנד, אויפ'ן וועג קיין אַרגענטינע. שאָשאַ האָט געפרעגט צי זי וועט זיך קאָנען געזעגענען מיט'ן טאַטע־שי, דעם פעטער מאיר, דער מוהמע לאה, און מאַקס האָט גע־ענטפערט:

— מיט קיינעם נישט.

אָבער אים אַליין האָט פאַר־דראָסען פאַרוואָס ער מוז אַוועק פון וואַרשע און דער עיקר פון מאיר סמעטענע אָהן אַ זיי־געזונט. ער, מאַקס, האָט נישט געהאַט אויסגעפירט קיין איי־נעם פון זיינע פּלענער אויף דער שליימזל'דיגער נסיעה. ער האָט זיך רעכט נישט אָנגעווייטיגט מיט וואַרשע. ער איז נישט געפאָרען זיך זעהן מיט די קרובים אין פינטשעוו. ער האָט געהאַט פאַרלוירען פלאָרא'ן און זי פאַרביטען אויף אַ קינד מיט קינדישע רייד און קינדישע געדאַנקען. ער האָט פאַרנישט וואָס מיטצוברענגען בערטאַ'ן. מ'וועט דאָרט, אין בוענאָס־איירעס, אויף אים שמו־צערען מיט די ליפּען און אים באַדויערן. מאַקס האָט זיך דער־מאָנט די מעשה וואָס ער האָט געלערנט אין חדר פון נעמי'ן, וואָס איז אַוועק פון בית לחם מיט אַ מאַן און צוויי זיהן און זיך אומגעקערט אַליין אַן אלמנה מיט אַ שנור אַן אַלמנה. ס'איז גאַנץ מעגליך, אַז פלאָרא האָט שוין אויסגעשריבען אַ גאַנצען פּאַק בריוו קיין בחנעס־איירעס און דערציילט ווי ער האָט זי אַרויסגעוואָרפען און איז אַנט־לאָפען מיט אַ פופציג־יעריג מיי־דעל. מ'וועט אים אויפנעמען קאַלט, אַדער אפילו מיט שנאה. די גוטע־פריינט זיינע וועלען דאָך בלויז דאָרט געווען צוטער־לאָזען צו אים ווייל פלאָרא האָט מיט זיי אַרומגעטריבען.

ס'איז געווען קלאָר, אַז פון מיזרח־אייראָפּעישין קאָן ער צו דער פריי־סישער גרענעץ נישט קומען. ער'ט מוזען צוריקפאָרען קיין וואַרשע און דאָרט נעמען די באַן וואָס פירט צו מלאווע אדער צו אַן אַנדער שטאָט ביי דער גרענעץ. ער וואָלט אפשר גע־קאָנט פאָרען פון אָטוואָצק קיין לובלין, ריווניע, און פון דאָרט מיט פערדען זיך שלעפּען צו דער עסטרייכישער גרענעץ, אָבער דאָס וואָלט געווען אַ לאַנ־גע און שווערע רייזע. מאַקס האָט גערעכענט אַז ער וועט אפילו נישט איבערנעכטיגען אין וואַרשע. פון דעם וואָקזאַל וואו ער וועט אָנקומען וועט ער צופאָרען מיט אַ דראָשקע צו דער ווינער באַן און אַזוי גיך ווי מעגליך זיך לאָזען אויפ'ן וועג קיין מלאווע. ער'ט שוין מסתמא פלאָרא'ן מער פאַר די אויגען נישט זעהן. אויף וואַרשע וועט ער טאָן נאָך איין קוק פון דער דראָשקע.

(פאָרטזעצונג — מאָרגען)

# באַרימטע מענש... אין דער אידיש...

(שלוס פון בינטעל בריוו)

האָט געפירט אַ ליבע מיט סאָ־הוגמאָס'ן דורך דער צייט, וואָס דו ביסט דאָ ניט געווען. זי האָט זיך געמאַכט ווי אַ טאַכמעשול'דיגע לעמעלע, אַז זי ווייסט פון גאָר ניט... עס איז זיך לייכט אָנצו־שטויסען איר כוונה. זי האָט דיך געוואָלט טייטען און פאַר־כאַפּען די מלוכה און דאַן באַ־פרייען איר געליבטען סאָהעמוס'ן ... איך בין זיכער אַז דאָס איז געווען איר כוונה. זי האָט גע־מיינט, אַז איר וועט געלינגען איבערצוקויפען דעם טראַנק־מייסטער, און ער וועט איר גלוי־בען, אַז דאָס איז געווען אַן אומ־שולדיגע „ליבעס־טרונק". אָבער ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז זי האָט אַ בייזע כוונה און ער האָט דיר אַלץ דערציילט."

„איך ווייס ניט וואָס איך זאָל איצט טאָן און ווי איך זאָל האַנדלען" — רופט זיך אָן הורדוס.

„איין זאַך איז זיכער" — זאָגט סאַלאָמע — „אַז עס וועט זיין פאַר דיר אַ געפאַר צו פאַר־בלייבען מיט איר אין פּאַלאַץ. ווייבאַלד אַז זי האָט האָט שוין געמאַכט איין פאַרזוכונג גע־געןן דיר, און עס איז איר ניט געלונגען, טאָ ווי קאָנען מיר זיין זיכער, אַז זי וועט ניט מאַ־כען אַ צווייטען פאַרזוך אויף דיין לעבען? איך גלויב, אַז דו דאַרפסט מאַכען אַן אָנקלאַגע געגען איר. ערשטענס, איז זי דיר געווען אומטריי... שוין פאַר דעם אַליין פאַרדינט זי די גרעסטע שטראָף."

# די געסט

## (נאוועלע)

פון
**יצחק באשעוויס**

(פארטזעצונג)

די זון האט זיך שוין אנגעהויבען זעצען און מאקס'ן האט די דערמערונג געבראכט א טיפע מרה־שחורה. די בעסטע טייל פון זיין לעבען איז געווען אריבער. פון איצט אן וועט זיך אנהויבען אנרוקען אויף אים די עלטער. צוזאמען מיט פלארא'ן האט ער פארלירען די צוויי שטעט וואו ער איז געווען אין דער היים: ווארשע און בוענאס איירעס. ס'איז געווארען טונקל, אבער מאקס האט נישט געלאזט שאשע'ן אנצינדען דאס גאז־לעמפעל. די שיין פון לעמפל האט בלויז צוגעצויגען פליגען, קאמארעס און באגלעך. ער האט געהאט געגעסען ביים סאלטיס איינגעזאלצענע קליסקעס, הערינג, און א פאנטשקע פאר א צולאג. אבער ער האט געבענקט נאך פלארא'ס מאכלים. ווי טריף זי איז, האט זי אין בוענאס איירעס צוגעגרייט אויף פרייטאג־צונאכט א שבת'דיגע סעודה מיט געהאקטע פיש, רייז מיט יויך, מעהרען־צימעס. אז מאקס'ן האט זיך פארגלוסט, האט ער אנגעגאסען וויין אין א בעכער און געמאכט קידוש. אפט זענען געקומען פרייטאג־צו־נאכטס געסט: זיין שותף מיט זיין ווייב, בערטא מיט איר מאן, לעווינזאהן מיט זיין ווייב, נאך אנדערע — געוועזענע אלפאנסען און מאדאמען וואס האבען זיך געפלאטערט, געהאט אנגעזאמלט א סך געלט און אריינגעטראטען אין אלערליי כשר'ע און האלב־כשר'ע מסחרים. טייל פון זיי האבען געהאט קינדער אדער איידעמס דאקטוירים, אדוואקאטען, אינזשעניערען. מ'האט די לייט אנגערופען טמאים און מ'האט זיי געשטויסען צו האבען אן אייגענע שוהל און אן אייגענעם בית־עולם, אבער אינגאנצען זיי אויסשליסען פון קהל האט מען נישט געקאנט. זיי האבען אויסגעהאלטען דאס אידישע טעאטער. זיי האבען געגעבען געלט פאר וואוילטעטיגע צוועקען. יענע וואס האבען געהעצט קעגען זיי זענען אליין געגאנגען אין די הייזלעך איידער זיי האבען זיך נישט געקאנט צוקליבען א זווג. אימיגראנטען זענען געקומען און שיפען פון אלע האפענס, מערסטע — מאנסליים. די לאגע איז נישט געווען בעסער אין ריא דע זשאנעירא, אין סאן פאולא און אפילו אין ניו יארק. ווי מאדנע, נאר אין מאקס'עס קריין האט מען זיך נישט גע'גט. מענער זענען געבליבען מיט זייערע ווייבער. פלארא איז געווען באליבט און געשעצט ביי זיי.

שאשע איז איצט געזעסען נעבען מאקס'ן אויף דער וועראנדע. ער האט געוואלט רעדען צו איר, אבער ס'איז נישט געווען וואס. מיט פלארא'ן האט ער געקאנט אפילאסאפירען א גאנצע נאכט. זי האט געהאט אומצאליגע געשיכטעס. די ווערטער האבען אים געקיצעלט. ווי וואויל זי האט נישט געקאנט לייענען און שרייבען, האט זי טיילמאל זיך אריינגעלאזט אין פאנטאזיעס וואס מ'דארף צו זיי זיין פאלגען און באווייזן. נישט אומזיסט איז זי געווען אן אקטריסע. טיילמאל האט זי אים געגעבען עצה'ס ווי אזוי צו פארפירען מיידלעך. ס'האט גאר אפט געטראפען אז פלארא אליין איז געווען די פארפירעריך. זי האט איינגעלאדען צו זיך די שפאניערינס וואס האבען געארבעט ביי די דאמען־טאשען און זיי צוגערעדט צו גרינגערע פרנסה'ס. זי האט געזאגט מבינות אויף די פיסען וואס לעווינזאהן האט געשטעלט. ווען פלארא האט פארויסגעזאגט, אז א פיעסע וועט דורכפאלען, איז זי דורכגעפאלען. זי האט געהאט א חוש וואס דער עולם וויל. אדער ווי לעווינזאהן האט גערופען דאס פובליקום: משה ת. טיילמאל האט מאקס פארלאנגט פון פלארא'ן זי זאל אים אויסטראכטען א מעשה און זי האט דערציילט ווי זי איז געווען א וואנט־ווייב ביי א סולטאן, ווי מ'האט זי געפאנגען און פארקויפט אין א בארדעל קיין כינע, און ווי א פראנצויזישער גענעראל האט זיך אין איר פארליבט און זי גענומען קיין פאריז. זי האט אים אפילו דערציילט אמאל, מיכלאמפערשט אין א פאנטאזיע, אז פיווועלע שעכטער האט זי ארויסגענומען פון א הייזעל.

מאקס האט איצט א זאג געטאן:

— שאשעלע, וואס טראכסטו?

— א נארישקייט.

— עפעס מוזטו טראכטען.

— דער סאלטיס וועט קוילען ס'חזיר.

— ווען?

— היינטיגע וואך.

— פון וואנען ווייסטו?

— די סאלטיסאווא האט געזאגט.

— מי'ן שוין דא נישט זיין.

— ס'א'מיר א רחמנות — האט שאשע געזאגט.

— יא, ס'איז א רחמנות אויף יעדען איינעם האט מאקס גערעדט. — אויף מענטשען, אויף חזירים. דער סאלטיס זעהט אויס אזא שטילער גוי. ווי קאן אזא מענש קוילען א באשעפעניש?

— נו, און די שוחטים אין יאנאש'ס הויף קוילען נישט? אונזמעמע האט די אלטע געקויפט ביי א אידענע א לעבעדיגע הוהן און זי'ט מיך געשיקט זי שעכטען. פיר שוחטים זענען געשטאנען און געשניטען מיט די מעסערס. כ'האב נישט געקאנט קוקען. די הוהן האט זיך מיר ארויסגעריסען פון די הענט און גענומען פליען.

— מ'האט זי געכאפט?

— יא, געכאפט.

— מ'שעכט מענטשען אויך — האט מאקס געזאגט. — אין דער יאפאנישער מלחמה האט מען אויסגעהרג'עט צענדליגער טויזענטער זעלנער.

— יא, כ'ווייס.

ס'איז געווארען שטיל. מ'דארף ביי איר ציען ווערטער, האט מאקס געטראכט. ווי אויסטערליש, נאך צו, א קאליע־מאכער, האט עפעס נישט געקאנט קאליע־מאכען שאשע'ן. זי האט נאכגעגעבען אלע זיינע פארוועלכענעס, אבער אהן שום תשוקה. ער האט נישט געטארט אנהויבען מיט אזא קעלבל, האט מאקס זיך פארגעווארפען. די שווארצהאריגע זענען אנדערש. זיי ווערען פריה צייטיג. מ'קאן אין זיי אן פוועקען דעם טייוול. די שאשע איז צרוויס, צורבלאנד. זי וואלט מסתמא געווען צופרידען ווען מ'קויפט איר א ליאלקע. מאיר סמעטענע האט אים מאל נישט באדארפט נעמען צו איר. מאקס האט פארריכטערט א פאפיראס. וואס פאר'א צדרהעטער יאש בין איך דאס? קיין הר וויל איך נישט, און ארענטליך מיידעל טעמט מין נישט. ווער וואלט מיר געניגעדגעטאן? אפשר שוין קיינער נישט?

— שאשע.

— יא.

— וואס וואלסטו געטאן ווען ס'באפאלען דיך ציגיינערס און פארקויפען דיך צו א סולטאן אין א הארעם?

שאשע האט לאנג נאכגעטראכט.

— כ'וואלט שרעקליך געוויינט.

— וואלסט געלעבט מיט דעם סולטאן?

— ניין.

— וואס וואלסטו געטאן?

— כ'וואלט אנטלאפען.

— פון קיין הארעם קאן מען נישט אנטלויפען. יעווענוכען היטען.

— ווער זענען די יעווענוכען?

מאקס האט איר אויסגעקלערט.

— כ'וואלט מיך ארויסגעווארפען דורכ'ן פענסטער.

— וואס וואלט געווען ווען דער סולטאן איז א היבשער, א שעהנער, מיט שווארצע פייערדיגע אויגען?

— ב'וואלט אים נישט געוואלט.

— וואס וואלסטו געוואלט?

— צוריק צו דיר.

— וואס וואלט געווען ווען איך אליין וואלט דיך פארקויפט צום סולטאן פאר צען טויזענט רענדלעך.

— דו וואלסט עס נישט געטאן.

— כ'האב שוין פארקויפט מיידלעך..

— נישט מיך.

— אין ארגענטינע וויל איך דיך פארקויפען. ס'איז דארט איינע א בערטא און איך וועל דיך פארקויפען צו איר. ס'וועלן קומען שפאניער, איטאליענער, פאלאקען, אידען און אלע וועלען שלאפען מיט דיר.

שאשע האט געטאן א צאפל.

— רעד נישט אזוי.

— ס'איז דער אמת.

— האסט אליין פריער געזאגט, אז מיר וועלען חתונה האבען און איכ'ל זיין א מאמע.

— כ'האב דיך אפגענארט.

— אויב אזוי, וועל איך מיט דיר נישט פאהרען.

— וואס וועסטו טאן?

— צוריקגעהן צו דער אלטער.

ס'איז אומזיסט. ס'איז נישטא צו וועמען צו רעדען, האט מאקס געטראכט. ער האט געמאכט א טעות. אויף דער דאזיגער ריידע האט ער געמאכט בלויז טעות'ן. יא, זאל זי צוריקגעהן צו דער אלטער. אזעלכע ווי זי בלייבען בתולה'ס אפילו ווען זיי האבען אור־איינקלעך. ער, מאקס, האט געקענט אזעלכע טיפען ווי שאשע אפילו אין די שאנד־הייזלעך. זיי האבען נייערט געפלוידערט וועגען דער משפחה, מציאה'ס, שמאכטעס, שאקאלאד. אזעלכע וואלט דער שטן אליין נישט געקאנט קאליע־מאכען.

א לאנגע וויילע איז געווען שטיל. דערנאך האט מאקס געהערט א שטיל סאפען. שאשע איז געזעסן איינגעשלאפען. נאך איינגעשלאפען, אבער מאקס איז נאך געלעגען א צייט וואך. ער האט איצט באנומען, אז דער כעס זיינער אויף פלארא'ן איז נישט דאס וואס זי האט גע... האט אנדערע מענער פאר אים, נאר דאס וואס זי האט זיי פארליקענט, אים אפגענארט. זי האט אים וויפל מאל געשוואוירען אז זי זאגט אים דעם גאנצען אמת. איצט איז שוין צו־שפעט, צו־שפעט! — האט מאקס געמורמעלט. ער איז איינגעשלאפען, און ס'האט זיך אים אויסגעדוכט, אז ער און פיווועלע שעכטער ווארטען אויף שאשע'ן ערגיץ אין א האטעל־צימער, אבער זי קומט נישט. מאקס האט געהערט ווי פיווועלע זאגט: זי איז אוודאי אוועק מיט די רעגירונגען. — וואס'ערע רעגירונגען? — האט מאקס געפרעגט און פיווועלע האט געענטפערט: פון וואלינער פאלק...

מאקס איז אויפגעקומען א הערושוויצטער, א דערשראקענער, מיט באנייטער לוסט. א, איכ'ל קיינמאל נישט פארגעסען, האט ער געזעהט צו זיך. זי'ט מיך פייניגען ביז'ן לעצטען אטעם... ער איז ארויס אויף דער ווערענדע. ער האט נאך קיינמאל נישט געזעהן אזא ברייטען הימל, אזויפיל שטערן. זיי האבען געגליצט און געבליגצעלט — ווייס, בלוי, גרין, רויטלעך. מאקס האט זיך דערמאנט אין חומש: דייגע קינדער וועלען זיין ווי ד' שטערן אין הימל און ווי דאס זאמד פון ים. ער האט ערשט היינט פארשטאנען גע... איז נישט דאס וואס זי האט געאסטראנאמיע: וועגען דעם מילכוועג, די אנדערע שטערן־גרופען, וואס זייער ווייטקייט פון דער ערד ווערט געמאסטען מיט ליכט־יארען: טויזענטער יארען, מיליאנען יארען... איצט שפרייט זיך דאס אלץ אויס איבער דער פאלאנע אין מיעדזעשיך און ער, מאקס, זעהט דאס. איז געגאלט און דאס אלץ האט זיך באשאפען פון זיך אליין? פיהלען א זייגער קען דאך נישט ווערען אהן א זייגער־מאכער... אפילו א פאר הויזען מוז דאך עמיץ אויפנייען... א צייגער האט מאקס'ן אנגעכאפט: וואס זאגען די פילאזאפען? וואס זאגען יענע וואס קאנען אויסרעכענען פארויס א לקוי־חמה אדער דאס אנקומען פון א קאמעט? אויב כ'וועל ערגיץ אוועק מיט שאשע'ן, וועל איך לייענען טאג און נאכט, האט מאקס באשלאסען. איכ'ל מיר צונעמען א לעהרער און ער'ט מיך לערנען וויסענשאפט... בלויז אזוי וועל איך קאנען פארגעסען פלארא'ן.

מאקס האט זיך מיט אמאל דערמאנט אין דעם ארטיקל אין דער צייטונג: „אין די פארכטיגע טעג" — דאס איינציגע ארטיקעל וואס ער האט פארפעהלט. איצט האט זיך איבערגעוואלט וויסען וואס דער מ. קדישזאהן שרייבט. אפשר וועט ער, מאקס, דארט געפינען א באשייד צו די אלע רעטענישען? ער איז איין איך שטוב, אנגעצונדען דאס לעמפל און אויסגעשפרייט די צייטונג. שאשע האט געטאן א ברום און זיך איינגעקערט מיט'ן פנים צו דער וואנט. מאקס'עס זייגער האט געוויזען צוואנציג מינוט נאך צוויי. די געכט האבען שוין אנגעהויבען ווערען לענגער.

מאקס האט געלייענט:

„מיט דער הערנאנטערונג פון די ימים נוראים איז דער איד געטריבט צו מאכען א שטיקעל חשבון הנפש, — נישט בלויז דער רעליגיעזער איד, דער יעניגער וואס האלט, אז יעדעס ווארט אין שולחן ערוך איז געגעבען משה'ן אויפ'ן בארג סיני, נאר אויך דער אויפגעקלערטער מענטש, דער יעניגער וואס האלט זיך פאר וועלטליך, פראגרעסיוו. א גאנץ יאר פארגעסען מיר אפט אין די אזוי־גערופענע אייביגע פראגען. יעדער איינער איז צופיל פארנומען מיט זיינע זארגען. אבער מיט דעם קלאנג פון שופר וועקט זיך עפעס אויף. א סטרונע טוט א ציטער אין אונז און מיר פרעגען זיך: פון וואנעט קומען מיר? וואהין געהען מיר? צו וואס זענען מיר געבוירען און פארוואס דארפען מיר שטארבען? דא ווירקט נישט בלויז דער שופר, נאר דער אנקום פון הארבסט. די בלעטער ווערען געל, די ביימער טוען זיך אויס נאקעט און מחנה'ס פייגל פליען אוועק אין די ווארימע לענדער. א טייל פון אונזערע פריינד און קרובים וואס האבען נאך דעם פאריגען אלול געלעבט, געהאפט, געליטען, זיך געפרעהט, ליגען שוין היינט אין די קברים און עפעס איז שווער צו באנעמען, אז זיי זענען אוועק פון אונז אויף אייביג..."

פארוואס האב איך דאס נישט געלייענט? — האט מאקס זיך פארגעוואונדערט. ער האט געהאט א בעפיהל, אז דער שרייבער רעדט זיינע, מאקס'עס, ווערטער. וועד ווייסט וויפל נאך אזעלכע קל'ים און באהערצטע רייד אט דער קדישזאהן האט געשריבען און ער, מאקס, האט דאס ארויסגעווארפען אין מיסט!

(פארטזעצונג פרייטאג)

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעוויס

(פאָרזעצונג)

מאַקס האָט ווייטער געלייענט:

„נאַטירליך, אונזערע פרומע טאַטעס און זיידעס האָבן אויף אַלץ אַ קלאָרן ענטפער: אַזוי האָט גאָט געוואָלט. די טויטע וועלן לעבעדיג ווערן. פאַר אַלע אונזערע ליידן וועט מען אונז באַצאָלן מיט גן־עדן. אָבער יענע וואָס זענען נישט באַשאָנקען מיט אָט־דעם גלויבן האָבן נישט די דאָזיקע טרייסט. די וויסנשאַפט לערנט אונז אַז ס'עקזיסטירן נישט קיין געדאַנק אָהן געהירן און אַז ווען אונזער קערפּער ווערט צעשטערט, איז דער מענטש פאַרלוירן אויף שטענדיג. מיט יעדן יאָר, מיט יעדן טאָג, מיט יעדער סעקונדע דערנענטערן מיר זיך צום ראַנד פון זוועג, צום סוף פון אונזערע באַמיאונגען. איך אויך אונז, זוי אויף די בלעטער פון די ביימער, קומט אַ האַרבסט און מיר ווערן געל, פאַרדאַרט, פאַרפוילט.

„די פאַקטן באַווייזן אַז נישט אַלע וועלטליכע מענטשן קענען מאַכן שלום מיט אַזאַ אָנשויאונג. אַ סך פון אונזערע רעוואָלוציאָנערן וואָס האָבן אַזוי ווילד געקעמפט פאַר אַ קאָנסטיטוציע, גריכט טייכן בלוט צו פאַרגיסן אום זי צו קריגן, זענען איצט ביטער אַנטוישט, און די האָבן זיך אומגעקערט צו רעליגיע, אינגאַנצן אָדער טיילווייז. אויב שוין אַ קאָנסטיטוציע, זאָל דאָס זיין די קאָנסטיטוציע פון באַרג סיני, די צען געבאָט, די מצוות פון דער תורה.

„נו, און איך, מאַקס, האָב אַוועקגעוואָרפן די ווערטער פון אָט־דעם שרייבער! געזאָגט אַז ער פּאַטשקעט... מאַקס האָט צעגליווערט ביז צו דעם סוף פון אַרטיקל. דער לעצטער אָפּזאַץ האָט זיך געלייענט:

„איך פּרעדיג נישט דער לעזער זאָל אָנטאָן אַ שטריימל און פאָרן צום גוטער רבי'ן כאַפּן שיריים. אָבער אויך מיר, וועלט־ליבע מענטשן, מוזן האָבן אַ צייט פון חשבון. מיר טאָרן נישט זיין אַזוי זיכער אין אונזער אַפּיקורסות. אַ סך זאַכן, וואָס די אַלטע משכילים האָבן געהאַלטן פאַר אוממעגליך, זענען געוואָרן מעגליך אין אונזערע צייטן. דעם שרייבער פון די שורות איז אַ סך לייכטער צו גלויבן אַז ס'איז דאָ אַ באַשעפער, אַ צוועק אין דער באַשאַפונג, אַן אומשטערבליכע זעל, שטראָף און לוין, ווי צו דענקען אַז דער אוניווערז מיט זיינע אומצאָליגע שטערן איז נישט מער ווי אַ בלינדער צופאַל, אַ טינטאַרן וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן און אָנגעשריבן אַ מייסטער־ווערק, אַ נעפל וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג געגלעפּלט ביז ס'איז אַרויס אַ קאָפּערניק, אַ שפּינאָזאַ, אַ רמב"ם און די אַלע וואונדער וואָס ווערן אַנטדעקט טעגליך אין הימל און אויף דער ערד, אויף דער יבשה און אין ים. פון אַלע וואונדער איז דאָס גרעסטע דער מענטש, זיין ליבע, זיין האַס, זיין חכמה, זיין נאַרישקייט, זיינע שרעקליכע ליידן און זיינע אילוזיעס און האָפענונגען. שוין צייט מיר זאָלן מאַכן אַ חשבון! די ימים נוראים זענען אויך פאַר אונז...“

דאָס זענען דאָך מיינע געדאַנקען! — האָט מאַקס אַ זאָג געטאָן אויפ'ן קול. ער האָט געכאַפּט אויף דעם אַרטיקל. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צוצולייגן די ליפּן צו די שורות ווי צו אַ סידור אָדער אַ חומש. אָבער פאַרוואָס זאָגט נישט דער קדישזאָהן וואָס מ'דאַרף טאָן? פאַרוואָס קומט ער נישט צו קיין אויספיר? האָט מאַקס געפרעגט. מאַקס האָט באַמערקט אַז דאָס אַרטיקעל ענדיגט זיך ביים סוף פון דער זייט. ס'איז אַוודאי נישט געווען מער קיין אָרט אויף דעם פּאַפּיר.

מאַקס האָט אויסגעלאָשן לעמפּל. ס'האָט זיך ווידער אומגעקערט די נאַכט. די שטערן האָבן געפינקלט. אָבער אין מזרח האָט שוין אָנגעהויבן זיך רויטלען אַ ברעג הימל. אַ האָהן האָט זיך צעקרייט און אַנדערע הענער האָבן אים אָפּגעענטפערט. איך מוז אים קענען! איכ'ל אַוועקגעהן צו דעם קדישזאָהנ'ען און זאָגן: רבי, לערנט מיך! זאָגט מיר וואָס צו טאָן! מיר איז זעהר ענג... כ'ווער דער־שטיקט...

קאַפּיטל זיבען

1

מאַקס האָט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז דאָס איז אַ ריזיקע, נאָר ער האָט געהייסן די דראָזשקע צו פאָרן צום האָטעל קראַקאָווסקי. ער האָט געהאַט אין זיין געפּעק אַ ארגענטינער פּאַס און געהייסן האָט ער דאָרט זיגמונד לעווי. ער האָט אויך געהאַט אַ שפּאַנישע געבורטשיין פאַר שאָשע'ן. ער איז קיינמאָל נישט אַרויסגעפאָרן אָהן אַ פּעקל פאַלשע דאָקומענטן וואָס ער האָט באַנוצט פאַר זיך (אויב ס'איז געווען נייטיג) און פאַר די מיידלעך וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. אַלץ איז צוגעגאַנגען גלאַטיק. די דראָזשקע האָט אים געבראַכט צום האָטעל און ס'איז דאָרט געווען אַ צימער. דער קלערק האָט אָנגעוויזן, אַז ער קען נישט געבן דער סעניאָריטאַ קיין צימער צוזאַמען מיט אים, מאַקס'ן, ווייל זי האָט נישט געטראָגן זיין נאָמען. נאָר מאַקס האָט געענטפערט אַז זי איז זיין שטיף־טאָכטער. מאַקס דערלאַנגט דעם שוויי־צער אַ רובל און ער האָט געמורמלט, אַז ער וועט זיי שוין ווי־ס'איז איינמיפּלאַצן. נאָך די וואָכן אין מיזדזשיעשין איז געווען גוט ווידער צו זעהן אַ וואַרשעווער טראַמוויי, דראָזשקעס, גומקעס, געשעפטן, רעסטאָראַנען. די זון האָט געשיינט, אָבער ס'האָט שוין אָנגעהויבן ווערן אַלול'דיג קיהל. מאַקס און שאָשא האָבן געהאַט געגעסן ביי דער סאַלטיסאָווא אַ רייך אָנבייסן: שוואַרץ ברויט מיט פּוטער און קעז, געקאָכטע אייער, קאַווע. פאַר אַ צולאָג האָט באַרבאַראַ איינגעפּאַקט דער פאַר אַ גרויסן טיטל מיט שמאַלצקוכן און זיי געגעבן אַ מתנה אַ פלאַש מאַלינע־זאַפט פון די מאַלינעס וואָס זענען געוואַקסן ביי איר אין סאַד. די גויע האָט געוויינט און זיך געצלמ'ט ווען זי האָט באַגלייט די געסט צו דער טעלעגע. זי האָט זיי באַשוואָרן זיי זאָלן ווידער קומען. מאַקס האָט איצט געהייסן שאָשע'ן וואַרטן אויף אים אין האָטעל צימער. אויב זי וויל גיין אויף אַ שפּאַציר, זאָל זי נישט גיין אויף דער קראַקאָווסקע און אין די נאָענטע גאַסן אַרום. אויב דיין מאַמע זאָל דיך דערקענען, וועלן מיר ביידע פאַרלירן, האָט ער איר געזאָגט. ער האָט איר געגעבן צוויי רובל זי זאָל האָבן אויף די קאָסטן אויב ער וועט זיך פאַרשפּעטיגן. ער האָט צוגעזאָגט איר צו טעלעפאָנירן.

שאָשע האָט גענומען צאַפּלען ווען ער האָט געזאָגט אַז ער מוז געהן ערגיץ אָהן איר. אין די וואָכן אין מיזדזשיעשין איז זי קיינמאָל פון אים נישט אַוועקגעטראָטן. אַפילו זיין געהן צום [illegible] קויפן אַ צייטונג איז געווען פאַר איר אַן אָפּקער מעניש. זי פלעגט שטיין אויף דער וועראַנדע און וואַרטן ביז ער וועט צוריקקומען. אָפט איז זי אים אַקעגנגעלאָפן מיט דעם הונט שטשעקאַטש. ווייל מאַקס האָט ביי זיך אָפּגעפּאַסט נישט ווייזן שאָשע'ן די נאָטיץ אַז פלאָרא שפּילט טעאַטער, האָט ער איר געהאַט גערויען די צייטונג. שאָשע האָט אָבער הערבט נישט געקאָנט לייענען קיין אידיש, בלויז פּויליש. נאָך דאָס לייענען קאַדישזאָהנ'ס אַרטיקל איז מאַקס געוואָרן צו שאָשע'ן מער צוגעלאָזן ווי פריער. ער האָט פאַר איר איבערגעלייענט וואָס דאָרט איז געשריבן און איר אויסגעטייטשט די געדאַנקען. שאָשע האָט אַ זאָג געטאָן:

— לייען נישט. כ'האָב מורא.

— וואָס איז די מורא?

— אַ, אַזוי.

זי האָט איצט גערעדט צו אים ווי אַ ווייב: ער זאָל זיך נישט לאַנג פאַרזאַמען; ער זאָל נישט אויסזוכן פלאָרא'ן ווייל זי קאָן אים נאָך לאָזן אַרעסטירן, אָדער אים פאַרפרעמדן פון איר, שאָשע'ן; ער זאָל נישט עסן אין די רעסטאָראַציעס ווייל מ'פאַרדאַרבט זיך דאָרט דעם מאָגן און אַז ער זאָל זי נישט לאָזן לאַנג וואַרטן ווייל ווי נאָר ער גייט אַוועק ווערט איר סמוטנע. טרערן זענען איר געשטאַנען אין די אויגן און מאַקס האָט גע'טענה'ט:

— שאָשעלע, קיינער קען מיך מער פון דער נישט צונעמען. איך בין דיין און אַלץ וואָס איך פאַרמאָג איז דיין. עליב דיר גיי איך איצט צו אַן אַדוואָקאַט.

— כ'וויל דיר פאַרשרייבן די ירושה נאָך מיין טויט.

— וואָס רעדסטו? ביזט נאָך יונג.

— קיינער ווייסט נישט וועמענס' דער מאָרגן איז — האָט מאַקס גערעדט. — אויב כ'זאָל טרעפן אַ טאָג, וויל איך נישט דו זאָלסט בלייבן אָהן אַ גראָשן.

— אוי, וואָס רעדסטו? לאָמיר שוין אַוועקפאָרן מיט'ן [illegible] (באַהן).

— מיר'ן פאָרן. שאָשעלע איכ'ל דיר שפּעטער טעלעפאָנירן.

מאַקס האָט נישט געזאָגט שאָשע'ן קיין ליגן. ער האָט געוואָלט שרייבן אַ צוואה און איר (און זיין משפחה) איבערלאָזן זיין פאַרמעגן. ער האָט אויך געוואָלט טעלעפאָנירן מאיר סמעטענע. עפּעס האָט ער נישט געקאָנט אַוועקפאָרן פון אים אומגעזעגנט. מאַקס האָט געוואוסט, אַז מאיר סמעטענע האָט געהאַט קאָסטן ווען פלאָראַ איז צו אים געקומען. ער האָט אפשר באַצאָלט דאָקטאָר הערץ פאַר דעם וויזיט. און מאַקס האָט נישט געוואָלט אַנטלויפן און נישט באַצאָלן מאיר'ן דעם חוב. מאַקס האָט גערעכנט, אַז ווי באַלד פלאָראַ איז אַוועק צו פּיוועלע שעכטער און ווערט אַן אַקטריסע, וועט מאיר סמעטענע מער נישט האָבן מיט איר אַזוי פיל איינזעהן און זיך איבערבעטן מיט אים, מאַקס'ן. מאַקס האָט אויך געוואָלט אַוועקפאָרן אין דער רעדאַקציע און רעדן מיט מ. קדישזאָהן. ער האָט געהאַט איבערגעלייענט דאָס אַרטיקל „די פאַרכטיגע טעג“ אַ סך מאָל און יעדעס מאָל דאָרט געפונען זאַכן וואָס ער האָט פריער נישט אויפגעכאַפּט. ווער ווייסט? אויב ס'האָט געקאָנט זיין אַ משה רבנו מיט טויזנטער יאָר צוריק, פאַרוואָס קאָן נישט זיין איינער היינט? יענער, דער משה רבנו פון אַמאָל, איז אויך געווען אַ מענטש, נישט אַ מלאך. ער האָט געהאַט אַ ווייב, קינדער, ער איז אַפילו געשטאָרבן. אפשר קאָן קדישזאָהן אים זאָגן, וואָס ער, מאַקס, זאָל טאָן? אַזאַ שרייבער ווייסט טיילמאָל מער וויפל אַ רבי.

דאָס בלויזע געהן איבער דער גאַס איז געווען אַנגענעם. מאַקס האָט ווידער געטרעטן אויף אַ טראָטואַר, נישט אויף זאַמד, וואָס פאַלט אַריין אין די שיך און שטעכט די זוילען. ער האָט געהאַט זיך אויסגעפּוצט אין אַן אַנצוג, אַ קראַוואַט, אַ פּאַנאַמע־הוט. ער האָט געהאַלטן דעם רעוואָלווער אין הינטערקעשענע. וואָס ס'זאָל מיט אים נישט געשעהן, וויל ער נישט אַריינפאַלן אין טורמע. ער איז געגאַנגען פון דער ביעלאַנסקע צום פּזשעיאַזד און פון דאָרט צו די נאַלעווקיס. דאָרט איז געווען דער אַדרעס פון דער רעדאַקציע. דאָ נישט ווייט, אויף דער נאָוואָליפּקי, האָט געוואוינט פּיוועלע שעכטער. מאַקס האָט געקויפט ביידע אידישע צייטונגען. נישט בלויז איז געווען גוט צו זיין אין וואַרשע, נאָר אויך צו זיין אַ ווייל אַליין, אָהן שאָשע'ן. ווי וואויל ער איז נישט געווען הונגעריג, איז ער אַריין אין אַ קאַפעהויז און באַשטעלט קאַווע מיט קעזקוכן. די קאַווע אין וואַרשע האָט אַנדערש געשמעקט ווי ביי דער סאַלטיסאָווא. זי האָט געהאַט אַ גרויס־שטאָטישן אַראָמאַט. יונגעלייט און מיידלעך זענען געזעסן ביי טישלעך, געטרונקען, געגעסן, געשמועסט. די מאַנסלייט האָבן גערויכערט פּאַפּיראָסן. די מיידלעך זענען קיינע נישט געווען אַזוי שעהן ווי שאָשע, אָבער מאַקס האָט ערגיץ וואו מקנא געווען די פּאָרצעטלעך וואָס זיצן מיט זיי. דאָס זענען הערוואַקסענע פּרייליינס, נישט קיין קינדער. זיי האָבן אַריינגעקוקט אין צייטונגען. איינע האָט גערעדט וועגן איר „אַלטן“. זי איז, ווייזט אויס, אַן אָנגעשטעלטע אין אַ געשעפט. אַ צווייטע האָט געזופּט שלוקעלעך קאַווע און אַריינגעקוקט אין „קוריער פּאָראַנני“. אַ דריטע האָט אַרויסגעשריבן אַדרעסן, אָדער טעלעפאָן־נומערן פון אַנאָנסן. די יונגעלייטלעך האָבן אַריינגערעדט אין זיי, זיך פאַר עפּעס פאַרענטפערט, צעטרעכט, און הערביי האָט זיך מאַקס'ן געדוכט אַז זיי שמייכלען שלוי און ווינקען צו זיך אַליין. זיי האָבן אַלע געוואָלט דאָס איינענע. אַלע מאַנסלייט איבער דער גאַנצער וועלט האָבן געהאַט דאָס איינרעדעניש, אַז אין אַ ווייבערשער שויס געפינט מען דאָס גליק.

אין דער צייטונג האָט מאַקס געפונען נאָך אַן אַרטיקל פון מ. קדישזאָהן, אָבער דאָסמאָל נישט וועגן אַזעלכע הויכע זאַכן, נאָר וועגן עפּעס אַ פּראָטעסט פון אַ געזעלשאַפט וואָס מ'פּראָבירט אים אַראָפּזעצן, נאָר ער מאַנעוורירט אַזוי אַז ער בלייבט שטענדיג אויפ'ן אַמט און טוט וואָס עס לוינט אים. קדישזאָהן האָט געשריבן:

„אונזער געזעלשאַפט טאָר נישט דערלאָזן אַז אַ כבוד־זוכער זאָל זיך אויף איר אָנזעצן און הערשן אין אַ וויכטיגער אינסטיטוציע בלויז דערפאַר ווייל ער האָט ליב דאָס בענקל פון אַ פאָרזיצער. עס מוזן זיין מיטלען אַראָפּצוזעצן דעם הער פינקעלשטיין און זיין קליקע און אַריינזעצן אַ מענטש מיט פעהיגקייטן און פאַראַנטוואָרטליכקייט!“

(ווייטער — מאָרגן)

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון
**יצחק באַשעוויס**

(פאָרטזעצונג)

3

ווען מאַקס איז אַרויס פון דער רעדאַקציע, האָט אים געשווינדעלט פאַר די אויגן און די פיס האָבן אים געשטרויכעלט ווי אַמאָל נאָכדעם ווי ער איז אויפגעשטאַנען פון אַ טיפוס און ער האָט געמוזט פונסניי זיך לערנען גיין. כ'ווער קראַנק, אָדער וואָס? כ'האָב געדאַרפט פאַלן צו זייערע פיס און זיי קושען — האָט מאַקס צו זיך גערעדט. — כ'האָב געדאַרפט אים איבערלאָזן געלט סאַמוש ר'האָט נישט געוואָלט... ער'ט גערעדט ווי אַ מענטש, וואָס האַלט ביים מאַכן אַן עק... אָבער ער'ט געזאָגט דעם אמת. דעם גאַנצן אמת. ווי באַלד גאָט איז שלעכט, דאַרף מען אויף צעפּיקעניש זיין גוט. איכ'ל צעטיילן פופציג רובל צווישן אָרימעליט!... מאַקס האָט גענומען זוכן אָרימעליט, נאָר ווי־וואַזיל בעטלערס האָבן אַלעמאָל אויסגעשטרעקט צו אים די הענט און אים נאָכגעלאָפן וואו ער איז געגאַנגען, זענען איצט אַלע אָרימעליט ווי אויסגעריסן. דאָס מאַכט גאָט כ'זאָל זיי נישט זעהן. ער וויל נישט כ'זאָל געבן צדקה. ער פאַרבלענדט מיר די אויגן ווי פרייטאָג ווען כ'האָב געקויפט די ציַיטונג... מאַקס האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן. ווייזט אויס, קיינער גיט דאָ נישט קיין נדבה אויף די נאַלעווקיס. מ'איז צופיל פאַרנומען מיט'ן האַנדעל. ער איז צוגעקומען צו די שווינגטיר און ער האָט דערשפירט דעם ריח פון פלייש, יויך, כריין. ס'איז געווען קאַטיק'ס רעסטאָראַן.

אפשר וועל איך דאָרט געפינען פלאָראַ'ן? ער האָט געעפנט די טיר און דערזען טישלעך, שפיגלען, געסט. קעלנערס האָבן געאיילט מיט טעלערס, גלעזער, טעצלעך. געשיר האָט געקלונגען. ס'האָבן זיך געהערט אַ סך קולות, אַלץ פון מאַנסליים. אין די שפיגלען האָבן די טישן, די געסט, די קעלנערס זיך אָפּגעשפּיגלט אַ סך מאָל און פון געדריש איז מאַקס געוואָרן ווי פאַרטויבט. ניין, זי איז דאָ נישטאָ. דער אמת איז אַז ס'איז אַ משוגעת זי צו זוכן. זי'ט צושטעהן צו אים ווי אַ פּיאַווקע. זי'ט ביי אים אַרויסרייסן אַלץ וואָס ער האָט. זי קען אים נאָך אפילו לאָזן פאַרגיפטירן. ווען אַ נקבה קערט זיך אָפּ פון אַ מאַנסביל ווערט זי אים גלייך אַ שונא... ס'האָט מאַקס'ן געאיבעלט פון די אַלע ריחות און ער האָט געמוזט וואָס גיכער אַרויס אויף דער פרייער לופט, ווען נישט וואָלט ער ברעכן. ער איז אַרויס אין גאַס. ער איז געגאַנגען מיט די נאַלעווקיס און איז צוגעקומען צו קראַשינסקי'ס גאָרטן. איכ'ל אַריינגעהן זיך אָפּרוען. האָט ער באַשלאָסן. ווי וואַזיל ער איז נישט געווען מיד. ער איז אַריין. קינדער זענען געלאָפן אויף אַ בערגל אַראָפּ און אַרויף און הערביי געשריגן. אַ אינגעלע מיט אַ דינגעשוירענעם קעפּל און מיט צוויי לאַנגע פּאה'ס האָט געהאַט איינגעשפּאַנט אַן אַנדערע אינגעלע, ענליך צו אים, אין אַ שטריקל ווי יענער וואָלט געווען אַ פערד און ער דער אַנטרייבער. ער האָט געצויגן ביים געשפּאַן, געשריגען: וויאָ! ווישטאָ! היטאָ! און דאָס פּאה'טע פערדל איז געלאָפן, געהירזשעט און די ציצית פון לייבסערדאַקל האָבן זיך געבאַמבלט ביי די קני. מאַקס האָט אָפּגעשטעלט די קינדער.

— הערי, ווי הייסטו?

דער עלטערער האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אַ פּאָר גרויסע בלויע אויגן.

— יאַר הייס שלמה'לע.

— און ווי הייסט דיין פערד?

שלמה'לע האָט געטאָן אַ שמייכעל און ס'האָבן זיך געוויזן חן־גריבלעך אין זיינע בעקלעך.

— אַ פערד האָט נישט קיין נאָמען — האָט ער געזאָגט.

— ווי האָט ער געהייסן איידער ער איז געוואָרן אַ פערד?

—יאָסעלע.

מאַקס האָט אַרויסגענומען דעם טייסטער.

— וואָס טוט דיין טאַטע?

— דער טאַטעשי? וואָס זאָל ער טאָן?

יאָסעלע האָט גענומען שמייכלען פאַרשעהמט.

—ער האַנדעלט — האָט ער געזאָגט.

— מיט וואָס האַנדעלט ער?

— אונז האָבן אַ געוועלב.

— וואו?

— אין גאַס. מיט שטעקענס — האָט שלמה'לע געזאָגט.

— מיט שטעקענס, האַ? געלט האָט ענק ליב?

די קינדער האָבן נישט געענטפערט.

מאַקס האָט אַרויסגענומען צוויי זילבערנע האַלבע רובעלס.

— דאָס איז פאַר דיר, שלמה'לע, און דאָס איז פאַר דיר.

די קינדער האָבן זיך אַרומגעקוקט, געטאָפּט.

— פאַר געמישנע? — האָט שלמה'לע געפרעגט.

נישט פאַר געמישנע. כ'גיב עס ענק. ענק זאָלט קויפן וואָס ענק ווילט.

יאָסעלע האָט אויסגעשטרעקט דאָס הענטל און גענומען דעם האַלבן רובל. ער האָט איבערגענומען דאָס שטריקל איבער'ן קאָפּ, זיך אויסגעשפּאַנט — געוואָרן אויס פערד. שלמה'לע האָט זיך אַ ווייל געצעגערט. דערנאָך האָט ער אויך גענומען דעם האַלבן רובעל. ער האָט אים געקראַצט מיט די נעגל. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— כ'האָב געמיינט ס'איז שאָקאָלאַד.

מאַקס האָט זיך דערמאָנט, אַז מ'האָט אין די נאַש־געוועלבלעך פאַרקויפט שאָקאָלאַדענע מטבעות, אין פאָרם פון געלט, איבערגעצויגן מיט זילבער־פּאַפּיר.

— ניין, שלמה'לע, דאָס איז אמת'ע געלט.

— אַזויפיל? — האָט שלמה'לע געפרעגט.

— דו ביזט אַ גוטער פורמאַן און ער איז אַ גוט פערדל — האָט מאַקס געזאָגט.

ס'האָט זיך דערנענטערט אַ קליין, ברייט ווייבל אין אַ ברייט שייטל. זי האָט געהאַט ברייטע אַקסלען, אַ ריזיגן בוזעם, אַ פלאַטשיגע נאָז. זי האָט געהאַלטן אַ קינדערל. די קינדער האָבן איר געוויזן דאָס געלט. זי גרופן מאַמעליו. מאַקס האָט איר באַטראַכט. ווי קאָן עפעס אַזאַ מיאוס'קייט האָבן אַזוינע שעהנע קינדער? — האָט ער געטראַכט. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט טייערע קינדערלעך.

— דאָס האָט איר זיי געגעבן?

— יאָ, איך.

— מענטשען מיינע! נו...

און דאָס ווייבעל איז געבליבן אָהן לשון.

— זאָלען זיי זיך קויפן צוקערלעך.

— דער עלטערער האָט געקריגן אַ תוסט — האָט דאָס ווייבל געזאָגט — און מ'האָט מיך געהייסן כ'זאָל זיי פירן אויף פרישע לופט. אוי, דאָס איז עפּעס... זאָל אייך גאָט בענטשן!... נאָדיר אַזאַ זאַך... מיין מאַן — — —

און זי האָט זיך איבערגעהאַקט.

— וואָס איז מיט אייער מאַן?

— ער געהט אַרום אַ גאַנצן טאָג און ער'ט נישט פאַרדינען אַזויפיל, און דאָ קומט אַ ווילד־פרעמדער און — — —

— וואו וואוינט איר?

— אויף דער דזשיקע.

—איר האָט נאָך קינדער?

— אַ מיידל פון זעכצן יאָר און אַ אינגעל וואָס געהט נאָך אין חדר. ס'זענען געווען צווישן אים און זיי נאָך צוויי קינדער, נאָר גאָט האָט זיי אַוועקגענומען צו זיך — האָט די פרוי גערעדט. איר קול איז געוואָרן הייזעריג. זי האָט גענומען זוכן אין קייבערל און פון צווישען פענצלעך ברויט און ראַשחודש־רעטעכלעך אַרויסגעגראַבעלט אַ קריטיג טאַשיכל, גרייט צו ווישן די טרערן.

— וואָס טוט אייער מיידעל? — האָט מאַקס געפרעגט.

— וואָס טוט זי? זי איז אין שטוב.

— פאַרוואָס לערנט זי זיך נישט עפּעס אַן אַרבעט?

— וואָס פאַרא אַרבעט? מ'שיקט אַוועק אַ מיידעל אַרבעטען און זי ווערט קאַליע. זיי הויבען אָן אַרומלויפען מיט יונגען און פירען ליבעס. אַז זי איז אין שטוב, וועט זי מערטשישועם ווערען אַ כלה און — — —

— נו, אַזוי. פון די שטעקענס איז נישטאָ קאָ' פרנסה, האַ?

— ער קאָן אויסגעהן האַלב וואַרשע און קיינער קויפט ניש' קאָ' שטעקען.

— פאַרוואָס האָט ער זיך גראַד גענומען צו שטעקענס?

— צו וואָס זאָל ער זיך נעמען? יאַד האָב אַ פעטער און ער איז אַ טאָקער. ער שניצט די שטעקענס און מיין מאַן נעמט ביי אים די סחורה. ער גיט אונז אַלץ אין קערן. ווען ניש', בלייבט איינגאַנצען ניש' קאָ' פאַרדינסט. אָבער ער איז שוין אַן אַלטער איד און האָט שוין ניש' קאָ' כח צו אַרבעטען. ער וויל פאַרקויפען דעם וואַרשטאַט. וואָס מיר'ן דאַמאָלס טאָן ווייסט איין גאָט דער לעבעדיגער.

מאַקס האָט געעפענט דעם טייסטער, אַרויסגענומען צוויי פּאַפירענע פינפער־רובעלס.

— דאָס איז פאַר אייך. איר זאָלט האָבן אויף שבת.

— וואָס טוט זיך מיט ענק? ענק'ט מוז זיין אליהו הנביא!

— ניין, מיין ליבע פרוי, כ'בין נישט אליהו הנביא. אָבער ווי באַלד גאָט זעהט־צו אַזויפיל צרות און שווייגט, מוז מען אַליין העלפען.

—וואָס רעדט ענק? גאָט האָט ענק צוגעשיקט. כ'בין אויפגעשטאַנען אינדערפרי און כ'האָב געהאַט איין גולדן מיט אַ פּאָר גראָשען אויפ'ן גאַנצן טאָג. מיר זענען שולדיג דירה־געלט און אין שפּייז־געוועלב. אַז מ'גיט ניש' אָפּ, ווילען זיי מער ניש' באָרגען. זאָל אייך גאָט העלפען ס'זאָל אייך קיינמאָל גאָרניש' פעהלען און ס'זאָל אַריינקומען אַ ברכה אין אַלץ וואָס ענק טוט. ענק האָט אַ אידיש האַרץ.

— אַ שעהנעם דאַנק. נעמט צו.

— נו, זאָל אייך גאָט באַלוינען.

און דאָס ווייבעל האָט צוגענומען די באַנקנאָטען. זי האָט אויסגעשנייצט די נאָז אין דעם שמוציגען טיכל און דערנאָך האָט זי עס צוריק אַריינגעלייגט צווישען די פענצלעך ברויט. איר נאָז איז געוואָרען רויט און די אויגען — פייכט. זי האָט אַריינגעלייגט די באַנקנאָטען אין בוזעם און זי האָט דערביי אויפגעקנעפּעלט דאָס איבערשטע קנעפּל פון דער בלוזע.

— כ'האָב נישט וואו צו האַלטען געלט — האָט זי זיך פאַרענטפערט. — ווער האָט זיך געריכט אַז — — —

אַ מיאוס'ער געדאַנק איז אַריינגעפאַלען מאַקס'ען:

אפשר קומען צו דער משפּחה און זיי צורעדען זיי זאָלען אַוועקשיקען די טאָכטער קיין בוענאָס־איירעס אַרבעטען ביי אים אין דער פאַבריק? ער האָט געהאַט צוגעזאָגט בערטאַ'ן אַ האַלבען טוץ בתולה'ס. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צו פרעגען ביי דעם ווייבעל דעם אַדרעס, אָבער ער האָט זיך אָפּגעהאַלטען. גאָט מעג זיין אַ גזלן, אָבער ער, מאַקס, מוז האַנדלען מענטשליך...

מאַקס איז געגאַנגען און נישט געוואוסט וואו ער געהט. ס'איז אים אויך מער נישט געווען קיין חילוק. ער האָט געדענקט, אַז ער האָט צוגעזאָגט אָנצוקלינגען שאַשע'ן און ער האָט געזוכט אַן אַפּטייק אָדער אַ וואַרשטעטער האַנדעל פון וואַנען מ'קאָן טעלעפאָנירען. מיט אַמאָל האָט ער דערזעהן דאָס טעאַטער „עליזעאום", די אָפּגעריסענע ווענט באַהאַנגען מיט האַלב־אָפּגעוועלקטע און אָפּגעשוועכטע פּלאַקאַטען. די פיס אַליין האָבן אים געהאַט צוגעפירט אַהין. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז קיינער איז דאָרט נישטאָ און אַז די טירען זענען געשלאָסען. ער האָט פונדעסטוועגען אַ שטופּ געטאָן די טיר און זי האָט זיך געעפענט.

ער האָט אַ שטופּ געטאָן די אַנדערע טיר און ער איז אַריין אין טעאַטער. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזען ווי אַ חלום. אין זאַל איז געווען פינסטער אָבער אויף דער בינע, האָט געלויכטען אַ לאָמפּ און מ'האָט חזרה געמאַכט פּראָבען. ער האָט דערזעהן פלאָראַ'ן, פייוועלע שעכטער און נאָך צוויי אַנדערע אַקטיאָרען. ער האָט דערהערט אַ קול פון עמיצען וואָס האָט זיך נישט געפונען אויף דער בינע, נאָר איז ווייזט־אויס, געזעסען אויף דער ערשטער באַנק. ס'איז אוודאי געווען דער רעזשיסאָר. מאַקס איז געגאַנגען מיט שטילע טריט, אויף די שפּיצען פינגער. ער האָט איינגעהאַלטען דעם אָטעם. ער איז געווען אַזוי איבעראַשט, אַז ער האָט ווי פאַרגעסען זיך צו וואונדערן. די אויגען זענען אים געווען פאַרבלענדט פון אַריינקומען פון דער ליכט אין דער פינסטערניש. ער האָט געטאַפּט ווי אַ בלינדער און זיך אָנגעשטויסען אין אַ באַנק. ער האָט געהאַט דאָס געפיהל פון אַ גנב וואָס גנב'עט זיך אַריין אין אַ פרעמד הויז. ער האָט אַ ווייל איינגעהאַלטען דעם אָטעם. דאָס געזעס וואו ער האָט זיך אַוועקגעזעצט האָט געטאָן אַ סקריפּ און ער האָט מורא געהאַט אַז מ'וועט דערהערן, אָבער מ'האָט, ווייזט אויס, נישט געלייגט קיין אכט, און מ'האָט ווייטער געמאַכט די רעפּעטיציעס. מאַקס האָט איצט געזעהן דעם קאָפּ פון רעזשיסאָר — אַ גרויסער קאָפּ מיט אַ קרטשערע האָר פון הינטען און מיט אַ פּליך. ער האָט באַפוילען:

— נאָכאַמאָל! העכער און פאַמעליכער! די אַקטיאָרען זענען געווען אָהן קאָסטיומען און נישט גרימירט. פלאָראַ האָט געטראָגען אַ קלייד וואָס ער, מאַקס, האָט איר געקויפט אין פּאַריז. זי האָט אים אויסגעזעהן יונגער און שענער. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין הינטערקעשענע און אָנגערירט דעם רעוואָלווער. איכ'ל זי באַלד אַוועקלייגען. זי'ט אויסקאַפּלען (?) אַ טויטע גלייך דאָ אויף דער בינע. אויב גאָט איז אַ מערדער, מעג איך אוודאי זיין אַ מערדער. האָט ער געטראַכט. ער האָט שוין נישט געהאַט געזעהן פייוועלע שעכטער אַ סך יאָרען, אָבער האָט אים פונדעסטוועגען דערקענט פון אַ פּאָרטרעט אין דער צייטונג.

(ווייטערס — מאָרגן)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעוויס

(פאַרזעצונג)

דער פּיוזעלע שעכטער איז געווען אַן אַ רעקל, אין אַ ווייס העמד, אַן אַ קראַגען און אין שעלקעס. ווי הויך ער איז און ווי שטשופּלע (שלאַנק), האָט מאַקס געטראַכט. ער האָט פונדעסטוועגען אויסגעזען אין די מיטעלע יאָרען — טונקעל, ניט ראַזירט, מיט טאַרבעלעך אונטער די אויגען און אפילו מיט אַ סימן פון אַ טאַפּליקיהן. דער האַלז האָט געהאַט אַ שפּיציגען גאַרגעל. ער האָט זיך פלינק און קאָמעדיאַנטיש אַוועקגעשטעלט קעגען פלאַרא׳ן און געזאָגט דראַמאַטיש:

— מאַך נישט גאָט קיין אַנטלעסענע קאַפּאָטע. זיי נישט נאַאיוו, טייבעלע. מיר האָבען אים געדינט צוויי טויזענט יאָר און אַלץ וואָס ער האָט געשיקט אויף אונז, איז נבוכדנאצר׳ס, טאַרקוועמאַדאַס, כמיעלניצקיס, גאָנטעס. אונזער איינציגע האָפענונג איז, אַז דער סאָציאַליזם וועט אָפּשאַפען די רעליגיעס, דעם שאָוויניזם, די אויסנוצעריי און די גאַנצע אַרבעטענדיגע מענטשהייט וועט זיין פאַראייניגט פאַר איין גרויסען ציל: גערעכטיגקייט —

פּיוזעלע האָט גערעדט קלאָר און מיט אַ שטאַרק קול. פלאַרא האָט גענומען שטאַמלען.

— ראובן, דו האָסט צופּיל גלויבען אין דער אַרבעטענדיגער מענטשהייט. ווער האָט פּאָגראָמירט אידען אין קיעוו, אין אַדעס און אין קישענעוו? בלויז גראַפען און באַראָנען? לאָמיר זיך נישט נאַרען, ראובן, די פּאָגראָמשטשיקעס זענען געווען אַרבעטער און מוזשיקעס. דאָס האָבען זיי, דיין אַרבעטענדיגע מענטשהייט, געשאַכטען, פאַרגוואַלדיגט, צעריסען בעטגעוואַנד, געשטאָכען זויג־קינדער און —

— מ׳האָט זיי אָנגעהעצט!

— האָט פּיוזעלע איר איבערגעריסען. — געהעצט האָבען זיי די סאָיוזניקעס, די פּורישקעוויטשעס, די גראַפען, די באַראָנען, די גלחים, יענע עלעמענטען וואָס ווילען אַריינברענגען שנאה צווישען מענטש און מענש. די רעוואָלוציע וועט זיי אויסרייניגען ווי מיסט.

— אויב אפילו אזוי, וועט אויף דעם מיסט וואַקסען דער נייער, נישט בלומען — האָט פלאַרא געזאָגט. — ראובן מיינער, דער איד האָט נישט קיין איין פריינד צווישען די פעלקער. בלעם האָט אונז ריכטיג גערופען אַן —

פלאַרא איז געבליבען שטיין. זי האָט, ווייזט אויס, געהאַט פאַרגעסען די ווערטער. דער רעזשיסאָר האָט געזאָגט אַ פּאָר לשון־הקודש׳ע ווערטער און פלאַרא האָט זיי געפּרואווט איבער־חזר׳ן. דער רעזשיסאָר האָט גענומען שרייען:

— לבדד! לבדד! לבדד!

— לבדד, לבדד, לבדד.

— נישט דריי מאָל, נאָר איין מאָל: לבדד! — האָט דער רעזשיסאָר געשריגען. ער איז אויפגעשטאַנען און מאַקס האָט געזען אַ פּאָר ברייטע און קיילעכיגע פּלייצעס. ער האָט געוואָרפען מיט די הענט ווי אַ קאַפּעלמייסטער און געשריגען מיט אַ היזעריג קול:

— צוריק פון אָנהייב!

ראובן, דו האָסט צופּיל גלויבען אין —

— ראובן, דו האָסט צופּיל גלויבען אין דער אַרבעטענדיגער מענשהייט —

— נאָכאַמאָל! און אַביסעל שטילער און לירישער!

— ראובן, דו האָסט צופּיל גלויבען אין דער אַרבעטענדיגער מענשהייט —

— נישט מיט אַזאַ ווייענדיגען טאָן! — האָט דער רעזשיסאָר געשריען. — נאָכאַמאָל!

אפשר אים אָוועקלייגן? — האָט מאַקס אַ טראַכט געטאָן.

— קאָמאַנדירט ווי אַ פעלד־פעבעל מיט רעקרוטען.

— ראובן, דו האָסט צופּיל גלויבען אין דער אַרבעטענדיגער מענשהייט — האָט פלאַרא אַרויסגעוויינט די ווערטער.

— וואָרט! דאָס וואָרט דאַרף געזאָגט ווערען אין אַ געמיש פון מיטלייד און לייכטער איראָניע. טייבעלע גלויבט אין ראובנ׳ס אידעאַליזם, אָבער זי באַדויערט וואָס ער לעבט אין אַ טעות.

— ראובן, דו האָסט צופּיל גלויבען אין דער אַרבעטענדיגער מענשהייט. ווער האָט פּאָגראָמירט די אידען אין קיעוו, אין אַדעס, אין קישינעוו? בלויז גראַפען און באַראָנען? לאָמיר זיך נישט נאַרען, ראובן, די פּאָגראָמשטשיקעס זענען געווען אַרבעטער און מוזשיקעס. דאָס האָבען זיי —

— וואַרט! צו מאָנאָטאָן!

— האָט דער רעזשיסאָר אַ פּאַטשע געטאָן מיט אַ האַנט. — ווען אַ אידישע טאָכטער, אַליין אַ געוועזענע סאָציאַליסטין, מאַכט אַזאַ באַהויפּטונג, מוז מען פילען אין איר אַ ריזיג ביטערקייט, אַ געוואַלדיגע אַנטוישונג. די ווערטער „אַרבעטער און מוזשיקעס" מוזען זיך אַרויסרייסען פון איר ברוסט כמעט קעגען איר ווילען —

— וואו זאָל איך אָנהייבען?

— האָט פלאַרא געפרעגט.

— ווידער פון אָנהייב.

מאַקס האָט געקוקט, אָבער ער האָט זיך רעכט מער נישט צוגעהערט. אַ האַלבע שעה איז אַריבער און אויף דער בינע איז גאָרנישט געשען. מ׳האָט נאָך אַלץ געחזרט די אינטעליגענטישע ווערטער. פלאַרא האָט געהאַלטען אין איין זיך פאַרהאַקען, פאַרגעסען. זי האָט געכאַפּט אַ בליק צום לידיגען זאַל, אַ שטייגער ווי זי וואָלט חושד געווען, אַז עמיץ זיצט דאָרט און הערט זיך צו. מאַקס האָט געוואוסט, אַז זי קען אים נישט זען פון דער בינע. דער כעס איז אים געהאַט אָפּגעגאַנגען און ער איז פלוצים געוואָרען מיד, שלעפעריג און עפּעס ווי צוגעוואַקסען צום אַקט. ס׳האָט אים געביסען אין נאַקען, אָבער ער האָט מורא געהאַט זיך צו קראַצען, ווייל דערפון קען דאָס בענקעל אונטער אים פּוטסעיי זיך צעסקריפּען. ער איז געווען ווי אַ טויטער, וואָס קערט זיך אום פון יענער וועלט און זעט זיין ווייב מיט אַן אַנדער מאַן. מיר איז שוין אַלץ איינס, אַלץ איינס.

ווען מאַקס האָט מיט יאָרען צוריק געזען פלאַרא׳ן שפּילען אין מוראַנאָווער טעאַטער, האָט ער געהאַלטען, אַז זי איז אַ גרויסע אַקטריסע. סאַי זי, סאַי פּיוזעלע זענען דאַמאָלס געווען יונג און שיין. פלאַרא האָט זיך אין דער פּיעסע „געדרעהט אויפ׳ן קאַרק", זי האָט געמאַכט שטיק פון אַ חור. מאַקס האָט זיך דאַמאָלס געוואונדערט ווי אַזוי אַ וויטיש מיידל, אַן אַקטריסע קאָן אַזוי זיך אַריינלעבען אין דער נשמה פון אַ חור וואָס אַ גאַסט פאַרליבט זיך אין איר. איצט האָבען נישט פּיוזעלע און נישט פלאַרא געהאַט קיין חן. פּיוזעלע האָט אַמווייניגסטענס געדענקט די פּראָזע. פלאַרא האָט זיך געפּלאָנטערט און די ווערטער זענען אַרויסגעקומען פאַלש. די פּיעסע איז נישט קיין פּיעסע און פלאַרא איז נישט קיין אַקטריסע, האָט מאַקס באַשלאָסען. זאָל פּיוזעלע זי האָבען. כ׳וויל זי מעהר נישט. מ׳האָט געהאַט איבערגעריסען די רעפּעטיציע און דער רעזשיסאָר איז געהאַט אַרויף אויף דער בינע. ער האָט אָפּגעשיילט אַ פּאָמעראַנץ און געטיילט שטיקלעך. ער האָט געהאַט אַן אויסגעפּוצטען בויך ווי ביי אַ טראָגענדיגער אידענע. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט פלאַרא׳ן אויפ׳ן אַקסעל און איר עפּעס איינגערוימט אין אויער. פלאַרא האָט געטאָן אַ לאַך. ער האָט זי, ווייזט אויס, געפּרואווט איבערבעטען פאַר זיין צו איר אַזוי שטרענג ווי אַ בייזער לעהרער. ער האָט געטראָגען אַ סאַמעטען רעקל און אַ שלייף אַנשטאָט אַ קראַוואַט. מאַקס האָט באַמערקט אַז די פיס האָבען געשטעקט אין אַ פּאָר ווייסע שטעקשיך. איצט האָט פּיוזעלע פון ערגיץ אַרויסגעטראָגען אַ טעורעלע שאָקאָלאַד און אויך אָנגעהויבען טיילען. יאָ, איך בין שוין אַ טויטער — ווי האָט מען דאָס גערופען אין יענער פּיעסע? אַ לעבעדיגער מת, האָט מאַקס געטראַכט. מאַקס האָט געהאַט אַן אויסטערלישען פאַרלאַנג: ער זאָל שוין אַזוי בלייבען זיצען אין דעם פינסטערען טעאַטער און אויף דער בינע זאָל בלייבען ליכטיג און פלאַרא, פּיוזעלע, דער רעזשיסאָר און די אַנדערע זאָלען אַזוי אייביג רעפּעטירען, עסען דערקוויקענישען, פלירטען. ער, מאַקס, האָט חאַ נישט געקאָנט לענגער בלייבען. עמיץ קאָן נאָך אָנצינדען די לאָמפּען און מ׳וועט אים דערזעהן: אַ מאַן מיט הערנער וואָס האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט אַ קוק צו טאָן אויף זיין פאַררעטעריש ווייב.

פּיוזעלע האָט צוגעלייגט די שאָקאָלאַד צו פלאַרא׳ס מויל און זי האָט אָפּגעביסען אַ שטיקל. ער האָט, ווייזט־אויס, פאַרלאַנגט זי זאָל בייסען נאָך און זיי האָבען זיך אַ ווייל געקאַמפּעט, ביז פלאַרא האָט אָפּגעביסען נאָך אַ שטיקעל. דאָס איז מער טשעקאָוועס ווי די פּיעסע, האָט מאַקס גערעדט אין זיך.

מ׳האָט ווייטער אָנגעהויבען רעפּעטירען. אָבער מאַקס האָט מער נישט געפּרואווט פאַרשטיין וואָס מ׳זאָגט. ער האָט אויף אַ ווייל צוגעשלאָסען די אויגען, און וויוואויל ער איז געווען וואַך, און געהערט פּיוזעלע׳ס שטים אויף דער בינע, האָט זיך אים אויף דער גיך גענומען עפּעס חלומ׳ען — אַ חלום צעווישגעוועבט פון טעליכע פּעדים, אַ סאָרט געפּלעפּט וואָס צעפּאַלט זיך אַזוי גיך ווי ס׳הייבט זיך אָן. אין דער קורצער ווייל איז מאַקס געווען אויף דער שיף פון אַרגענטינע (אָדער אפשר צוריק קיין אַרגענטינע) און עמיץ האָט געזאָגט: דאָ זענען טאָג און נאַכט גלייך. מאַקס האָט געטאָן אַ צאַפּל און דאָס געזעס אונטער אים האָט אַרויסגעלאָזט אַ סקריפּ. דער רעזשיסאָר האָט זיך אומגעקערט און מיט אַ כאַרכלדיג געבייזער גערופען:

— ווער איז דאָרט?

מאַקס האָט זיך אויפגעריסען און איז אַרויס פון טעאַטער. אַ קניה איז אים געהאַט געוואָרען פאַרשלאָפען און ער איז געלאָפען הינקענדיג. ער איז צוגעקומען צו דער אייזענגאַס און זיך אָפּגעשטעלט. דאָס בילד ווי פּיוזעלע גיט פלאַרא׳ן אָפּצובייסען פון דער שאָקאָלאַד איז פּונסביי סאַפּריער־געקומען און דאָסמאָל אַרויסגערופען אין מאַקס׳ן אַ כעס. זי׳ט שוין פאַרגעסען אַן מיר! כ׳בין שוין פאַר איר טויט אויף אַן אמת. כ׳האָב זיי געדאַרפט ביידע דערשיסען און אפשר דעם פאַרשוין מיט די שטעקשיך פאַר אַ צולאָג...

מאַקס האָט געטאָן אַ קוק אויפ׳ן זייגער: צוועלף מינוט צו פיר. זיי וועלען מאָרגען אויך מאַכען פּראָבע. מאָרגען איז איר טאָג...

ער איז אַפּגעגאַנגען עטליכע טריט און געזאָגט אויפ׳ן קול:

— דאָס וויל גאָט...

מאַקס איז אַריין אין אַן אַפּטייק און געקלינגען דעם האָטעל קראַקאָווסקי, אָבער שאַשע איז נישט געווען אין איר צימער. דער קלערק האָט געזאָגט, אַז זי איז ערשט נאָר אַרויסגעגאַנגען. מאַקס האָט זיך געלאָזט פאַרבינדען מיט מאיר סמעטענע. ס׳האָט לאַנג געקלינגען און קיינער האָט נישט געענטפערט. מאַקס האָט שוין געוואָלט אַוועקלייגען דאָס טרייבעל ווען ער האָט דערהערט אַ כאַרכלדיג קול וואָס ער האָט קוים דערקאַנט. ס׳איז געווען מאיר סמעטענע. מאַקס האָט אַ חאַפּ געטאָן:

— מאיר, דאָס בין איך, מאַקס.

ס׳איז געוואָרען שטיל אויף יענער זייט. דערנאָך איז דאָס קול געוואָרען העכער און רייניגער.

— מאַקס!

— יאָ, דאָס בין איך!

— מאַקס, כ׳האָב געמיינט דו שווימסט שוין אויפ׳ן ים ווי דער לוויתן — האָט מאיר גערעדט.

— כ׳בין נאָך אַלץ דאָ.

ווידער איז געוואָרען אַ שטילשווייגעניש.

— גוט וואָס ביזט דאָ. וועסט זיין אויף מיין לוויה.

— מאיר, רעד נישט קיין נאַרישקייטען!

— נו, וואו ביזטו? קום גלייך אַריבער. כ׳האָב די מינוט וועגען דיר געטראַכט. דו רגע!

— וואָס איז דיר?

— האַ? אַלץ. דער הלוך וויל מעהר נישט ילכ׳ען.

— כ׳האָב מורא געהאַט אַז וועסט נישט וועלען מיט מיר רעדען לויט ווי איך בין זיך באַגאַנגען —

— ס׳איז צרות. וואו ביזטו? קום גלייך.

מאַקס איז אַרויס אינדרויסען, געכאַפּט אַ דראָשקע און געהייסען פאָרען צו דער קראָכמאַלנע נומער 11. אַ שטאַרקע ליבשאַפט האָט אים אָנגענומען צו מאיר׳ן. כ׳האָב בלויז איין פריינד אויף דער וועלט און דאָס איז ער, האָט מאַקס געטראַכט. — כ׳האָב אים נישט געטאָרט פאַרשאַפען קאַ׳ יסורים. מאַקס איז געזעסען אין דער דראָשקע מיט אַ געבראָכענעם קאָפּ און אפילו נישט געקוקט אויף דער גאַס וואָס ער איז פאַרבייגעפאָרען. איכ׳ל וואַרטען ביז נאָך זיין טויט. איכ׳ל גאָרנישט טאָן פריער, האָט ער ביי זיך אָפּגעפאַסט. אַ שטילקייט האָט אים באַהערשט, יענע שווייגענדיגקייט וואָס קומט מיט דעם איינזעהן, אַז מ׳איז דורכגעפאַלען אין אַלץ. די דראָשקע איז אָנגעקומען פון דער אַנדערער זייט קראָכמאַלנע, דער גויאישער זייט, און איז פאַרביי וואָליצאָוו. דאָ האָט די גאַס געהאַט ביימער און ס׳איז געווען שיטערער און שטילער. אין דער זייט וואָס האָט געפירט צו וואָלע זענען געהאַט אויפגעקומען פאַבריקען און פון קוימענס זענען אויפגעגאַנגען רויכעס. די דראָשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פּאָר הייזער פאַר׳ן פּלאַץ. ס׳איז דאָ ערגיץ געווען אַ שריפה און די וועגענער פון פייערלעשער האָבען פאַרשטעלט דעם וועג. פייערלעשער אין מעשענע קאַסקעס האָבען געשלעפּט אַ גומענע קישקע. אויף די לענדען זייערע האָבען געהאַנגען העקלעך. זיי האָבען געטראָגען גומענע שטיוול. פּאָליציאַנטען האָבען געיאָגט די מיידען און די יאַטען וואָס זענען געלאָפען גאַפען און געשטערט אין לעשען. זיי געשלאָגען מיט די שיידען פון די שווערדען, אָבער דאָס געזעמל האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטען. ס׳זאָל נאָר נישט ברענען ביי מאיר׳ן! — האָט מאַקס קעגען זיין ווילען געטאָן אַ תפילה. אין מיטען געדראַנג איז אָנגעפאָרען דאָס קעטשל פון דער גיכער הילף מיט אַ פייפעניש און טרומייטעריניש. עמיץ איז דאָ, ווייזט אויס, געוואָרען צעברענט אָדער ס׳איז געשעהן אַן אַנדער פאַרפאַל. דער אַנלויף האָט פאַרשטעלט דעם אַמבולאַנס דעם דורכפאָר. און די פּאָליציאַנטען האָבען אַרויסגעכאַפּט די שאַבלעס אַנצושרעקן דעם המון.

(פאָרטזעצונג — פרייטאָג)

# די געסט

## (נאוועלע)

פון
יצחק באשעווים

(פארזעצונג)

מאקס האט זיך דורכגעשטופט צום טויער און איז ארויף מיט די טרעפ צו מאיר'ן. ער האט אנגעקלאפט. נאר די טיר איז געווען אפען. לאה איז, אפנים, נישט געווען אין דער היים. מאקס איז אריין אין שלאף־שטוב. מאיר איז געזעסן אין בעט אנגעלענט אויף דריי קישנס. אויף א שטול זענען געשטאנען פלעשלעך מיט רעצעפטן. ווי־וואויל דאס פענסטער איז געווען אפען, האט זיך דא געשפירט מיט מעדיצינען און מיט דעם ריח פון א שטוב וואו ס'ליגט א חולה מסוכן. מאיר'ס פנים איז געווען געל ווי זאפרן און די ווייסלען פון די אויגן זענען אויך געווען געווארן געלליך. מאקס האט אים קוים דערקאנט. מאיר האט אומגעקערט דעם קאפ.

— מאקס!

— מאיר!

מאקס האט היינט צום צווייטן מאל געהאט א פארלאנג אוועקצופאלן אויף די קניה. ער האט געוואלט קושן מאיר'ן, אבער ער האט עס נישט געטאן. מאיר האט געזאגט:

— כ'האב געמיינט כ'על דיך מער נישט זעהן. נו.

— מאיר, וואס איז דיר?

— די מילץ. אזוי זאגט דער דאקטאר הערץ. ס'הארץ טויג שוין אויך אויף א כפרה.

—ווערסט נאך זיין געזונט.

— האק נישט קיין טשייניק. וואו איז שאשע?

— אין האטעל בראקאווסקי.

— וואו האסטו דיך אויסבאהאלטען מיט איר? פארוואס ביזטו דאמאלס נישט געקומען? מיר'ן האבן געווארט אויף דיר.

— כ'האב געוואלט איך מער טאג'ן אריינגיין אין טויער און כ'האב נישט געוואלט האב' סקאנדאלען.

— נו, דו ביזט שוין יענער געווארן. וואו זענען די געווען?

— אין מיקראשעווין ביי א סאלוטאס.

— שוין איינגענומען ס'פאס־טוטען? — האט מאיר געטאן א וואנק.

— איינגענומען.

— נו, פארפאלן. ס'איז אפשר בעסער אזוי. דער טאטע אירער איז א ווילדער מענטש. ער'ט מיך געסטראשעט אז כ'על געהן אין קייטען. כ'האב אים געזאגט: פרשעט אפילו הערויף. מאקס, איך גיה אוועק! — האט מאיר געביטערט דעם טאן. — ס'קאן זיין מארגען און ס'קאן זיין אין א וואך ארום, אדער צוויי. געטוי דעם טאג ווייסט קיינער נישט. כ'האב אפגעדיענט מיין סלוזשבע און מ'שיקט מיך אהיים. כ'האב נישט קיין יחוס, נאר דער טייערער איד, דער מורה הוראה, וועט זאגען נאך מיר קדיש. כ'האב אלץ פאזארגט: א קרקע, אפילו תכריכים. מ'עט מיך איינפאקען אין רייזע־קאסטען און ס'עט זיין אויס מאיר סמעטענע. כ'האב אפגעטאן א סך נארישע זאכען, אבער אפגעטאן איז אפגעטאן. דיין פלארא האט געחלש'ט און געמאכט שטיק, אבער זי איז געקומען צו זיך. כ'הער, זי ווערט ווידער אן אקטריסע.

— יא, כ'האב זי ערשט געזעהן שפילען.

— מ'שפילט שוין?

מאקס האט דערציילט מאיר'ן ווי ער האט בייגעוואוינט די רעפעטיציעס.

— ווילסט זי מער נישט, הא?

— כ'האב מיך דערוואוסט, אז דער פיוועלע, דער אקטיארטשיק, האט זי ארויסגענומען פון א נפקא־בית.

מאיר סמעטענע האט אויפגעהויבען די ברעמען.

— האסט נישט געוואוסט?

— כ'בין אזא שמאנדע אז כ'האב נישט געוואוסט.

— נו, אלץ איז געמאלט. כ'האב געמיינט אז כ'קאן מענטשן, אבער איצט אז כ'שטעה שוין מיט איין פוס אין קבר, זעה איך אז כ'ווייס גארניש'. נו, הויפטער איז אויס?

— דו, מאיר, האסט געוואוסט?

— אלע האבען געוואוסט.

— כ'בין דער גרעסטער ווייזל אויף דער גאנצער וועלט. ויזתא געמער איינס.

— האסט נישט געוואלט ווייסען.

— זי'ט געזאגט אז דער אקטיאר איז געווען דער ערשטער.

— נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער. מאקסעלע, דו ביזט א אינגל. כ'האב געמיינט ביזט א הערוואקסענער מענטש. ווען כ'האב כח צו לאכען, וואלט איך געלאכט. אבער מיט אן פארפילטער מילץ קאן מען נישט לאכען. אז מ'האט דערהערט כ'בין קראנק, איז די גאנצע באנדע געקומען צו מיר. — ווי זאגט מען דאס? — מבקר חולה־זיין. אבער לאה לאזט נישט אריין. ס'איז מיר שווער איינצוזעטצה'ן מיט אלעמען. מ'וויל שוין אלץ פון מיר טובה'ס, גראד איצט איז זי ארויסגעגאנגען עפעס קויפען. כ'געה מער נישט צום טעלעפאן, אבער ס'האט אזוי לאנג געקלינגען, אז כ'האב מיך ווי ס'איז דערשלעפט. גלייך ס'הארץ וואלט מיר געזאגט אז ס'איז דו. מאקס, כ'קאן נישט שלאפען ביינאכט. מ'גיט מיר שלאף־פילען, אבער נאך א שעה אדער צוויי וועק איך מיך איבער. לאה שלאפט אויך נישט און מיר רעדען. מיר'ן א סך גערעדט וועגען דיר. כ'לאז אלץ איבער לאה'ן — וועמען הער? מיין טאכטער שעמט זיך מיט מיר ווי מיט א פארך. מיין איידעם איז נאך דא אפילו נישט געקומען געווארווערן. אז לאה ווערט זיך אריבערפעקלען, וויל זי איבערלאזען א טייל דער טאכטער, א ביסל פאר עולמות. אזוי רופט מען דאס: תלמוד־תורה, מושב־זקנים, בית־יתומים, דאס, יענץ. זי'ט געוואלט איבערלאזן ירושה שאשע'ן, מיט אמאל ביזטו אוועק מיט איר. לאה האט אפילו גערעדט וועגען פארען קיין בוינעס איירעס זיך זעהן מיט ענק. איך האב ליב איז זי געווען אזוי בייז אויף דיר, אז זי וואלט דיך צעריסען ווי א הערינג. זי'ט געזאגט אז זי'ט דיר אנשפייען א פול פנים. אבער אז פלארא איז געלאפען ווערען אן אקטריסע, האט זי געווארפען אויף איר אן אומ'חן און אנגעהויבען רעדען אז דו ביזט גערעכט און אז שאשע וועט זיין פאר דיר א גוטע ווייב און אלדאס איבעריגע. זי איז עלטער פון דיר מיט א דרייסיג יאר, אבער דאס איז נישט קיין חסרון. פלארא האט לאה'ן ערגעץ אנגעטראפן אויפ'ן היגער אויג און זיי זענען סאווים קומעס. זי האט אינגעשטענען אויפגעהערט קומען. שוין דא נישט געווען א ווארט. ווי שפילט זי? גוט?

— די פיעסע טויג נישט און זי טויג אויך נישט.

— אז ס'עט דיך פארלאנגען א כוידעס, וועט זי קומען און דיר קושען די פיס. דער פייוועלע וועט זיך לאזן מיט איר נישט האלטען.

— איך וויל זי מער נישט.

— אלץ הערשאר ווייל ——?

— כ'וויל זי נישט. באסטא.

— וואס וועט זי דא טאן אהן א גראשען?

— זאל זי געהן פון וואנען זי קומט.

— זי'ט דיר נאכלויפען קא' מיטעס אידעס. ווער האט טאטען?

— מיר האבען גארנישט.

מאיר סמעטענע איז געווארן אנטשוויגען. מאקס'ן האט זיך פארגעוויזען אז ער איז איינגעשלאפען. ער האט אפילו געטאן א שנארך. נאך א וויל האט ער געטאן א ציטער און זיך אויפגעטשוכעט.

— מאקס, ביזט דא? — האט מאיר געפרעגט.

— יא, כ'בין דא.

— כ'בין לאנג געשלאפען?

— א מינוט.

— איין מינוט?

— נישט מעהר.

— מאקס, דו ביזט נאך ווי א קינד. אבער איך בין א הערוואקסענער מענטש. ס'איז אויפגעקומען היינט א מאדע־ליבע. איך מיינע צייטען האט מען נישט געוואוסט פון קיין ליבע, אבער ליב געהאט האט מען זיך הונדערט מאל מעהר ווי היינט. לאה איז געקומען פון דארט וואו פלארא. נאר אז כ'האב אויף איר א קוק געטאן צום ערשטען מאל האב איך געוואוסט אז כ'בין אן אפגעקאכטער. זי איז נאך נישט אלט געווען קיין אכצען יאר און איך בין שוין געווען נאהענט צו פערציג. כ'האב איר געוואלט באצאלען די צוויי קאפיקעס, נאר זי האט מיר געזאגט: ווערסט צאלען שפעטער, און מיר ביידע האבען געלאכט ס'גרעסטע געלעכטער. כ'האב זי ארויסגענומען און זי איז מיר געווען א געטריי ווייב. כ'וויל נישט זי זאל דא בלייבען אויפ'ן פלעצל. זי וויל געהן פאר מיר צוויי מאל א וואך אויף קבר־אבות, נאר כ'האלט נישט דערפון. אז מ'ליגט פארהאקט אין די טיף ווייסט מען נישט ווער ס'קומט און וואס מ'קומט. פוסטע זאכען. אויב ס'איז דא א גאט, איז ער אין הימעל, נישט אויפ'ן גוטען ארט. זי האט דא עפעס א שותפות, נאר אהין מיר וועט מען ביי איר אלץ צונעמען. זיי האבען שוין אנגעהויבען ווייזען די חזיר־פיסלעך און קאנסט דיך אויסמאלן וואס ס'עט זיין הערנאך. מאקס, בלייב ביז נאך דער שבעה און העלף איר. נעם זי מיט קיין ארגענטינע. שאשע האט זי ליב ווי א מאמע און זי שאשע'ן — ווי א טאכטער. וועסט האבען א ווייב און א שוועסטער. וועסט לעבען א חזיר'ישען טאג.

און אויף מאיר'ס ליפען האט זיך באוויזען א שפור פון א שמייכל.

—כ'האב ליב לאה'ן ווי זי וואלט געווען מיין אייגענע שוועסטער — האט מאקס געזאגט.

— זי'ט דיר צוריק קומען. וועסט נישט דארפען אנציקערמען צו בעדטא'ן. ווי איז שאשע, הא?

— נאך א קינד.

— אוודאי. לאה איז עלטער פון דיר, נאר אזא נקבה איז נישט געווען און ס'עט נישט זיין.

מאקס האט אפגעווארט א וויל.

— מאיר, פארוואס קומט עס מיר? — האט ער געפרעגט.

— כ'וויל נישט זי זאל זיך פאניעווערען.

כ'על נישט קאנען רוהען אין קבר אויב זי'ט זיך מאטערן. אויב ס'איז דא א יענע־וועלט, וועלען מיר זיך אלע דריי בראטען אין איין גיהנום.

— וועסט נאך זיין געזונט.

— הער־אויף! זיי נישט קיין יאלד! גיב מיר האנטעס־כף אז וועסט ווארטען.

מאיר האט אויסגעשטרעקט א געלע האנט. מאקס האט זי לייכט אנגענומען.

— איז דאס א ווארט?

— א הייליג ווארט. אויב כ'על לעבען — האט מאקס געזאגט.

— פארוואס זאלסטו נישט לעבען? דו טרפה'נער האלץ!

— עפעס פרילט אין מיר.

— אין דיר אויך? נו, דו רעדסט דיר איין. וואס איז דיר?

— עפעס איז קאליע.

— בענקסט נאך פלארא'ן, הא?

מאקס האט נישט געענטפערט.

— נעם זי צוריק. אויב יעקב אבינו האט געקאנט האבען פיר ווייבער קענסטו האבען דריי. דער פייוועלע וועט זיך באלד פאטראגען. זי און לאה קענען זיך איבערבעטען. איכ'ל מאכען שלום. דאס וועט זיין מיין לעצטע מצוה.

— כ'וויל זי נישט.

— א אינגל, א אינגל! ווי לאנג דו קענסט, כאפ־אריין. שפעטער קאן מען מעהר נישט. אז כ'בין געווארען קראנק, נאך מיט צוויי יאר צוריק, האב איך געזאגט לאה'ן: נעם חמיצען, כ'בין נישט פאפערזיסטיג. אבער זי'ט נישט געוואלט הערען. זי'ט געליטען, געליטען. מיר'ן א סך מאל גערעדט וועגען דיר, אבער דו ביזט געווען דארט, נישט דא. אז וועסט זיך צו איר גוט, וועט זי דיר איבערלאזען ירושה.

— כ'האב גענוג.

דער טעלעפאן האט געקלונגען. מאיר האט זיך אנגעשפיצט.

— געה צו. ס'קאן זיין הערץ דאקטאר. אויב ס'איז נישט הערץ, זאג אז קיינער קאן צו מיר נישט קומען.

מאקס איז אוועק אין קארידאר צו טעלעפאן. עמיץ האט געפרעגט צי חיה ריווע איז אין דער היים.

— דא איז נישטא קיין שום חיה ריווע — האט מאקס געענטפערט.

— אויב אזוי, קוש אין ת. — האט יענער געזאגט.

מאקס האט אוועקגעלייגט דאס טרייבל, גרייט זיך אומצוקערן צו מאיר'ן, נאר איך דער רגע האט זיך געעפענט די טיר און לאה איז אריין מיט צוויי קוויבערס. דערזעהן מאקס'ן, האט זי אוועקגעשטעלט ביידע קויבערס, א פאטש געטאן מיט די הענט און א געשריי געטאן:

— מאקס!

ס'איז געווען א געמיש פון א געשריי, א געוואמער און א געלעכטער. מאקס איז איר אקעגענגעקומען און ער איז אריינגעפאלען אין אירע ארעמס. זי האט געוויינט און אים געקושט א סך מאל און מיט א ברען וואס לאה האט קיינמאל פריער נישט ארויסגעוויזען. אין א רגע איז זיין פנים געווארען נאס. זי האט אים געקושט נאכאמאל און ווידעראמאל און זיך איינגעביסען אין זיין מויל. מאקס האט צוריקגעקושט א הערשטיינטער. האט לאה מיט עפעס א פארבאהאלטענער הראפט געהערט מאיר'ס רייד? האבען זיי דאס צוזאמען געפלאנט פריער? צווישען איין קוש און דעם אנדערען האט לאה אויסגעשריגען צו אים ווערטער וואס ער האט נישט ריכטיג געהערט, אדער נישט פארשטאנען. זי האט אים געטאן א לעצטען קוש און א ביס פאר א צולאג.

— דו ווילדע חיה!

— לאה פיסק!

— דו געמיינער יונג!

וויזט זענען זיי געשטאנען ווי געפלויגטע. דערנאך האט לאה געזאגט:

— געה צוריק צו מאיר'ן. איך מוז מיר וואשען ס'פנים.

מאקס האט זיך אומגעקערט צו מאיר'ן. מאיר האט זיך מער נישט אנגעלעהנט, נאר ער איז געזעסן גלייך. ער האט געפרעגט:

— לאה, הא?

— יא, לאה.

— כ'האב געהערט. כ'בין נישט טויב. איצט וועט מיר זיין גרינגער צו שטארבען...

(פארזעצונג מארגען)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעוויס

(פאָרזעצונג)

## קאַפּיטעל זיבען

1

פאַרנאַכט ווען מאַקס האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים צו שאַשע'ן (ביידע, מאַקס און לאה האָבן געהאַט גערעדט צו איר אויף'ן טעלעפאָן), האָט אים אין טויער עמיץ אַ ציה געטאָן ביים אַרבל. אין דער טונקעלקייט האָט מאַקס דערקענט סרולקע קאַנער. ער האָט אַ מורמל געטאָן אונטער דער נאָז:

— פון וואַנען גייט אַ איד?

מאַקס האָט זיך אָפּגעשאַקלט.

— איר שפּיאָנירט מיך נאָך?

— זאָל זיין אַזוי.

— וואָס ווילט איר?

— כ'וויל מיט אייך רעדן.

— וועגן וואָס רעדן?

— בייזערט זיך נישט. איר זענט טאַקע דער גרויסער מאַן פון ביזנעס - אייערס און איך בין אַ פּראָסט מענטשל פון דער קראַכמאַלנע פיר־און־צוואַנציג. אָבער נישט־קשה. ס'עט אייך אסור נישט אָפּקומען פון כבוד.

— וואָס ווילט איר?

— כ'קאָן נישט רעדן דאָ אין טויער.

— וואו ווילט איר רעדן?

— קומט אַריין אין דער מלינה.

— קיין שום מלינה. כ'מוז גיין.

— וואו גייט איר? ס'קאָכט דאָך מיט אייך אַ וועלט. אַט ווערט איר פאַרלוירן און מ'מיינט אַז איר וועט שוין ערגיץ אויף יענער זייט ים. מיט אַמאָל קומט איר קאַפּויער. זלמן מינץ איז דער קראַנק צוליב אייך. איר'ט אים צוגענומען די טאָכטער און אַנטלאָפן. עפּעס גאָר מעשה לאַוועלאַס. אייער ווייב זוכט אייך אויך ווי מיט ליכט.

— וואָס ווילט איר, מיר זאָגן אַ דרשה?

— קיין שום דרשה. כ'בין נישט קיין מגיד און קיין דרשן. ווי באַלד איר ווילט אין ערגיץ נישט גיין, מוזן מיר רעדן דאָ אין טויער. זייערע הויבן שוין אָן גראָבן — האָט סרולקע גאָר גענומען שעפּטשען.

— זאָלען זיי גראָבן. איך וויל נישט האָבן צו טאָן דערמיט.

— אויב איר ווילט נישט, האָט איר געדאַרפט באַלד זאָגן אַזוי. קיינער האָט אייך נישט געצוואונגען, אָבער אַז מ'הייבט אָן אַ זאַך און מ'זאָגט יענעם צו, קאָן מען נישט אין מיטן זיך אָפּשאָקלען פון אַלץ. אַזוי פירט זיך נישט.

— איך פיהר מיך אַזוי. כ'האָב געגעבן הלוואות אָהן זיי. כ'האָב זיי געגעבן דריי הונדערט רובל און כ'וועל מעהר נישט זעהן קיין גראָשען צוריק.

איך קאָנט אַמאָל זעהן דריי מיליאָן פאַר די דריי הונדערט. דאָס איז איינס. צווייטענס, איר'ט צוגעזאָגט אַ טויזענטער און קעגן די האָזינע לייט איז אַ סכנה אָנצוהויבן. זיי אַז מ'פּייפּט־זאָן, מאַכן זיי איבער יענעם אַ משפט און מ'רוימט אים אָפּ שאַ־שטיל, אָדער מ'לייגט אים אונטער אַ באָמבעלע. כ'רעד פאַר אייער אייגענער טובה. איר ווילט אוודאי נישט מ'זאָל אייך געבן אַ קניידל אין פּלייצע. קניידלעך זענען גוט אין מויל — נישט אין פּלייצע, פּסח — נישט, ראש־השנה, כע־כע־כע...

מאַקס האָט לאַנג געשוויגן.

— איר זענט זייער מעקלער, האַ?

— כ'האָב זיי אַליין אויך געגעבן מיין ביישטייער. אָדער מ'שפּילט אָדער מ'שפּילט נישט. מ'גייט נישט אַוועק אין מיטן קאָרט.

— כ'גלויב נישט אין דער גאַנצער זאַך. זיי ווילן חרוב מאַכן די וועלט. כ'בין ניש' קיין צדיק, אָבער כ'וויל נישט איינרייסן מיט אַלעמען.

—וואו איז שאַשע?

— זי איז דאָ. וואָס איז דאָס אייער עסק?

— זלמן מינץ איז מיינ'ס אַ פריינד. זי איז אַ קינד פון פופצן יאָר. פאַר אַזוינע זאַכן גייט מען אויף קאַטאָרגע.

— איר סטראַשעט מיך, האַ? כ'קום איצט פון אַ קראַנקען און —

— כ'ווייס, כ'ווייס. מאיר איז שוין אַזוי גוט ווי נישט קאָ' היגער. אַ שאָד. מיר זענען געווען אַמאָל גוטע־ברידער. אָבער ווי זאָגט מען עס: יעדער איינער האָט זיין צייט. אַז מ'ליגט אויפ'ן טויטן־בעט, איז מען אויס קאַפּעליוש־מאַכער. איטשע שטעלט־צו מענטשן צום גראָבן און אַלדאָס איבעריגע. מ'וואָלט שוין אָנגעהויבן גראָבן, נאָר ס'פעהלט געלט און מ'וואַרט אויף אייער חלק.

כ'האָב נישט ביי מיר מעהר ווי דריי רובל.

— דריי, האַ? וואו זענען די ממתקים אייערע? פאַרשפּילט אין וואַקע?

מאַקס איז געהאַט אַרויס אינדרויסן פאַר'ן טויער. ער האָט דערזעהן אַ דראָשקע און געגעבן דעם פורמאַן אַ צייכן. די דראָשקע איז צוגעפאָהרן צום טויער.

— איר לאָזט מיך איבער אָהן אַן ענטפער?

— דער ענטפער איז: לאַ מיט אַ ספּאַדיק.

מאַקס איז איינגעזעסן. דער פורמאַן האָט געפרעגט: וואוהין? און מאַקס האָט געענטפערט: פאָהרט צו דער גטאַיבע —

— אַ וואָרילער, האַ? — האָט סרולקע נאָכגערופן. — נו, מ'עט זעהן!

כ'האָב אים געדאַרפט דערלאַנגען אַ קניידל אין טויער, האָט מאַקס געטראַכט. אַ פּחד האָט אים אָנגענומען און אַ קעלט אין די ריפּן. כ'בין פאַרפאַקט! כ'מוז שוין מאַכן „אומיק" פון וואַרשע... ס'האָט אים שוין איצט באַנג געטאָן וואָס ער האָט גערעדט צו סרולקע'ן ווי אַ שטאַרקער. ער האָט מיט עטליכע ווערטער געהאַט זיך צעריסן מיט'ן בלינדן איטשע'ן און זיין באַנדע, און סיי מיט די אַנאַרכיסטן. מאַקס האָט זיך אָנגעשטרענגט צו זעהן צי סרולקע גאַנער האָט נישט אַמאָל גענומען אַן אַנדערע דראָשקע און צי ער פאָהרט אים נישט נאָך. ניין, ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביים טויער נומער עלף און נאָכגעקוקט — אַ פּיצעלע מענטשעלע, אָבער מיט אַ האַנט אין אַ סך פּוילע עסקים. כ'האָב אים געדאַרפט צושאָקלען די זיבען הונדערט רובל, האָט מאַקס צו זיך גערעדט. ער'ט אָנרייצן אויף מיר אַלע הינט: די גליקעס, די אַנאַרכיסטן, שאַשע'ס טאַטע. מ'עט מיך צעררייסן אויף שטיקער. אַז דער לייב איז קראַנק, ווערט דער פוקס אַ מלך... אפשר נישט צופאָהרן צום האָטעל קראַקאָווסקי, נאָר צום ווינער וואָקזאַל און מאַכן פּליטה ווי לאַנג ס'איז צייט? דער פורמאַן איז געהאַט אַרויסגעפאָהרן אויף דער גנאַיגע און ווידער אַרויסגעדרעהט דעם קאָפּ. מאַקס האָט אַ זאָג געטאָן:

— צום האָטעל קראַקאָווסקי.

— קראַקאָווסקי? ווי־אָ!

זיי קאָנען נאָך נישט וויסן וואו איך בין. ער'ט מיך אוודאי געזעהן אַריינגעהן אין טויער און מיך אָפּגעוואַרט. מאָרגען אינדערפרי וועל איך זיכער־זיין מיט שאַשע'ן צוזאַמען. מאַקס האָט זיך אָנגעהאַלטן אַז דעם אַנלויפן נישט אַרויסצופאַלן.

מ'וואַרפט מיך פון קאַלטן אין הייסן און פון הייסן אין קאַלטן ווי די רשעים אין גיהנום, האָט ער געטראַכט אַ פאַרבליפטער. עפּעס אַ שד שפּילט מיט מיר אין לעבן־און־טויט. מאַקס איז די לעצטע פאַר וואָכן געהאַט אַריינגעפאַלן אין אַ סאָרט יאוש. ער האָט געהאַט פאַרלוירן דעם אַפּעטיט צו לעבן. אָפט באַנאַכט ווען ער איז געלעגן וואַך אין מיעדזשעשין אָדער געזעסן אויף דער וועראַנדע און געטראַכט הרהורים, האָט ער געהאַט חשק אַרויסצונעמען דעם שפּייער און זיך אַריינצושיסן אַ קויל אין קאָפּ. ער האָט געבענקט נאָך פלאָרא'ן. ער האָט זיך געפיהלט שולדיג קעגן מאיר'ן, ער האָט באַדויערט וואָס ער האָט זיך פאַרדרעהט מיט שאַשע'ן. איצט אַז ער האָט זיך אומגעקערט קיין וואַרשע און מאיר און לאה האָבן אים געגעבן נייע האָפענונגען, האָט זיך אָנגעטשעפּעט אין אים אַזאַ גנידע ווי סרולקע גאַנער. ער קאָן נאָך אַמאָל אַרויפגעהן צו לאה'ן און ביי איר אַרויסקריגן וואו איך שטעה־איין. כ'מוז איר גלייך אָנקלינגען און זי וואָרענען! מאַקס האָט געהאַט חשק צו זאָגן דעם פורמאַן ער זאָל זיך אָפּשטעלן ביי דער אַפּטייק פאַר'ן אייזערנעם טויער, פון וואַנען מ'קאָן טעלעפאָנירן, אָבער ער איז שוין געהאַט פאַרביי־געפאָהרן די אַפּטייק. כ'האָב אים געדאַרפט מאַכן קאַלט ווי נאָר ר'האָט געעפענט די חזיר'ישע מאָרדע, האָט מאַקס צו זיך גערעדט. אַזאַ וואַנץ איז אַ מצוה צו צעקוועטשן... ער, מאַקס, איז אַריין אין אַ קלעם וואָס ער וועט פון איר קיינמאָל נישט אַרויס. די בייזע כוחות האָבן זיך געשפּילט מיט אים ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. וועגן אַנטרינען קאָן מעהר נישט זיין קיין רייד. איין זאַך האָט מאַקס באַשלאָסען: קיין לעבעדיגען וועלן די שונאים זיינע אים נישט אָנקריגען.

די דראָשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים האָטעל קראַקאָווסקי און מאַקס איז אָפּגעשטיגן. ס'איז דאָ, אין פאָדער־זאַל געווען אַ טעלעפאָן און מאַקס האָט אָנגעקלונגען צו מאיר'ן, אָבער דער טעלעפאָן איז געווען פאַרנומען. ער האָט נאָך אַ פּאָר מינוט ווידער זיך געלאָזט פאַרבינדן. אָבער ס'איז נאָך אַלץ געווען פאַרנומען. מאַקס האָט זיך איצט דערמאָנט וואָס לאה האָט אים געזאָגט: זי נעמט אַראָפּ דאָס טרייבל אַזוי, אַז מ'זאָל נישט אויפוועקן מאיר'ן, אָדער אים גלאָט נישט דערקוטשען.

מאַקס איז אַרויף צו זיך אין צימער, געעפענט די טיר און שאַשע איז געשטאַנען אין מיטן שטוב און געוואַרט אויף אים. אויף איר פּנים האָט זיך אויסגעמאָלט אומגעדולד און שרעק.

— כ'האָב שוין געמיינט וועסט ניש' קומען!

און זי האָט זיך צעוויינט. מאַקס האָט זי אַרומגענומען, געקושט אין מויל, אין די אויגען, אין שטערן.

— מאַרעלע. אַלץ וואָס כ'טוה איז פאַר דיר.

— כ'וויל גיין צום פעטער מאיר און צו דער מומע לאה. דער פעטער מאיר איז קראַנק און כ'וויל אויף אים אַכטונג טאָן. כ'וויל —

—דיין טאַטע וועט זיך דערוויסן און דיך אַוועקשלעפּען.

— כ'האָב מיך אַרומגעדרעהט אַ גאַנצען טאָג אַהין, אַהער. כ'האָב ניש' געוואוסט וואָס צו טאָן. כ'בין געגאַנגען אין זאַקסישן גאָרטן און אַ סטודענט האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר. ער האָט גענומען רעדן דאָס, יענץ, און מיר געבן קאָמפּלימענטן. ר'האָט געזאָגט, אַז ר'איז פאַרליבט אין מיר. כ'האָב עים געזאָגט אַז כ'האָב ליב בלויז דיך און ער'ט זיך גענומען אויספרעגן דאָס יענץ. אַ קאָמישער מענטש, רעדט אַזוי אַז כ'האָב געמוזט לאַכן.

— האָסט געמוזט, האַ?

כ'גיי אַוועק אויף אַ פּאָר שעה און דו נעמסט דיך גלייך אַרומשלעפּן מיט אַנדערע. אויב דו ביזט אַזאַ שטיקל סחורה, וועל איך דיך צוריקשיקען צו דיין טאַטע'ן און זאָל נעמען אַן עק.

שאַשע איז זיך פונסנייע פאַרגאַנגען אין אַ געוויין.

— כ'האָב גאָרניש' געטאָן. כ'בין געגאַנגען און ער איז מיר נאָכגעקראָכן. כ'האָב עים געזאָגט ער זאָל זיך אָפּטשעפּען, אָבער ער איז נאָכגעגאַנגען און אין מיר אַריינגערעדט ווי אַ משוגע'נער. ר'האָט אַלץ געוואָלט וויסן און כ'האָב עים געזאָגט אַז ס'איז ניש' זיין געשעפט.

—האָסט אים דערציילט וואו מיר שטעהן איין?

— ניין. יאָ. כ'געדענק שוין ניש'. אפשר.

— ער'ט נאָך דאָ קומען דיר אָפּשטאַטן אַ וויזיט.

— עפּעס אַזאַ אָנטשעפּעניש! וואָס וויל ער פון מיר? מאַקס, כ'האָב מורא האָ צו זיין!

— איך האָב אויך מורא. דו ווייסט אַז כ'היט מיך פאַר מענטשן און דו פּלאַפּלסט אויס פאַר עפּעס אַ פרעמדען פאַרשוין און גיסט אים אונזער אַדרעס.

— וואָס האָט ער געוואָלט?

— וואָס אַלע ווילען: כאַפּען ביי יענעם, קריגען מציאה'ס. אייניגער זאָל געבן עסן, קליידער, צאָלן דירה־געלט, ערציען קינדער און דער אַנדערער זאָל אַלץ קריגען אומזיסט. איך אַ פּאָר יאָר אַרום וועט מען ביי א י ם כאַפּען ניש־קשה!

— ר'האָט געזאָגט אַז אַזוי ווי ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן ר'האָט זיך גלייך פאַרליבט.

— זאָלען זיי גיין אין דר'ערד אַריין צוזאַמען מיט זייער ליבע. איך בין שוין מיד פון דעם גאַנצען געשטינקעכץ. איכ'ל נאָך היינט מיר אַריינשיסן אַ קויל אין קאָפּ.

שאַשע האָט אויפגעהערט וויינען.

—שיס מיך אויך.

— דיר איז אויך נמאס דאָס לעבן? — האָט מאַקס געפרעגט האַלב מיט נייגיר, האַלב מיט געלעכטער.

— יאָ, נמאס...

— נו, גוט. קום שלאָפען. שפּעטער וועלען מיר מאַכן אַן עק.

— מ'עט אונז באַגראָבען צוזאַמען?

— אפשר.

— כ'וויל זיין בלויז מיט דיר. בלויז מיט דיר!

און שאַשע האָט גענומען קר

(שלוס אויף ביגטל־בריף זייט)

# די געסט

(שלוס פון זייט 3)

שפעט מאקס'ן אין פנים, אין האלז, איז קיהן. זי האט א זאג געטאן:

— אוי, ווי דיין באָרד שטעכט!

און אנגעלענט איר פנים אן זיין אקסל.

שאשא איז געשלאפן, אָבער מאקס איז געהאט איבערגעקומען דריי נאכט און מער נישט געקאנט איינשלאפן. ער האט אראָפּגעשפּאנט אהין־און־צוריק און אזויפיל געטראכט אז דאס צימער איז געווארן פול מיט רויך. ער האט געוואוסט אז לאה שטעהט אויף פריה און זיבען אזייגער איז ער ארויס אין פאר־הויז זאל טעלעפאָנירען. ער האט זיך געקלאפט פארבינדען און לאה האט גלייך געענטפערט. לויט ווי לאה האט זיך נעכטען געזעגענט מיט אים און אים פון ליבשאפט געדריקט צונעמען, האט ער זיך גערעכנט, אז זי וועט זיך דערפרעהען ווען זי וועט דערהערען זיין קול. אָבער זי איז, ווייזט־אויס, געהאט איבערגע־שטאָכען, ווי מ'זאגט, אויף דער לינקער זייט. זי האט געזאגט:

— מאקס, איך האב קלינגען דעם דאָקטאר. מאיר האט א גאנצע נאכט געשלאָפן און געהאט ספאזמעס. איז עפעס געשעהן?

מאקס האט דערציילט לאה'ן ווי ער האט געטראָפען סרולקע גאנער אין טויער און ווי יענער האט אים געסטראשעט. מאקס האט מודה געווען לאה'ן אז ער האט געגעבען די אנארכיסטן דריי הונדערט רובל. לאה האט געשוויגען, אָבער פון מאל צו מאל האט זי ארויסגעלאָזט עפעס וואס האט געקאנט זיין א ברום אדער א זיפץ. זי האט געזאגט:

— ווען מאיר וואלט געוועזן געזונט, וואלט אזא ראָטנעדל נישט געהאט די העזה. אָבער מאיר איז קראנק און די באנדע האט זיך שוין באצייטענס אויף אונז אָנגעגרייט. ס'איז נישט בלויז סרולקע. ס'איז דער בלינדער איטשע. מאקס, האסט נישט געטארט אנהייבען מיט די אנארכיסטן. ווען זיי האבען אן אויג אויף עמיצען, איז יענער א געטעטעלטער. זיי רופען זיך „די שווארצע האנט" און זיי קאָנען אפילו עמיצען אפּרוימען אין בויטעס איירופּעס.

— וואס זאל איך טאן, האַ?

— ליג איינגעטליעכט אזוי לאנג ווי ביזט דא. דערצעהל מיר די גאנצע זאך. וואס האבען זיי געוואלט טאן? כ'האב שוין אלץ פארגעסען.

— גראבען א טונעל צו דער באנק אויף רימארסקע.

— יא. זיי וועלען שוין דעם טונעל נישט גראבען און אויב זיי וועלען גראבען, וועט עס זיין זייער קבר. איך בין טאקע אויף צרות, אָבער כ'בין נאך אלץ לאה פּיסק.

— וואס ווילסטו טאן?

— עפעס וועל איך טאן און ס'איז נישט דיין פארשיוועט עסק. ציה דיך ארויס פון דעם האָטעל.

— וואס זאל איך טאן מיט שאשע'ן?

---

(פאָרטזעצונג — פרייטאָג)

# די געסט

## (נאוועלע)

פון **יצחק באשעוויס**

(פארזעצונג)

— ברענג שאשע'ן צו מיר — האט לאה געזאגט. — ניין, ברענג זי נישט. דו טארסט דיך מער נישט ווייזן אויפ'ן פלאץ. זאל זי אליין קומען.

— איך פאטער וועט זי צונעמען.

— מיט איר טאטע'ן וועל איך דורכקומען. צי דיך אוועק ערגיץ אין אן אריינפאר־הויז אין יענע גאסען. זיי האבען חדרים אזויענע האטעלעכלעך. מאיר איז שוין נישט קיין היגער. ס'קען טרעפן יעדען טאג.

און לאה האט געטאן א קורצען וויין.

— קאן איך שיקען שאשע'ן היינט? — האט מאקס געפרעגט.

— וואס פריער, אלץ בעסער. קלינג מיר. אויב עפעס זאל געשען, וועסטו וויסען. די שדכנים ווילען כ'זאל ארויס נקי, אבער לאה איז נישט אזא לעמעלע ווי זיי מיינען. דער סרוליקע וועט זיין די ערשטע כפרה.

— לאה, וואס רעדסטו? כ'וויל נישט אז עמיץ זאל צוליב מיר — —

— ס'איז נישט צוליב דיר, מאקס. איך האב מיט אים אלטע חשבונות. ער שטייט ביים טויער ווי א הונט און ניוכעט ווער ס'קומט און ווער ס'גייט. ווען כ'האב אים חאמאלס געהערט רעדען וועגען די אנארכיסטען, האב איך באלד דערשמעקט אז ער וויל אונז אריינשלעפען אין א מאלעיר. האסט באגעגענט עמיצען פון דער חברה?

— איינע. א פרוי.

— נו, דער מענש טוט זיך אליין מער וויפיל ס'קאנען אים טאן ציען שונאים. וואס האבען זיי דיך געטויגט, הא? זיי וועלען אזוי קריגען דאס געלד אין דער באנק ווי איך וועל ווערען גענעראל־גובערנאטאר. מיט זיי אז מ'רעדט אויס דריי ווערטער, איז מען שוין ביי זיי אויף דער ליסטע. אויף דער סטאווקע גאס האבען זיי ביי א רייכען איד ארויסגעשלעפט דעם לעצטען גראשען און אז ר'האט מער נישט געהאט וואס צו געבען, האט מען אים אוועקגעלייגט.

מאקס האט לאנג געשוויגען.

— איכ'ל דיר שיקען שאשע'ן.

— יא, שיק זי צו. כ'דארף האבען עמיצען אין שטוב. מאיר האט זי ליב ס'לעבען. זי'ט אים פארזיסען די לעצטע טעג. דו נעם ס'פעקעל און ציה'אפ. ווייז דיך נישט אין די גאסן. דארט, כ'האב א געדאנק. לאז דיר וואקסן די בארד און טראג א אידיש היטעל. וואס מיט מאיר'ן קאן דויערן א וואך און ס'קאן דויערן א חודש אויך. מיר זענען אלע אין גאט'ס הענט. דוכט זיך, האסט משפחה אויף דער פראווינץ.

— א שוועסטער, א שוואגער, און אלטע מומע.

— פאר צו זיי. ניין, פאר נישט. די באנדיט קאן אמאל ווייסען אז דו האסט פאמיליע. וואו, האסטו געזאגט, איז דאס געוועלב?

— רימארסקע עק סענאטאר רעדגאס.

— עפעס וועל איך טאן. מען קלינגט אין דער טיר. ס'איז הערץ דאקטאר.

— זיי געזונט, לאה.

לאה האט אוועקגעלייגט דאס טרייבעל. מאקס האט זיך געלאזט ארויסגיין מיט די טרעפ צוריק אין צימער. ס'האט אים געגרימט אין בויך. אן איבעל וואסער איז אים אנגעלאפען אין מויל. יא, מיין סוף איז געקומען, האט ער גערעדט צו זיך אליין. ער האט ערשט איצט באנומען וואס לאה גרייט זיך צו טאן: סליחה'ען די אנארכיסטען. כ'הרג'ע מיך און כ'הרג'ע אנדערע, האט מאקס צו זיך גערעדט. ער האט זיך דערמאנט אין איטע'ן. ניין, איכ'ל נישט ווארטען אויף מאיר'ס לויה. איכ'ל אריבער די גרעניץ נאך היינט ביינאכט. האט מאקס באשלאסען. ער האט שוין איצט אפילו מורא געהאט צו פארען קיין ארגענטינע. די סינדיקאר ליסטען דארט קאנען נאך קריגען א טעלעגראמע פון די היגע. ס'גייט נישט אריבער א חודש זיי האלען נישט עמיצען אפרוימען. לאנדאן איז אויך געפערליך און פאריז אויך. אפשר פארען קיין ארץ ישראל? דער געדאנק האט ביי אים ארויסגערדפען א שמייכעל. כ'על בעטען ביי רחל'ס קבר, אחער ווי הייסט עס דארט? די כותל מערבי. ער האט אויפגעשלאסען די טיר און שאשע איז נאך אלץ געשלאפען. וואויל איז איר, האט מאקס געמורמעלט. ער איז געשטאנען אינבער איר בעט און אויף איר גע־קוקט. א קינד נאך, אבער כ'האב זי שוין אויך אריינגעטאהן אין דער בלאטע. אזוינע זינד קאן גאט נישט שענקען. ווי זאגט מען עס? גאט וואַרט לאנג און שטראפט גוט. ער האט א בוך און יעדער איינער שרייבט אריין די אייגענע עברות מיט חער אייגענער האנט. אויב זי'ט אנהויבען א העצע מיט'ן בלינדען איטשע'ן און מיט זייגע מעסער־שטעכער, בין איך זי אסור נישט מקנא. האט מאקס געטראכט וועגען לאה'ן. ס'וואלט געווען בעסער ווען זי לאזט אלץ איבער און אנטלויפען מיט'ן לעבען. שאשע האט געעפענט איין אויג.

— ביזט שוין אנגעטאן?

— שאשע, דו גייסט צום פעטער מאיר און צו דער מומע לאה — מאקס געזאגט.

— יא? פארוואס?

— די מומע לאה וויל זאלסט איר אביסעל צוהעלפען.

— נו, גוט. דער טאטעשי —

— האב נישט קיין מורא פאר'ן טאטעשי. לאה וועט אויף דיר אכטונג טאן ווי אויף אן אייגענער טאכטער.

— וואס וועסט דו טאן?

— א, איכ'ל זיין אין ווארשע. איכ'ל רעדען צו דיר אויפ'ן טעלעפאן.

— וועסט בא בען דא אין האטעל?

— ניין. איכ'ל מיר זוכען אן ערטעלע ערגיץ אנדערש. הערמאן קיינעם נישט מיין נאמען. די גאנצע זאך מחז בלייבען א סוד.

— גוט.

— טו דיך אן.

— כ'על מיך גיין אנוואשען. קוק נישט!

— נארישע מויד. כ'האב שוין אלץ געזען.

— קוק נישט.

מאקס האט זיך אוועקגעקערט צו דער וואנט. שאשע האט גענומען אויף זיך א הויזראק און שטעק־שיך. דאס צימער האט געהאט אן אפגאס מיט א קראן, אבער שאשע האט געהאט גערן קראגען דעם שליסעל פון א באד־צימער אין קארידאר. הייס וואסער האט מען געמוזט באשטעלען, אבער מ'האט זיך חארט גע־קאנט וואשען מיט קאלט וואסער און אפילו נעמען א שפריץ. ווען שאשע איז ארויס האט מאקס זיך אויסגעצויגען אויף איר בעט אין די מלבושים און די שיך. ער האט זיך נישט גע־האלטען פאר קיין טרוס, אבער סרוליקע'ס און לאה'ס רייד האבען אנגעווארפען אויף אים א שרעק וואס ער האט קיינמאל פריער נישט דורכגעלעבט. די לאגע זיינע איז געווען נישט בעסער ווי מאיר'ס: זיינע, מאקס'עס, טעג זענען אפשר אויך געציילטע. אויב די אב־ראנגע זאל כאפען סרוליקע'ן און אים נעמען אויפ'ן פארהער, וועט ער פאר אלעמען אנווייזען אויף אים, מאקס'ן. סייהען מ'זאל אים פארטיג מאכן פריער. אבער ער, מאקס, איז נישט קיין מערדער. ער האט נאך אין זיין לעבען אפילו קיינעם נישט געשלאגען, אחוץ וואס ער האט אמאל דער־לאנגט א פאטש אן איינגע־שפארטע מויד. ווי וואויל ער האט איצט געטראגען א שנאה אויף די אנארכיסטען, האט ער פונדעסטוועגען נישט געוואלט מ'זאל צוליב אים שיקען צו דער תליה א גאנצע גרופע מענשען, וואס נישט ער קען זיי און נישט זיי אים. ער האט זיך דערמאנט אין איטא'ן. אפשר איר אנקלינ־גען און זי ווארענען? ער האט ערגיץ־וואו געהאט אויפגעשרי־בען איר טעלעפאן־נומער, אבער וואו? איכ'ל נאך היינט פארען קיין מלאווע. איכ'ל נאך היינט מיך אריבערשווארצען די גרע־ניץ, האט ער ביי זיך פונסקיי אפגעפאסט. איכ'ל אפווארטען אין בערלין און זען וואס ס'וועט זיין. איכ'ל מיך היינט נישט האוירען. איכ'ל מיר לאזען אב־וואקסען א בערדל.

מאקס איז העכט נישט גוט האט געשלאפען היינטיגע נאכט און ער האט צוגעשלאסען די אויגען. ער האט כמעט געהאט פארגעסען אין פלארא'ן די לעצ־טע צען אדער צוועלף שעה, אבער איצט האט ער זיך דער־מאנט אין איר. ער האט אפגע־ווארט ביז שאשע וועט זיך אומ־קערן. ער האט געהייסען שא־שע'ן זיך אנטאן. ער אליין איז ווידער ארויס אין פאדערהאל. פלארא האט אים געהאט גע־זאגט, אז פיוועלע שלאפט האט א טעלעפאן. זי געכטיגט ביי אים. מאקס האט געוואלט רעדען צו איר נאך איין מאל — צום לעצטען מאל...

מאקס האט געפונען פיוועלע שעכטער'ס נאמען אין טע־לעפאנבוך. ער האט אנגעקלונגען און העכבייק געטראכט אז וואס ער טוט איצט איז ניט בלויז משוגע און א ווילדער בזיון פאר איהם, מאקס'ן, נאר אז ער טוט זיך דערמיט גרויס שאדען, באדט זיך אריין טיפער אין זומפ. עס האט געקלונגען לאנג און קיינער האט נישט גע־ענטפערט. דערנאך האט מאקס דערהערט א מאנסביליש הייזע־ריג, פארשלאפען און צארענדיג קול:

— פראנשע! ביטע! ווער איז עס?

— כ'בעט אייך: זייט נישט בייז וואס כ'האב אייך אויפגע־וועקט. איך הייס מאקס שפינד־לער. איך פאר אוועק און דארף זאגן פלארא'ן עטליכע ווערטער. זייט אזוי גוט און רופט זי צו. כ'על אייך מער קיינמאל נישט שטערן...

ס'איז געווארען שטיל. נאך א ווייל האט פיוועלע געענט־פערט:

— פלארא איז דא נישטא.

— וואו איז זי? כ'מיין נישט קיין שום שלעכטס. זי האט אייך ליב און כ'ווינטש אייך ביידען גליק. כ'האב בלויז געוואלט איר עפעס זאגען פאר איר אייגענער טובה. ס'האט צו טאן מיט געלט.

ווידער האט פיוועלע לאנג געשוויגען. דערנאך האט ער גע־זאגט שוין מיט א וואך און קלאר קול:

— הארט־צו.

מאקס האט לאנג געווארט. ער האט ערשט איצט דערפילט, אז דאס הארץ זעצט אים. ער האט נישט געוואוסט פארוואס ער האט געמאכט חעם האוויגען שריט און וואס ער האט פלארא'ן צו זאגען. ער איז מער ניט געווען דער מאקס וואס האט געפלאנט פלענער, אויסגערעכנט זאכען, נאר עפעס ווי א מאריא־נעט וואס מחז זיך שאקלען און צאפלען ווען עמיץ ציט ביי א שטריקעל. אויב ער האט עפעס צו זאגען פלארא'ן, וואלען די ווערטער ארויסקומען פון זיך אליין. ער האט אפגעווארט קנאפע פינף מינוט און ער האט נאך אלץ גארניט געהערט. דער־נאך האט ער דערהערט פלא־רא'ס קול:

— נו!

ס'איז געווען א העכערער, בייזער „נו" פון א פרוי וואס האט אויפגעהערט ליב צו האבען און איז געווארען איינגאב־ציען אפגעפרעמדט. מאקס האט געזאגט (און גלייכצייטיג זיך צוגעהערט צו די אייגענע רייד):

— פלארא, כ'בין דיר נישט געקומען שטערן. איך בין א טויטער, און א טויטער דארף ליגען אין זיין רו און נישט באלאמוטשען די לעבעדיגע. אבער מיר זענען האך פאהט נישט אינ־גאנצען קיין פרעמדע — —

— וואו ביזטו? — האט פלארא געפרעגט.

— וואו כ'בין, בין איך. ס'קען זיין אז כ'רעד צו דיר פון יענער־וועלט!

— וואס ווילסטו? האסט גיט געווארפט אהער קלינגען.

— כ'טו אלץ וואס כ'דארף נישט. כ'וויל דיר זאגען, אז איך בין נעכטען געווען אין טעאטער און דיך געזען מאכען פראבע. אלע טירען זענען געווען אפען און כ'בין אריינגעגאנגען. כ'בין געזעסען אין דער פינסטער און דיך געזען אין דער ליכטיג. איך האב געהערט ווי דו האסט איבערגע'חזר'ט אפשר צען מאל: ראובן, דו האסט צחפיל גלויבען אין דער ארבעטענדיגער מענשהייט... לבדוד, לבדוד, לבדוד... איך בין געזעסען, געקוקט און ס'האט זיך מיר געדובט, אז כ'בין אין קבר און זע דיך פון דארט. כ'בין פריער געווען אין א רעדאקציע און גערעדט מיט א שרייבער, זעהר א גרויסער פילאזאף, און ער האט מיר געזאגט, אז גאט איז א שלעכטער. דאס זענען זיינע ווערטער. ווען ער האט עס מיר געזאגט האב איך געטראכט: אויב גאט איז א רשע, פארוואס טאר איך נישט זיין קא' רשע? שרייבען שרייבט ער פונקט פארקערט, אבער דאס איז דערפאר ווייל ער דארף פאר־דינען דאס שטיקעל ברויט —

— זיי אזוי גוט און רעד קלארע דיבורים: וואס ווילסטו?

— פלארא, לאז מיך אויס־רעדען. איך רעד איצט צו דיר ס'לעצטע מאל און דאס איז ווי א קראנקער וואס זאגט ווידוי. נאך דעם ווי דער שרייבער האט אזוי מיר געזאגט, בין איך פאר־ביי דאס טעאטער „עליזעאום" און בין אריין. דו ביזט געשטאנען נעבען פונקט קעגען מיר און אין קעשענע ביי מיר האט געשטעקט אן אנגעלאדענער שפייער. איך האב געקאנט טאן א קוועטש ביים ציינגעל און דו וואלסט איצט געווען נאך טיפער וואו איך בין איצט. פריער מיט א פאר וואכען האט אן אנארכיס־טין מיר געזאגט, אז מ'דארף דאס ווארט „פארברעכען" אויס־מעקען פון די ביכער. וואס מען וויל טאן, מעג מען טאן. מיין אייגען לעבען איז ביי מיר מער נישט טייער און כ'האב געהאט גרייט א קויל פאר מיר אויך. אבער עפעס א קראפט האט מיך אפגעהאלטען. כ'האב געהערט ווי מיין טאטע עליו השלום זאגט: אלץ יא, נאר בלוט פארגיסען, דאס נישט. כ'האב געהערט די ווערטער ווי ער וואלט געשטאנען נעבען מיר —

— ווילסט כ'זאל דיר דאנ־קען?

— ניין, כ'וויל נישט זאלסט מיר דאנקען.

(פארזעצונג קומט)

# די געסט

## (נאוועלע)

פון **יצחק באשעוויס**

(פארטזעצונג)

— וואס ווילסטו? אלץ איז געווען צווישען אונז גוט און פיין — האט פלארא גערעדט.

— האסט געזאגט אז ביזט פארנומען און וועסט צוריקקומען שפעט. איך בין אוועק צו לאה'ן און שפעטער אז כ'בין געקומען צום האטעל האב איך געטראפען מיין גאנצע משפחה אין גאס. פון דאמאלס אז ביזטו פארשוואונדען ווי א שטיין אין וואסער און האסט מיטגענומען דאס מיידעל, ווי הייסט זי? שאשע. אויב דו האסט די שאשע'ן אזוי ליב אז דו האסט מיך געמוזט איבערלאזען צוליב איר, פארוואס האסטו דאס מיר נישט געקאנט זאגען? איך וואלט דיך מיט געוואלד נישט צוגעהאלטען. מיר האבען זיך געקאנט פונאנדערגעהן לייטיש און ווי פריינד, נישט אויף אזא שטייגער און —

— פלארא, ס'איז נישט שאשע.

— נישט שאשע? ווער דען? די פינטשטוער רביצין?

— כ'האב מיך דערוואוסט אז האסט מיך גענארט די אלע יארען. מיך גענארט ווי כ'וואלט געווען א קינד פון זעקס יאר.

— וואס גענארט?

— דו ווייסט וואס.

ס'איז געווארען שטיל.

— נו, גוט. וואס ווילסטו איצט?

— פארוואס האסטו דאס מיר געטאן, הא?

—כ'האב מורא געהאט אז ס'עט מיר שאדטען צום צום שידוך.

פלארא האט געטאן עפעס אזויגס ווי א הוסטעל און א לאך. זי האט ווייטער גערעדט:

— פייוועלע שעכטער האט אלץ געוואוסט, אבער ער איז א מאן, א מענש א דערוואקסענער, מיט פארשטאנד, און ער האט געקאנט מיין לאגע און אלץ ארום. אים האב איך נישט געדארפט נארען און נישט געקאנט נארען. ער האט מיך פון דארט ארויסגענומען. ער הערט וואס איך זאג און ער'ט זיך האלטען גרויס, אבער ער מעג זיך גרויסען. דו ביזט קיינמאל נישט אויפגעוואקסען. דיין בעסטער פריינד מאיר סמעטענע האט עס מיר אליין געזאגט. ער האט דיך אנגערופען א אינגעל, א „מאלטשישעק“. דאס זענען זיינע ווערטער. דו ווילסט אלעמען קאליע־מאכן, אלעמען פארשמוצען און פאר'חזיר'ן, אבער דיין ווייב זאל זיין א הייליגע צנועה. כ'האב עס געוואוסט און געטראכט אז ווי באלד דו ווילסט א צנועה, וועל איך דיר געבען א צנועה — דו גולם, דו היפאקריט. האלסט וויסן אז מ'ווייסט שוין אין ארגענטינע וואס דו האסט אפגעטאן און מ'לאכט אויס דיך. מ'האט געלאכט די אלע יארען. כ'האב אויך געלאזט שרייבען צו אן אדוואקאט וואס וועט זעהן אז מ'זאל ביי מיר נישט אלץ צונעמען. קום בעסער נישט קיין בוינעס איירעס, ווייל מ'וועט דיך דארט איינזעצן אין חד־גדיא און וועסט פילען לעבעדיגערהייט! אלץ וואס דו האסט דארט איז מיין! און דא, אז מ'וועט דיך כאפען וועסטו געהן אויף קאטארגע פאר פארפירען א — ווי רופט מען דאס?

— א קינד. יא, א מינדעריעריגע. ווען נישט פייוועלע, וואלט איך שוין לאנג געהאט מיך אויפגעהאנגען אדער מיך אפגעסמ'ט. ער'ט פארדינט כ'זאל וואשען זיינע פיס און טרינקען ס'וואסער.

— איז דאס אלץ וואס דו האסט מיר צו זאגען?

—יא, דאס איז אלץ. זאג מיר וואו דו ביזט.

— צו וואס? האלסט קומען צו מיר מיט פאליציי?

— האסט עס כשר פארדינט, נאר כ'על נישט קומען מיט קיין פאליציי.

— ווי באלד דו ביזט אזוי גליקליך, צו וואס דארפסטו וויסען וואו איך בין? פייוועלע שעכטער קאן נאר ווערען אייפערזיכטיג.

— דו זארגסט נישט פאר פייוועלע שעכטער. דו ביזט נישט ווערט זיין נאמען צו דערמאנען.

מאקס האט אפגעווארט.

כ'בין אים נישט קיין שונא. כ'האב אים נעכטען געזעהן רעפעטירען און ער איז א גוטער אקטיאר. די פיעסע אליין טויג נישט און דו, פלארא, ביזט א קנאפע אקטריסע. זיי נישט ביין. כ'בין נישט קיין קריטיקער, אבער דו ווייסט און לעווינזאהן ווייסט אויך אז כ'בין א מבין אויף שפילען.

— לעווינזאהן האלט דיך פאר א יאלד.

— אוודאי, אז מ'שלאפט מיט יענעמ'ס ווייב, איז דער מאן א יאלד.

מאקס האט דערהערט א שארכעניש, א שושקעניש, א גערעדער. פלארא האט א זאג געטאן:

— מאקס, ווארט א רגע. לייג נישט אוועק ס'טרייבל.

— נו, גוט.

פייוועלע און פלארא האבען זיך, ווייזט אויס, וועגען עפעס דורכגערעדט, געשפארט, אדער אפילו זיך געאמפערט. מאקס האט פארנומען אפגעהאקטע ווערטער, א שעפטשעניש, א שיפעניש. פלארא האט געטאן א געשריי און מאקס'ן האט זיך איצט אויסגעדוכט אז ער האט דערהערט א קלאפ אדער א פאטש. ער איז געשטאנען א פארציטערטער און ה'האט געשטיקט אין האלז. ווידער האט ער דערהערט א געשריי פון פלארא'ן און באלד דערנאך פייוועלע'ס קול. ער האט אזוי הויך געשריגען אז מאקס האט געמוזט אפרוקען דאס טרייבל פון אויער.

— פאניע מאקס, כ'האב געהערט אלץ וואס איר האט געזאגט. כ'דאנק אייך פאר לויבען מיין שפילען. איר זענט גערעכט אז די פיעסע טויג אויפ'ן פייער און איך האב היינטיגע נאכט באשלאסען אין איר נישט צו שפילען. כ'וויל איר זאלט וויסען נאך עפעס: צווישען מיר און אייער פלארא'ן איז אלץ געענדיגט. איר קאנט זי האבען צוריק צו יעדער צייט. אוועק! לאז מיך אויסרעדען! — האט פייוועלע געשריגען, ווייזט אויס צו פלארא'ן. — כ'האב זי דאמאלס נישט געוואלט און כ'וויל זי איצט אויך נישט. ס'איז אלץ אויף מיר ארויפגעצוואונגען. לאז מיך!.. ביין! לאז־אפ! נא!...

פייוועלע האט איבערגעריסען אויף א ווייל און דערנאך געזאגט:

— צי זי האט אייך גענארט אדער נישט, איר האט געלעבט מיט איר די אלע יארען. זי איז וואס זי איז, אבער איר זענט דאך אויך פון זעלבען מין. כ'באשווער אייך, נעמט זי צוריק. איך ווארף זי ארויס, און אויב זי'ט נישט געהן, וועל איך אנטלויפען. כ'קאן נישט זיין מיט איר צוזאמען. נישט מיט איר און נישט מיט קיינעם. ווען סארא בערנהארד קומט צו מיר, וואלט איך זי נישט געוואלט. גאט איז מיין עדות אז כ'זאג דעם אמת.

— וועמען ווילט איר?

— קיינעם נישט. אבסאלוט קיינעם נישט. אלע ווייבער האבען זיך מיר צוגעגעסען ווי א ביטערע ציבעלע.

— אפשר מיר אויך?

— כ'בעט אייך, נעמט זי צו. איך געה אוועק די מינוט און כ'על מעהר קיינמאל נישט צוריקקומען — נישט אויב זי וועט דא זיין! זייט מיר מוחל! ס'איז נישט איר שולד. זי האט אייך ליב, דאס איז דער אמת. זי איז משוגע פון בענקשאפט צו אייך. אדיע.

ס'איז געווארען שטיל און דאסמאל האט די שטילקייט געדויערט אפשר צעהן מינוט. אבער מ'האט דארט נישט געהאט אוועקגעלייגט דאס טרייבעל. מאקס האט געהערט שארכען, צוגעדושעטע ווערטער און ווידער עפעס וואס האט אפגעהילכט ווי קלעפ.

— וואס איז דאס אלץ? וואס טוט זיך דארט? — האט מאקס אריינגערעדט אין טרייבל. קיינער האט נישט געענטפערט. צום גליק האט קיינער דא נישט געווארט אויפ'ן טעלעפאן. דער קלערק אקעגנאיבער האט געקוקט גלייך צו אים, מאקס'ן, מיט דער גלייכגילטיגקייט פון האטעל־באאמטע וואס זענען געוואוינט צו אלע סארטען מענשען, לשתנות און טועכצער. איכ'ל ווארטען נאך פינף מינוט, האט מאקס באשלאסען. ער האט געכאפט א בליק אויפ'ן זייגער. ער האט זיך צוגעקוקט ווי דאס קליינע ווייזערל, דאס סעקונדענע ווייזערל, טיקט־אויס די רגע'ס. ער האט זי דער'הרג'עט אדער וואס? און זי האט אים ערשט נאר אזוי געלויבט. אלץ אין מאקס'ן איז געווען אנגעשפיצט. ער האט געווארט אויף איר קול. צוויי מינוט און צעהן סעקונדען זענען געהאט אריבער. מאקס האט דערהערט פלארא'ס קול.

— מאקס? ביזט נאך דארט דא?

— יא, כ'בין דא.

— מאקס!

און ס'איז ווידער געווארען שטיל.

— פלארא, וואס איז געשעהן?

— האסט געהערט וואס ס'איז געשעהן.

— ער איז אוועק? — האט מאקס כמעט געשעפטשעט.

— יא, ר'איז אוועק.

— לויט ווי דו האסט אים גע'חנפ'עט, האב איך געמיינט אז דו ביזט ביי אים אין גן־עדן.

— מאקס, אויב דו ווילסט דיך מיט מיר רייצען, רייץ דיך. דו ביזט אויפ'ן פערד און איך בין א געשלאגענער הונט — טויזענט מאל ערגער ווי דער ערגסטער הונט. כ'בין אזוי געשלאגען אז ווען עמיץ שטעכט אין מיר אריין א מעסער, וואלט איך אויסגעפאלען פאר אים און געקושט זיינע פיס. מעהר קאן איך גארנישט זאגען.

— וואס איז דאס געשעהן פלוצלינג?

— ס'איז נישט פלוצלינג. דער חודש — אדער ווי לאנג ס'איז זינט דו האסט מיך איבערגעלאזט — איז געווען א גיהנום. אין קיין ערגער גיהנום בין איך קיינמאל נישט געווען און וויל מעהר קיינמאל נישט זיין, ווייל עפעס ערגערס קאן נישט זיין.

— האסט אים ערשט אזוי געלויבט.

— וואס האב איך געזאלט טאן? ער איז געשטאנען און זיך צוגעהערט. דו ביזט א אינגעל און ער איז א דערוואקסענער. דאס איז ער, אבער ער איז משוגע. די פיעסע האט אים די רעשט משוגע געמאכט. מאקס, די רייד זענען איבעריג. כ'וויל איין זאך, שטארבען. הלוואי וואלסטו נעכטען אין מיר אריינגעשאסען די קויל, וואלסטו געטאן די גרעסטע מצווה.

— כ'בין נישט געקומען קיין ווארשע טאן מצווה'ס.

—מאקס, כ'בין א בליאד, א ליגנער, אלץ אין דער קארט. דו ווייסט שוין אלץ און ס'איז מעהר נישטא וועגען וואס צו רעדען. ביזט גערעכט. כ'בין א שלעכטע אקטריסע פאר א צולאג. אין די אלע יארען האב איך מיר איינגערעדט, ווען איך גיי צוריק ארויף אויף דער בינע, וואלט איך געווארען ווער ווייסט וואס. דאס איז אויך אויסגערונען. די ווערטער זענען מיר געבליבען שטעקען אין האלז און כ'האב זיי נישט געקאנט ארויסרעדען. ס'איז אויפגעקומען עפעס א נייער אידיש, גענומען פון די ביכער, און כ'האב מיך שיער נישט דערווארגען. ער האט געוואלט זיין צו מיר גוט — דאס איז דער אמת. אבער ווען מען איז אליין אויף געהאקטע צרות, קאן מען נישט זיין גוט צו עמיצען אנדערש. צו וואס האסטו געקלונגען? ביזט שוין מיד פון שאשע'ן אויך?

— יא, כ'בין מיד.

— אויב דו ווילסט א שטיק מיסט, קאנסטו מיך האבען. איך וויל בלויז זאגען נאך איין זאך: איצט, אז כ'בין ווידער געווען מיט אים, ווייס איך אז כ'האב קיינמאל קיינעם נישט ליב געהאט אחוץ דיך. אזוי ווי כ'האב דיך געזידעלט און דיר געזאגט די אלע בייזע ווערטער, אזוי האבען די קישקעס מיר זיך שיער נישט איבערגעדרייט פון בענקשאפט צו דיר. ער האט עס געזען און דעריבער איז ער אנטלאפען. ער וואלט אנטלאפען סיי־ווי־סיי. כ'ווייס אז דו גלויבסט מיר נישט, און פארוואס זאלסטו מיר גלויבען? קיין גרעסערע ליגנערין און טשאקערין פון מיר איז ניטא. אבער דער ערגסטער ליגנער זאגט טיילמאל אן אמת ווארט.

— יא, יא.

— וואס ווילסטו?

— דיך.

— איז דאס אמת?

— צום באדויערן איז עס אמת.

— קום, נעם מיך.

— ניין, דו קום צו מיר — האט מאקס געזאגט.

— ווען? וואו? פון היינט אז וועל איך זיין דיין הונט און דו קאנסט אן מיט מיר וואס דו ווילסט. קאנסט האבען איין הונט, און אויב דו ווילסט א סך הינט, האב א סך הינט. אויב דו ווילסט מיך דער'הרג'ענען, דער'הרג'ע. כ'רעד צו גאט, ניט צו דיר: יעדע רגע אן דיר איז געווען ביטערער ווי דער טויט.

— ווארט, לאמיך איבערטראכטען. שאשע גייט זיין ביי לאהן. כ'שיק זי צוריק. נישט אויף שטענדיג, נאר אויף דערווייל. זי איז א קינד און ווי לאנג קאן מען זיך שפילען מיט א קינד?

— וואו ביזטו?

— דאס וועל איך דיר נישט זאגען.

— פארוואס נישט?

— קאנסט נאך קומען צו מיר מיט א כאפטע פאליציאנטען.

— הא? נו, יא, ביזט גערעכט. כ'וואלט דיך געשווארען, אבער ווי קאן מען אזא ווי מיר גלויבען אויף א שבועה? מאקסעלע, אפשר איז דא אזא שבועה, וואס אפילו פלארא וועט נישט ברעכען? כ'על קיינעם נישט ברענגען. כ'וויל גארנישט מער ווי דו זאלסט מיך אריינעמען אין דיינע לאפעס. וואס וויל איך האבען דערפון וואס מען וועט דיך אוועקנעמען פון מיר?

— לאמיך איבערטראכטען. נו, גוט. כ'בין אין האטעל קראקאווסקי איכ'ל אוועקשיקן שאשע'ן און אין א צוויי שעה ארום קום ארויף.

(פארזעצונג — פרייטאג)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון
**יצחק באַשעוויס**

(פאָרזעצונג)

— מאַקסעלע, איך'ל מיך צוזשטעפּען צו דיר און זיך מער קיינמאָל נישט אָפּטשעפּען. קאָנסט מיך באַשטראָפען. איך'ל אַלץ נעמען פאַר ליב. איך'ל טאָן פאַר דיר זאַכען וואָס קיין שום מענטש האָט קיינמאָל נישט געטאָן.

— וואָס וועסטו טאָן?

— איך'ל טאָן.

מאַקס האָט נאָך גערעדט מיט איר אַ פּאָר ווערטער. ער איז אַרויף צוריק אין צימער און שאָשע איז שוין געווען אָנגעטאָן. זי איז געשטאַנען אין מיטען שטוב און געוואַרט. מאַקס האָט געזאָגט:

— געה צו מאיר'ן, אָבער לאָז נישט דיין טאַטע'ן דיך צונעמען. דו ביזט מיינע.

— קיינער וועט מיך נישט צונעמען. כ'בין דיינע.

— פלאָרע קומט צוריק צו מיר און אין אַרגענטינע וועט זי זיין צו דיר ווי אַ מאַמע און אַ שוועסטער. מיר זענען שלעכטע מענטשען, אָבער מיר קאָנען אויך זיין גוט.

— דו ביזט נישט קיין שלעכטער.

— איך'ל דיר טעלעפאָנירען יעדען טאָג. לאה וועט אויף דיר אכטונג טאָן בעסער ווי די בעסטע מאַמע.

שאָשע האָט איינגעפּאַקט אַ רענצעלע. מאַקס איז אַוועק מיט איר אין אַ קאַפע עסען אָנבייסען. ווער ווייסט צי כ'על זי נאָך זען פאַר מיינע אויגען? — האָט ער געטראַכט. איצט אַז ער האָט זי אַוועקגעשיקט, האָט איהם פּונסביי אָנגענומען אַ ליבשאַפט צו דעם דאָזיגען ערליכען און ריינעם קינד. ווער ווייסט? איך'ל אפשר די פלאָרא'ן דערהרג'ענען — האָט ער געטראַכט. קיין גוטס וועט פון דער גאַנצער בהלה נישט אַרויסקומען. נאָך אָנבייסען האָט ער אָפּגעשטעלט אַ דראָשקע און געהייסען שאָשע'ן איינזיצען. מאַקס האָט געזאָגט דעם פורמאַן וואו צו פאָהרען. ער האָט געוואָלט געגעבען שאָשע'ן עטלעכע צענדליג רובל. זי האָט נישט געוואָלט נעמען ביי אים קיין געלט, אָבער ער האָט גוטמוטיג אויף איר אָנגעשריגען און זי געקושט. ווען די דראָשקע איז אַוועק, האָט מאַקס'ן אָנגענומען אַ געמיש פון כעס, טרויער און אַ געפיל פון געפאַלענקייט. אויב כ'קאָן צוריק נעמען אַזאַ שטיק טנופת ווי פלאָרא, בין איך מער נישט קיין מענטש, האָט ער צו זיך גערעדט. ער איז געגאַנגען איבער די גאַסען אַליין נישט וויסענדיג וואו ער געהט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי שויפענסטער און געקוקט, אָבער ער האָט רעכט נישט באַנומען וואָס ער זעהט. ער איז געהאַט אַוועק אין דער ריכטונג צו דער טוואַרדע און ער איז פאַרביי אַ בית־מדרש: ר' אהרן סאַרדינער'ס בית־מדרש. ער האָט געזעהן בחורים אַריינגעהן מיט גמרא'ס אונטער די אָרעמס, מיט לאַנגע פאות און בערדלעך. אפשר זענען זיי גערעכט? זיי דינען גאָט... מאַקס האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער געדאַנק זיינער האָט זיך ביי אים אויף עפּעס ווי אָפּגעשטעלט. אויב ס'איז נישטאָ קיין גאָט, וועמען דינען זיי? און אפשר איז יאָ דאָ אַ גאָט, נאָר ער האַלט מיט די גויים, נישט מיט די אידען? מאַקס האָט געכאַפּט אַ בליק אויפ'ן זייגער. ער האָט באַשלאָסען צו לאָזען פלאָרא'ן וואַרטען אויף אים. ער וועט פאַרבייגעהן דעם האָטעל אויף דער אַנדערער זייט גאַס און כאַפּען אַ בליק צי זי האָט נישט אַמאָל געבראַכט מיט זיך פּאָליציי. אויף אַזאַ נידעריגער זאַך קאָן מען אַלץ גלויבען...

און די אַלע יאָרען האָט ער, מאַקס, געפּראָוועט אויף זיין אייגענעם שטייגער זיך אַרויסהייבען פון דער אונטערוועלט. ער האָט געהאַט אַ פאַבריק. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז פלאָרא איז אַ באַלעבאַטישע פרוי. ער האָט זיך געחבר'ט מיט אַ טעאַטער־אונטערנעמער. אָבער איצט זיינען אַלע זיינע איינרעדענישען זיך צעפאַלען. ער איז געזונקען טיפער אין שמוץ פון אַלע אַנדערע.

ער האָט זיך געלאָזט געהן צום האָטעל קראַקאָווסקי. אַגעגנאַיבער, ביים אַריינגאַנג האָט געוואַרט פלאָרא. אויף ווי ווייט ער האָט געקענט זעהן, האָבען דאָ ניט געלויערט קיין פּאָליציאַנטען. ער איז געשטאַנען און געגאַפט אויף איר. ער האָט עס נישט באַמערקט ווען ער האָט זי געזעהן אויף דער בינע, נאָר זי איז געהאַט געוואָרען אָפּגעמאַגערט און עפּעס ווי געעלטערט. אפשר אַמאָל פאַרבייגעהן און זי לאָזען שוויצען? — איז אים איינגעפאַלען. ער האָט געקאָנט, אויב ער האָט געוואָלט, זי לאָזען וואַרטען ביז איבערמאָרגען. נו, וואָס וועט אַרויסקומען פון אַזאַ נקמה? ער איז אַליין. ער דאַרף רעדען צו עמעצן. איצט, אַז מאיר שטאַרבט, האָט ער, מאַקס, מער קיינעם ניט אין וואַרשע. ס'האָבען געוואַרט אויף אים קרובים אויף דער פּראָווינץ, אָבער ער האָט ניט געהאַט דעם מינדסטען חשק אויסצוהערן זייערע קלאָגענישען וועגען קינדער, שידוכים, פרנסה. ער איז צוגעגאַנגען צו פלאָרא'ן און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל. זי האָט געטאָן אַ געשריי און אַ צאַפּל.

— מאַקס!

5.

מאַקס האָט געפּאַטשט פלאָרא'ן און נאָך יעדען פּאַטש האָט זי אָנגעכאַפּט זיין האַנט און געקושט. ער האָט געפליאַסקעט מיט אַזאַ כוח אַז ער האָט זיך דערשראָקען פאַר דעם וואָס ער טוט. ער קאָן איר נאָך אויסהאַקען די ציין. ער קאָן זי נאָך מאַכען בלינד. נאָך אַ ווייל האָט ער זי אויפגעהערט שלאָגען. ער האָט זי געטאָן אַ וואָרף אויפ'ן בעט און זי איז געבליבען ליגען מיט אַ פאַרשאַרצט קלייד, אַ געשלאָגענע זונה. זי האָט נישט געוויינט, אָבער דאָס פּנים איר'ס איז געוואָרען נאַס און עפּעס ווי האַלב־פאַרשמירט. נו, איך בין אָפּפאַל און זי איז אָפּפאַל, האָט מאַקס געטראַכט. מיר געהערען איינער דעם אַנדערען... ווי־וואויל ער איז ערשט נישט לאַנג געהאַט אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך אויסגעטאָן. ער האָט אַ זאָג געטאָן צו פלאָרא'ן:

— טוה דיך אויך אויס.

זי האָט געטאָן אַזוי ווי ער האָט געהייסען. ער האָט באַמערקט, אַז זי האָט געטראָגען זיידענע וועש. איך'ל זי באַלד דערהרג'ענען, האָט ער געטראַכט. אָבער דערווייל לאָמיך זי האָבען... אַ שטאַרקע לוסט, אַזאַ ווי ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט צו שאָשע'ן, האָט אים אָנגענומען צו דער דאָזיגער פאַרהעטערישער נקבה, צו דעם דאָזיגען טליק, וואָס האָט זיך אויסגעוואַלגערט אין אַלע בלאָטעס, אים פאַרשעממט און באַשפּיגען פאַר אַלע זיינע פריינד. ער איז זיך באַגאַנגען מיט איר ווי זי וואָלט נישט געווען קיין לעבעדיגע נאָר עפּעס אַ שטיק נבלה וואָס האָט אויפבאַהאַלטען די כוחות פון לעבען. זיי האָבען זיך באַהאַפטען אָהן אַ וואָרט. מאַקס'ן האָט זיך געדוכט, אַז ער פיהלט עפּעס נייעס אין אירע צאַפּלענישען און וואָרפענישען. פיוועלע שעכטער האָט, ווייזט אויס, זי אויסגעלערנט נייע קונצען. סאַי מאַקס האָט געגאָסען, סאַי ס'האָט אים געקעלט. ער האָט זיך אַליין פאַרגליכען אין געדאַנק צו אַ הונגעריגען, וואָס עסט פאַרפוילטע שפּייז ווייל ער קאָן מער נישט באַהערשען דעם הונגער. פאַר אַ לאַנגער ווייל האָט ער אויפגעהערט טראַכטען און זיך אינגאַנצען איבערגעגעבען דער תאווה צו לייב. ס'איז געווען עפּעס אַזוינס ווי אַ סאַטיספאַקציע אין דעם געדאַנק, אַז ער איז געפאַלען אַזוי נידעריג ווי מ'קאָן נאָר פאַלען און אַז טיפער קאָן ער מער נישט זינקען.

נאָך דעם ווי ער האָט — זאָל זיין אויף אַ ווייל — זיך מיט איר אָנגעזעטיגט, האָט ער זיך אויפגעזעצט און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט זיך האַלב אָנגעלעהנט אויפ'ן קישען. איבערדרויסען איז געווען העלער טאָג; מענשען האָבען געאַרבעט, געהאַנדעלט, געלאָפען, געשמאַיעט; טראַמוואַיען האָבען געקלונגען, דראָזשקעס האָבען געקלאַפּט מיט די רעדער — אָבער ער, מאַקס, איז געלעגען אין בעט מיט אַ פאַרהעטעריש ווייב, וואָס ער וועט נאָך אפשר הייַנט דערהרג'ענען. ער וועט מסתמא מאַכען אַן עק צו זיין לעבען אויך. יענע, אין גאַס, האָבען געלעבט מיט האָפענונגען, געבויט, געשאַפען, דערצויגען קינדער, געזוכט תכליתים, אָבער ביי אים, מאַקס, איז אַלץ אויף דערווייל. ער לעבט בלויז מיט דער שעה, דער מינוט, ווי אַ חיה. ער האָט טיף אַריינגעצויגען דעם רויך פון פּאַפּיראָס און זיך צוגעהערט צו זיין אַראָמאַט. ער האָט דערפילט עפּעס אַזוינס ווי הונגער. ער האָט געפרעגט פלאָרא'ן:

— ווילסט פרעסען, האַ?

— ניין, מאַקסעלע.

— וואָס ווילסטו?

— בלויז דיך.

— איך'ל דיך נאָך הייַנט דערהרג'ענען — האָט מאַקס געזאָגט.

— אויב דו וועסט דערהרג'ענען, וועט זיין דערהרג'עט — האָט זי געענטפערט — אָבער דערווייל בין איך מיט דיר.

— דו האָסט אַוודאי אַזוי גערעדט צו פיוועלע'ן אויך.

פלאָרא האָט נאָכגעקלערט.

— ער האָט נישט געזאָגט, אַז ער וועט מיך דערהרג'ענען.

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— אַ, ער האָט נישט קיין רו. די אַמביציע הרג'עט אים. ער וויל ווערען דער גרעסטער אַקטיאָר אין דער גאַנצער וועלט, אָבער ווי אַזוי וועט ער דאָס באַווייזען? אַלץ פון שפּילען אין באַמבערג'ס פּיעסען? ער איז שוין נישט אַזוי יונג אויך. ער איז אַריין אין אַ טעמפּען ווינקעל — אַזוי רופט ער דאָס, און ער וויל זיך אַרויסרייסען. ער האָט אויסגעלאָזט די גאַנצע יוכע צו מיר. ווי קאָן איך אים העלפען? ער האָט גערעדט אַזוינע רייד אַז ס'איז מיר די גאַנצע צייט געווען פינסטער און ביטער. גלויב מיר, מאַקסעלע, אַז ס'איז נישט אַריבער אַ טאָג איך זאָל אויף מיר נישט בעטען דעם טויט.

— ער'ט דיך געשלאָגן אויך?

— געשלאָגען? ניין. בלויז איין מאָל האָט ער מיר געטאָן אַ פּאַטש.

— אַ פּאַטש? פאַרוואָס?

— אַ, כ'געדענק שוין נישט. וואָס איז ביי מיר אַ פּאַטש? מיך אַז מ'שלאָגט, אַרט מיך נישט. דער טאַטע עליו השלום האָט מיך געפּאַטשט און די מאַמע האָט געקנייפּט און דערנאָך האָט מען מיך אויך נישט געשאָנעוועט. ביי מיר קריגען אַ זעץ איז ווי ביי דיר אויסרייכערן אַ פּאַפּיראָס.

— דער מאַטשאַרניק אין דעם נפקא־בית האָט דיך אויך געשלאָגען?

— וואָדען? נישט?

— פאַרוואָס?

— אַ, ביי זיי איז נישטאָ קיין פאַרוואָס. אַז זיי פאַלען אַריין אין דער רציחה, צעלאָזען זיי די הענט.

— איך האָב דיך נישט געשלאָגען.

— האָסט יאָ געשלאָגן, אָבער נישט גענוג. דו, אַז דו האָסט געשלאָגען, איז אַלע מאָל געווען פאַרוואָס. דיינ'ס אַ פּאַטש איז ביי מיר ליבער ווי זייערע קושן. הלוואַי וואָלסטו מיך געשלאָגען צען מאָל אין טאָג, אָבער מיך געלאָזט זיין מיט דיר.

— דו'סט נישט זיין מער אַליין. שאָשע וועט זיין מיט אונז און אפשר לאה אויך.

— נעם וועמען דו ווילסט. איך'ל זיי אַלע באַדינען. דו וועסט ליגען מיט זיי אין בעט און איך'ל דיר צוטראָגען קאַווע מיט פוטערגעבעקס.

— האַ? וועסט נישט זיין אייפערזיכטיג?

— בלויז אַז כ'וועל קאָנען דיין פּנים אָנקוקען, וועט שוין זיין פאַר מיר גענוג.

— ניין, פלאָרא. איך'ל דיך דערהרג'ענען.

— בעסער אַז דו זאָלסט דערהרג'ענען, איידער אַז אַנדערער זאָל מיך טראָגען אויף די הענט.

די ווערטער אירע האָבען אַרויסגערופען אין מאַקס'ן באַנייטע לוסט. ווען שאָשע קאָן אַזוי רעדען! — האָט מאַקס געטראַכט. אָבער זי קאָן נישט און וועט קיינמאָל נישט קאָנען.

מאַקס איז געבליבען ליגען שטיל. וואָס פלאַפּל איך אַזוי פיל וועגען דערהרג'ענען? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט — איך'ל קיינעם נישט דערהרג'ענען. כ'וואָלט נישט געקאָנט אפילו דערהרג'ענען אַ ציג... אָבער אויסלעבען די יאָרען מיט אַזאַ פאַלש שטיק איז אויך ביטער. נו, איך'ל געפינען אַ געלעגענהייט איר אָפּצוצאָלען. אין אַרגענטינע ווערן זיי פרי אַלט... אַלערליי נקמה־פאַנטאַזיעס זענען דורכגעלאָפען זיין מוח. פלאָרא איז קראַנק, ליגט פאַראַליזירט און ער פאָרט זיך מיט שאָשע'ן, מיט לאה'ן, מיט אַנדערע אין אירע אויגען. וואָס מ'שטיינס־געזאָגט איז אַ מענש? מיט אַ נאָדל, אַ פּערמעסערל, אַ פיל מאַכט מען אַן עק צו אים. דאָס קבר וואַרט אויף אַלעמען. גלייך פלאָרא וואָלט געלייענט זיינע געדאַנקען, האָט זי געזאָגט:

— כ'ווייס אַז דו וועסט מיר קיינמאָל נישט מוחל־זיין. אָבער בעסער כ'זאָל ליידען ביי דיר איידער מיקלאָמפּערשט זיין גליקליך מיט אַנדערע.

— ווען דו וואָלסט מיר געזאָגט דעם אמת באַלד פון אָנהויב!

— כ'האָב נישט געקאָנט, מאַקס. כ'האָב געוואָלט יענע יאָרען אָפּווישען. אָבער מ'קאָן גאָרנישט אָפּווישען. אַלץ קומט צוריק. ווען מיר זענען געקומען קיין אַרגענטינע, האָב איך געמיינט אַז אויף יענער זייט ים איז ווי אויף יענער־וועלט. אָבער צו מיין אומגליק האָט מען מיך דאָרט דערקענט.

מאַקס האָט זיך אָנגעשפּיצט.

— ווער האָט דיך דערקענט?

— ס'זענען געווען עטליכע. זיי זענען פריער געווען מיט מיר. איינע פון זיי האָט דערציילט לעווינזאָנ'ען.

— אַהאַ.

— ווען איינער ווייסט, ווייסען אַלע, און ווען אַ פרוי האָט זיך אַזוי געפירט, האָט יעדער אין איר אַ קונה. זיי האָבען געסטראַשעט, אַז אויב כ'וועל ניט זיין מיט זיי, וועלען זיי דיר דערציילען. ס'איז געוואָרען אַ גיהנום און כ'האָב געמוזט שווייגען. אין אָנהויב האָב איך געמיינט אַז אַזוינע זאַכען וועלען דיך ניט צושטאָרען. אָבער כ'האָב באַלד געזען אַז דו ביזט אייפערזיכטיגער פון אַלע אַנדערע. דו מעגסט אַלץ, אַנדערע טאָרען גאָרנישט.

— דו מעגסט שוין אויך. מער ווי דו האָסט מיך פאַרשעמט, קאָנסטו מער נישט פאַרשעמען.

— וואָס, ווילסטו, זאָל איך טאָן? אויפשניידען דאָס האַרץ און דיר געבען צו טאָן אַ לעק? גלויב מיר. וואָלסט דיך נישט אָפּגעזאָמ'ט.

(פאָרזעצונג — מאָרגען)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון
יצחק באַשעוויס

(פאָרטזעצונג)

— נו, אומזיסטע רייד — האָט מאַקס געזאָגט. — כ'האָב געוואָלט צופאָרען קיין פינטשעוו צו מיינע קרובים, אָבער כ'שעהם מיך שוין מיין פנים צו ווייזען.

— זיי ווייסן ניט ווער איך בין — האָט פלאָרא געזאָגט.

— אַז איך ווייס, איז גענוג. ס'שטייט ערגיץ אין אַ ספר, אַז אַלץ וואָס אַ מענש איז, איז אים אָנגעשריבען אויפ'ן פנים. זיי וועלען טאָן אַ קוק אויף מיר און וויסען, אַז איך בין אַ געפאַלענער. כ'קאָן שוין נישט צוריקפאָרען קיין אַרגענטינע אויך. ווי לאַנג כ'האָב נישט געוואוסט, האָב איך נישט געוואוסט. איצט וועל איך נישט קאָנען קוקען קיינעם אין די אויגען. ווי אַזוי וועל איך רעדען מיט לעווענזאָהנ'ען?

— לעווענזאָהן דאַרף נישט וויסען, אַז דו ווייסט.

— איכ'ל שוין נישט קאָנען רעדען צו אים ווי פריער. מיר וועט זיך אויסווייזען, אַז ער לאַכט אויס מיר.

— אויב אַזוי, לאָמיר אַהין ניט פאָרען. לאָמיר בלייבען דאָ.

— דאָ ווייסען אויך אַלע. מאיר דער באַנדיט האָט זיך געמאַכט תמ'עוואַטע, אָבער ער האָט געוואוסט די גאַנצע צייט.

— נו, און זיין לאה איז בעסער? זי'ט זיך אויסגעוואַלגערט אין אַלע מיסטען.

— זי'ט אים נישט גענאַרט. זי'ט אים געזאָגט קלאָרע דיבורים: דאָס בין איך. איך, פלאָרא, האָב דיך נישט גענאַרט. כ'האָב דיר אַלץ דערציילט.

— וואָס האָסטו מורא געהאַט? מאַקס, כ'זע ווי די לאַגע איז. וועסט דיך גריזשען און מיך גריזשען אַזוי לאַנג ווי מיר וועלען ציען דעם אָטעם. איכ'ל בעסער אוועקגיין.

— וואו וועסטו גיין? צוריק אין נפקא־בית?

— כ'בין צו־אַלט דערפאַר. איכ'ל ווערן אַ דינסט. איכ'ל קויפען אַ קויבער פאַרפוילטע עפּעלעך און מיך אוועקזעצען ביי יאַנאַש'עס הויף.

— ווילסט מער נישט זיין קיין אַקטריסע?

— כ'וויל שוין גאָרנישט זיין.

— וואָס איז מיט דיין קניפּעל? וויפיל האָסטו דאָרט אָנגעזאַמעלט?

פלאָרא האָט זיך אויפגעזעצט.

— ביסט גערעכט. יאָ, איך האָב אַ קניפּעל. כ'האָב אַלעמאָל געוואוסט, אַז ס'וועט קומען אַ שוואַרצער טאָג אויף מיר. כ'האָב אַלץ איבערגעלאָזט אין בוענאָס איירעס.

— וויפיל האָסטו אָנגעסקניערעט?

— ס'איז אַלץ דיין.

— וויפל איז עס?

— מער ווי צוואַנציג טויזענט פעזאָס. אחוץ מיין צירונג.

מאַקס האָט געטאָן אַ פייף.

— אויב אַזוי, דאַרפסטו נישט האַנדלען מיט קיין פאַרפוילטע עפּעלעך ביי יאַנאַש'עס הויף.

— כ'על דיר אַלץ אוועקגעבען, דאָס גאַנצע געלט. דאָס גאַנצע צירונג. צוזאַמען איז דאָס ווערט איבער פופציג טויזענט פעזאָס, אפשר מעהר. כ'וויל אוועקגיין פון דעם אַזוי ווי כ'בין געקומען. דאָס געלט איז דאָרט, אָבער ס'צירונג האָב איך דאָ. כ'קאָן עס דיר געבען שוין די־מינוט. גיב עס שאַשע'ן אָדער לאה'ן, אָדער וועמען דיין האַרץ גלוסט. זאָל עס זיין אַ סימן, אַז כ'בין נישט מיט דיר צוליב דיין געלט.

— געה און גיב עס פייוועלע שעכטער.

— אַ מכה וועל איך אים געבען. דו, מאַקס, קאָנסט מיך טרעטען מיט די פיס. דו קאָנסט האָבען טויזענט אַנדערע, אָבער דו ביסט מיינער. מ'זאָגט, אַז אויף יענער וועלט איז דאָס ווייב דעם מאַנ'ס פיסענבענקעלע. אפשר נאָכ'ן טויט ווייסט מען דעם אמת.

— מ'ווייסט גאָרנישט. אַזוי ווי מ'מאַכט צו די אויגען, איז אַלץ אויס.

— זאָל איך דיר געבען ס'צירונג? — ניין.

— וואָס ווילסטו?

— דיך.

— נעם מיך. פיהר מיך אויף אַ קייט ווי אַ הונט.

און פלאָרא האָט זיך צעוויינט מיט אַ געהאַליש קול.

---

## קאַפּיטעל אכט

### 1

עטליכע טעג זענען אַריבער. מאַקס האָט געהאַט אָנגעקלונגען לאה'ן און לאה האָט געוויינט אויפ'ן טעלעפאָן. מאיר האָט זיך געמוטשעט מיט'ן טויט, נישט געקאָנט שטאַרבען. לאה האָט דערציילט, אַז בעריש, שאַשע'ס פאָטער, איז געקומען צו איר. האָט געפאַטשט שאַשע'ן און זי צוריק אוועקגעפירט צו דער אַלטער. ער האָט געהאַט געזאָגט לאה'ן, אַז אויב ער וועט פאַקן מאַקס'ן, וועט ער אים אוועקשיקען אין קייטען. מאַקס און פלאָרא זענען געקומען מבקר חולה זיין מאיר'ן. מאיר האָט קוים געקאָנט רעדען. ס'איז אפילו שווער געווען צו פאַרשטיין וואָס ער זאָגט. מאַקס'ן האָט זיך געדוכט, אַז מאיר האָט איצט, ביים סאַמע סוף פון זיין לעבען, זיך דערוואוסט עפּעס, וואָס אַנדערע ווייסען נישט, אָבער איבערגעבען די געזונטע וואָס ער ווייסט, איז שוין אוממעגליך. ס'איז געווען אַן אויסדרוק אין מאיר'ס פאַרנעפּעלטע אויגען, וואָס האָט געזאָגט: צו־שפּעט. . צו־שפּעט. . . וואָס איך ווייס, וועט איר אַלע זיך דערוויסען, ווען איר וועט ליגען אין מיין הייט (מצב). נישט אַ טאָג פריער. . . מאַקס איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער. מאיר איז נאָך נישט געווען טויט, אָבער מען האָט שוין גאָרנישט געקאָנט פאַר אים טאָן — קיין שום טובה. אפילו קיין שלעכטס האָט מען אים מער נישט געקאָנט טאָן. ער איז שוין געווען אַזוי גוט ווי אויף יענער זייט פון אַלע מענשליכע עסקים. מאַקס'ן האָט אפילו אויסגעוויזען, אַז מאיר איז אומגעדולדיג און אַז ער וויל מען זאָל אים לאָזען אַליין.

אין איינעם אַ פרימאָרגען, ווען מאַקס האָט געקויפט די אידישע צייטונג, האָט ער געזען אַ קאָפּ אויף עטליכע שפּאַלטען וועגען אַנאַרכיסטען. מאַקס האָט גענומען לייענען אין מיטען טראָטואַר. די פּאָליציי האָט געהאַט אַנטדעקט דעם טונעל, וואָס מ'האָט זיך געגרייט צו גראָבען פון אַ ביכער־געשעפט צו דער באַנק. אַ צאָל אַנאַרכיסטען זענען געוואָרען אַרעסטירט. קיין נעמען זענען נישט געוואָרען דערמאָנט. אַ פחד האָט אָנגענומען מאַקס'ן. זיי קאָנען נאָך דאָרט, ביי דער אויספאָרשונג, מודה־זיין, אַז ער, מאַקס, האָט זיי געגעבען געלט. אפשר האָט דאָס שוין פּאַסירט. ס'קאָן זיין, אַז מ'זוכט אים שוין.

מאַקס איז געהאַט ערגיץ געגאַנגען — אַליין, אָהן פלאָרא'ן — אָבער אין דער צעמישונג האָט ער געהאַט פאַרגעסען, וואוהין ער האָט געזאָלט געהן און נאָך וואָס. ער האָט זיך גענומען אומקוקען? אפשר געהט אים נאָך אַן אַגענט? ער האָט נישט געזעהן קיינעם, וואָס ער זאָל קאָנען חושד זיין. אָבער ווי אַזוי קאָן מען וויסען? געהיים־אַגענטען טוען זיך אָן אַזוי, אַז מ'זאָל זיי נישט דערקענען. מאַקס האָט גענומען ווייטער געהן, אָבער די פיס זענען אים אין די פּאָר מינוט געוואָרען שוואַך און די קני האָבען אים געשטרויכעלט. זאָל ער גלייך פון דאַנען אוועק צו דעם ווינער וואָקזאַל און פאָרען אַריבער די גרעניץ? ער האָט מער נישט געהאַט קיין שום פליכטען צו פלאָרא'ן. ער איז קיינעם גאָרנישט שולדיג. אַלץ וואָס ער דאַרף טאָן, איז: אַריבער די גרעניץ. נו, אָבער פאָהרען אויף דער באַהן קאָן זיין געפעהרליכער ווי צו זיין אין וואַרשע. אַ סך אַרעסטען ווערען געמאַכט אויף דער באַהן. מאַקס איז איצט געגאַנגען און רעכט נישט דערקענט די גאַס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי שוי־פענסטער און געגאַפט אויף די סחורה'ס, וואָס מ'האָט דאָרט אויסגעשטעלט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער קוקט אויף אַ גלאָבוס. וואָס איז דאָס? אַ מאַפּע פון דער וועלט? איז טאַקע די וועלט אויף אַן אמת קיילעכדיג? אויף וואָסער זייט וועלט איז וואַרשע? אויבען? אונטען? אין דער זייט? וואַרשע מוז זיין אויבען, ווייל מאַקס האָט געדענקט, אַז מענטשען האָבען געזאָגט, אַז ווען מען גראָבט אַ טיפען גרוב אין דער ערד און מען האַלט אין איין גראָבען, וואָלט מען זיך דערגראָבען ביז אַמעריקע. הייסט עס, יענע דאָרט געהען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ. אָבער זיי ווייסען עס נישט. זיי דוכט זיך, אַז זיי גייען גלייך. . . אַזוי איז אפשר מיט אַלע זאַכען. . .

מאַקס איז פאַרביי אַן אַפּטייק און באַשלאָסען צו טעלעפאָנירען לאה'ן. דער טעלעפאָן האָט געקלונגען, אָבער קיינער איז ניט צוגעקומען. ווער ווייסט? מאיר איז שוין אפשר טויט. מאַקס האָט זיך נאָכאַמאָל געהייסען פאַרבינדען, אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט. ער האָט אָנגעקלונגען שאַשע'ן, צו דער אַלטער. שאַשע איז צוגעקומען.

— שאַשעלע!

— מאַקס!

און שאַשע האָט זיך צעוויינט דורכ'ן טעלעפאָן. ס'איז געווען האַלב־אַ־געוויין, האַלב־אַ־געשריי:

— וואו האָסטו מיך איבערגעלאָזט! — האָט שאַשע געשריגען מיט אַ קול, וואָס איז מיטאַמאָל געוואָרען שטאַרק, ווי פון אַ צייטיגער פרוי, אַ ווייב.

— דער טאַטעשי איז געקומען און מיך שיער נישט דערהרג'עט. כ'זיץ ווידער פאַרשפּאַרט מיט דער אַלטער און...

שאַשע האָט מעהר נישט געקאָנט רעדען. אַ געיאָמער האָט זיך פון איר אַרויסגעריסען. מאַקס'ן איז געוואָרען הייס אין די אויגען.

— שאַשעלע!

— דו ביסט שולדיג! דו!...

און שאַשע איז זיך פונסניי פאַרגאַנגען אין אַ געהויל.

— שאַשעלע, לאָז איבער די אַלטע און קום צו מיר. איכ'ל דיך מער קיינמאָל ניט אוועקשיקען. פון איצט אָן וועסטו זיין מיט מיר ביז איכ'ל שטאַרבען.

— דו ביסט דאָך ווידער מיט דיין ווייב!

— איכ'ל זיין מיט אייך ביידע. פלאָרא וויל זיין צוזאַמען מיט דיר. זי'ט מיך געהייסען כ'זאָל דיר קלינגען — האָט מאַקס געזאָגט אַ ליגען.

— כ'וויל נישט זיין מיט איר. זי'ט מיך באַהאַנדלען ווי די ערגסטע און זי'ט זיין גערעכט אויך.

— שאַשעלע, האָסט מיר אַמאָל צוגעזאָגט, אַז דו וועסט טאָן אַלץ, וואָס כ'וועל דיך הייסען, — האָט מאַקס גערעדט.

— האָסט געזאָגט, אַז אויב כ'על דיך הייסען זיך שטעלען אויפ'ן קאָפּ, וועסטו דיך שטעלען אויפ'ן קאָפּ.

— ווי קאָן איך זיין מיט פלאָרא'ן? זי איז דיין ווייב און אויף מיר וועט זי קוקען ווי אויף אַ . . .

שאַשע האָט זיך איבערגעהאַקט, אָבער מאַקס האָט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל זאָגען. ער האָט געציטערט, אַליין נישט וויסענדיג וואוהין די צונג וועט אים פירען:

— שאַשעלע, איך בין איצט אין אַזאַ לאַגע, אַז האָרפסט מיך, אסור, נישט מקנא זיין. יעדע רגע קאָן קומען מיין סוף. כ'טאָר אפילו נישט שטיין דאָ און רעדען מיט דיר, ווייל יעדע מינוט קאָן געשען אַן אומגליק. האָסט מיר צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ וואָס כ'הייס און דו מוזט האַלטען דיין צוזאָג. קום גלייך צו מיר!

— ווידער איבערלאָזען די אַלטע? ווידער פּאַקן ס'פּעקל?

— דאַרפסט גאָרנישט פּאַקן. די אַלטע וועט נאָך אַזוי לעבען ווער ווייסט ווי לאַנג און דו וועסט גיין אין ניוועץ. כ'האָב דיך נישט געטאָרט צוריקשיקען, אָבער ס'איז נאָך אפשר נישט צו־שפּעט אַלץ צו פאַרריכטען. איך שווער ביי גאָט, אַז מער וועל איך דיך נישט פאַרלאָזען.

— ווען דער טאַטעשי וועט זיך דערוויסען, אַז. . .

— ווען דער טאַטעשי, דער גזלן, וועט זיך דערוויסען, וועלען מיר שוין זיין אויף יענער זייט גרעניץ. מיר מוזען באַלד פון דאַנען אַנטלויפען.

— וואוהין?

— וואו די פיס וועלען אונז טראָגען.

— דער פעטער מאיר האַלט ביים שטאַרבען. מיר קאָנען נישט אוועק פאַר דער לויה. די מומע לאה. . .

— קום צו מיר. מיר'ן אַלץ איבערטראַכטען. פלאָרא איז מעהר נישט אין די פעדערען. זי איז אונטערטעניג ווי אַ הונט. אויב זי זאָל רעדען אַ וואָרט קעגען דיר, וועל איך זי גלייך אוועקשמייסען. געדענק מיינע ווערטער. זי קאָן מעהר נישט האָבען קיין קינד, אָבער מיט דיר וויל איך נאָך האָבען אַ קינד.

ס'איז געוואָרען אַ לאַנגע פויזע.

— דו ווילסט האָבען צוויי ווייבער? — האָט שאַשע געפרעגט.

— דו וועסט זיין דאָס ווייב און זי וועט זיין, ווי רופט מען דאָס? — אַ קעפּסווייב. דו וועסט זיין די מאַמע פון מיינע קינדער.

— וואו ביסטו איצט?

מאַקס האָט אַליין נישט געוואוסט וואו ער איז. ער האָט געהייסען שאַשע'ן צוואַרטען און איז אַרויס אין דרויסען זען וואו ער געפינט זיך. ער האָט זיך געפונען אין אַן אַפּטייק פאַר'ן אייזערנעם טויער. נישט ווייט פון דאָרט האָט זיך געפונען אַ סאַד־גאָרטען, וואָס מען האָט גערופען: דער סקוועיר. ס'זענען דאָרט געשטאַנען בענק. מאַקס האָט געהייסען שאַשע'ן צוקומען צום סקוועיר, אָבער ער האָט איר אָנגעזאָגט נישט צו שלעפּען קיין פּעק, ווי פריער. בלויז איין רענצעל אָדער אַ קייבערל מיט די נויטיגסטע זאַכען: אַ פּאָר זאָקען, אונטערוועש, אפשר איין קלייד. שאַשע האָט זיך צוגעהערט. זי איז געוואָרען רייפער. זי האָט געזאָגט:

— אויב כ'זאָל ווידער אַריינפאַלען אין טאַטעשי'ס הענט, וועט ער מיך צערייסען אויף שטיקער.

— וועסט מעהר אין קיינעמ'ס הענט נישט אַריינפאַלען. ווען וועסטו דאָ זיין?

— יאַכ'ל צונויפנעמען עטליכע זאַכען.

— איכ'ל וואַרטען אויף דיר אין סקוועיר. כ'על זיצען אויף אַ באַנק.

מאַקס איז אַרויס פון אַפּטייק און געפונען אַ ליידיגע באַנק. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין דער הויזען־קעשענע, וואו ער האָט געהאַלטען דעם רעוואָלווער. ס'איז שוין געווען שפּעט אין חודש אלול, נישט מעהר ווי אַ פּאָר טעג פאַר ראש השנה, און די בלעטער אויף די ביימער האָבען גענומען ווערען געל.

---

(פאָרטזעצונג קומט)

# די געסט

(נאָוועלע)

פון

**יצחק באַשעוויס**

(פאָרטזעצונג)

מאַקס האָט געזען פון דאַנען דעם זאַקסישען גאָרטן וואָס מ'איז אַריין אין אים דורך אַ טויער אויף דער זשאַבּיאַ גאַס. ר'איז געזעסן עפּעס ווי אַהן געדאַנקען. ער האָט זיך געמוטשעט פאַרשטענדיגען מיט פלאַראַ'ן, אָבער וועט מען זי אין האָטעל רופען צום טעלעפאָן? ער האָט אפילו מורא געהאַט צו רעדען מיט פלאַראַ'ן וועגען די אַנאַרכיסטען. ווער ווייסט? עמיץ קאָן זיך נאָך אונטערהערען. דאָ, פאַר'ן אייזערנעם טויער, האָט מען אָנגעזען אַז ס'הערבסטעלט זיך צו די ימים־נוראים. דער האַנדעל ביי די געשעפטלעך אונטער דער ווינער סאַלע איז צוגעגאַנגען העפטיג. אין דער ווינער סאַלע אַליין האָט מען גאָר געזאָלט דאַווענען ראָש־השנה און יום־כיפור און ס'האָט געהאָנגען אַ שילד „לשמוע אל הרינה ואל התפילה". נאָך צוויי טויזענט יאָר גלות, גזירה'ס, גירושים, אינקוויזיציעס, שחיטה'ס, האָבען אידען פונסניי זיך געגרייט זיך אויסצוטענה'ן מיט גאָט, בעטען ביי אים לעבען, פרנסה, נחת פון קינדער, משיח זאָל קומען. מאַקס האָט זיך דערמאָנט אַז דעם שרייבער קדישזאָגנ'ען און אין זיינע רייד. נו, יעדער טראָגט זיין פּעקל, האָט מאַקס צו זיך גערעדט. אָבער איך האָב אָנגעלאָדען אויף מיר אַ פּאַק וואָס כ'על מוזען אונטער אים פאַלען...

ס'האָט לאַנג געדויערט ביז שאַשע איז געקומען. זי האָט אויסגעזעהן בלאַס, דערשראָקן און געהאַט גענומען נאָך מעהר פּעק מיט זיך ווי צום ערשטען מאָל. זי איז געהאַט צוגעפאָרען מיט אַ דראָשקע. איכ'ל זי מעהר קיינמאָל נישט וועקשיקען, האָט מאַקס געטאָן אַ שבועה אין געדאַנק. זי'ט זיין מיינע ביז'ן לעצטען אָטעם...

מאַקס האָט געגעבען אַ צייכען דעם פורמאַן און צו שאַשע'ן אַז ער וויל איינשטייגען. ער האָט זיך געהייסען פירען צום עק ביעלאַנסקע און טלאָמאַצקע. ער האָט געהאַט אַ פּלאַן. שאַשע האָט גערעדט צו אים, אָבער ער האָט רעכט נישט געהערט וואָס זי זאָגט. אַלץ האָט איצט געהאָנגען אויף אַ האָר. ער האָט געמוזט נאָך היינט אַוועק פון וואַרשע און אויב מעגליך, אַריבער די גרעניץ. ער האָט נישט כוח געהאַט צו לייזען פאַר די זינד פון די אַנאַרכיסטען און זייערע משוגע'ע פּלענער.

די דראָשקע איז צוגעפאָרען צו עק טלאָמאַצקע און ביעלאַנסקע, באַלד נעבען דער דייטשער שוהל, און מאַקס האָט דערלאַנגט דעם פורמאַן אַ רובל און אים געהייסען וואַרטען מיט שאַשע'ן און איהרע פּעקלעך. שאַשע האָט גענומען שרייען (צום ערשטען מאָל זינט ער האָט זי געקאַנט האָט ער זי געהערט שרייען אויף אַן אמת):

— וואו געהסטו? וואו לאָזטו מיך איבער?

— וואַרט־צו. איך געה רופען פלאַראַ'ן.

— וואו? נעם מיך מיט!

— ניין, וואַרט!

און מאַקס האָט גענומען לויפען צום האָטעל. ווי אויסטערליש, נאָר פלאַראַ איז אים אַקעגענגעקומען. ער איז צוגעלאָפען צו איהר און אַ פאַרסאַפּעטער אַ רוף געטאָן:

— קום!

און זי אָנגעכאַפּט ביים האַנט־געלענק.

— וואו? וואָס איז געשעהן?

— מיר מוזען גלייך אַוועק פון דאַנען!

— פאַרוואָס? עפּעס? דו וואַרפסט־אָן אויף מיר אַ שרעק!

— מ'קאָן מיך יעדע מינוט אַרעסטירען!

מאַקס האָט גערעדט ווי עמיץ מיט אַ קורצען אָטעם. אַ שווייס איז אים אַרויס אויפ'ן שטערן. פלאַראַ האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס וויל מען דיך אַרעסטירען? איך האָב געוואָלט צוגעהן צו לאה'ן. ס'זעהט אויס אַז מאיר גוסס'ט.

— פלאַראַ, כ'קאָן מעהר דאָ נישט זיין. שאַשאַ וואַרט אויף אונז אין אַ דראָשקע.

— שאַשע?

— יאָ, שאַשע. זי פאָרט מיט אונז. מיר מוזען נאָך היינט אָדער העכסטענס מאָרגען אַריבער די גרעניץ. מ'האָט אַרעסטירט אַ באַנדע אַנאַרכיסטען און עמיץ פון מאיר'ס לייט האָט מיך צוגעטשעפּעט צו זיי. אַלע אומגליקען מיט אַמאָל יאָגען זיך נאָך מיר. אויב מיר וועלען נישט אַוועק היינט, קאָן איך דאָ בלייבען שטעקען ביז'ן סוף פון מיין לעבען.

פלאַראַ האָט געפּרואווט נאָך עפּעס איבערפרעגען; זי האָט אָנגעהויבען זאָגען אַז זי האָט נאָך עטליכע זאַכען ביי פּייוועלע שנײַדער; אָבער מאַקס האָט זי נישט געלאָזט רעדען. ער האָט זי געשלעפּט, אונטערגעשטופּט און באַלד זי צוגעפירט צו דער דראָשקע וואו שאַשע איז געזעסען. דער פורמאַן איז געהאַט געוואָרען אומגעדולדיג פון וואַרטען און ער האָט געמורקעט. שאַשע האָט אויסגעזעהן בלאַס און דערשראָקען. ווען זי האָט דערזעהן פלאַראַ'ן, האָט זי געמאַכט אַ באַוועגונג ווי זיך אויפצושטעלען, אָבער זי איז געווען אַרומגערינגעלט מיט איהר געפּעק. ס'איז געווען צום ערשטען מאָל ווי שאַשע און פלאַראַ האָבען זיך באַגעגענט. פלאַראַ האָט גענומען באַטראַכטען שאַשע'ן מיט אַ סאָרט ווייבערשער מבינות. שאַשע האָט געפּרוּווט זיך פאַרנויגען, עפּעס רעדען, נאָר ס'זענען נישט אַרויסגעקומען קיין ווערטער. מאַקס האָט געזאָגט:

— קינדער, איצט איז נישט קיין צייט פאַר קיין שום צערעמאָניעס. מיר מוזען אַנטלויפען פון דאַנען וואָס גיכער.

— מאַקס, איך קאָן נישט אַנטלויפען נאַקעט און בלויז. דו האָסט נישט באַצאָלט אין האָטעל. דו האָסט דאָרט דיינע זאַכען — האָט פלאַראַ געזאָגט.

— איכ'ל דיר געבען געלט. געה און באַצאָל און נעם אַרויס וואָס מיר האָבען דאָרט.

— דאָס קאָן נישט געטאָן ווערען כאַפּ־לאַפּ.

— פלאַראַ, ווען מ'איז איינגעשטעלט מיט'ן לעבען, שפּילען אַזעלכע זאַכען נישט קיין ראָל. ווייסטו וואָס? איכ'ל צופאָרען מיט איהר — מאַקס האָט געוויזען אויף שאַשע'ן — צום ווינער וואָקזאַל און מיר'ן דאָרט וואַרטען אויף דיר. באַדיר געלט. דער פּאָרטיער וועט דיר העלפען איינפּאַקען און נעמען אַ דראָשקע. פאַר מיר איז נישט געזונט צו זיין אין דער געגענט.

— וואוהין ווילסטו פאָרען?

— צו דער גרעניץ. מיר'ן זיך אַלץ דערוויסען אויפ'ן וואָקזאַל. איכ'ל קויפען בילעטען און אַלעס איבעריגע.

— מיר קאָנען נישט אַנטלויפען אומגעזעגענט ווען מאיר ליגט אין אַזאַ הייט.

— ער האָט שוין נישט וואָס מורא צו האָבען. אָבער מיך קאָן מען אַריינפּאַקען אין חד־גדיא אויפ'ן גאַנצען לעבען. מ'קאָן זיך צוטשעפּען צו דיר אויך. מיר מוזען מאַכען פּליטה. איכ'ל לאה'ן טעלעגראַפירען פון דייטשלאַנד און — —

פלאַראַ האָט געוואָרפען צעשטרייטע בליקען דאָ אויף מאַקס'ן און דאָ אויף שאַשע'ן. נאָך אַ ווייל האָט זי געזאָגט:

— מאַקס, כ'וויל דיר עפּעס זאָגען אונטער פיר אויגען.

— וואָס ווילסטו מיר זאָגען? נו, גוט.

ער איז אַוועקגעגאַנגען מיט פלאַראַ'ן עטליכע טריט.

— מאַך עס געשווינד. דער פורמאַן וואַרפט זיך ווי אַ כלב.

— וואָס ווילסטו טאָן מיט איהר? אויב דו ווילסט זי אָוועקגעבען בערטאַ'ן, איז אַיין זאַך. נאָר אויב דו ווילסט זי האַלטען פאַר אַ בייזשלעפערין, וועל איך בעסער מיט דיר נישט פאָרען.

— האָסט געזאָגט אַז כ'קאָן טאָן מיט דיר וואָס איך וויל.

— אויב דו ווילסט מיך הערג'ענען, דערהרג'ע, נאָר זיך טיילען מיט איהר ביי מיר אין שטח, דערויף וועל איך נישט איינגעהן. זי איז אַ יונגע קאַזע און איך קאָן מיט איהר נישט קאָנקורירען. זי וועט ווערען די גאַנצע שאַפערין און איך די נאָכשלעפערין.

— הייסט עס, נאָך דעם אַלעמען וואָס ס'איז געשעהן, שטעהסטו נאָך אין גרויסען?

— מאַקס, אויסער דער שטח קאָנסטו טאָן וואָס דו ווילסט. אָבער איך מוז האָבען אַ היים. אפילו אַ הונט האָט זיין היים.

— פלאַראַ, זי'ט דיך באַדינען בעסער ווי די בעסטע דינסט. צווייטענס, כ'קאָן איהר דינגען אַ שמוב ערגיץ. דו מוזט נישט זיין מיט איהר אויב דו ווילסט נישט. מיר קאָנען זיך איצט נישט שפּאַרען וועגען אַזוינע זאַכען.

— כ'קאָן נישט אַליין פּאַקען די זאַכען. קום און העלף מיר צו.

— אַזוי ווי איך פּאַק, קאָנען אָנקומען די מליצים און מיך אַוועקשלעפען דער רוח ווייסט וואו.

— וואָס וועט זיין אַז זיי וועלען אָנקומען ווען איך וועל פּאַקען? מ'וועט מיך איינישב'ענען אין טורמע און דו וועסט קיינמאָל נישט וויסען וואו מיין געביין איז אַהינגעקומען. דו ווערסט נישט וועלען וויסען אויך.

— נו, דו הויבסט אָן מאַכען די אַלטע שטיק. לאָמיר פאָרען אַהן אַנדערע זאַכען.

— כ'האָב דאָרט מיין צירונג — האָט פלאַראַ אַ שעפּטשע געטאָן.

— געה אַרויף און פּאַק אַלץ איין. איכ'ל נישט אַוועקפאָרען אַהן דיר. זיי ווייסען נאָך נישט וואו איך בין. איך האָב זיך איינגעמעלדעט אויף אַן אַנדער כתובה (פּאַס).

— וואָס צאַפּעלסטו אַזוי? מאַקס, נעם זי אַרויף אין האָטעל מיט איהרע פּעקלעך. אין דער שעה וועט קיינער נישט קומען. מיר'ן פאָרען אַלע דריי.

— אויב מ'וועט מיך אַוועקשלעפּען, וועל איך מיר פריער אַריינשיסען אַ קויל אַט־דאָ!

און מאַקס האָט געוויזען אויף דער רעכטער שלייף.

— פריער טוה עס מיר. די מויד הויבט מיר נישט אָן צו געפעלען.

— זי'ט זיין צו דיר ווי אַ טאָכטער. עך וועסט ענק נאָך לאָבען און קושען. געדענק מיינע ווערטער.

— זי איז ווערט פאַר בערטאַ'ן אַ צעהנערל ווי גאָרנישט — האָט פלאַראַ געזאָגט. געמיינט האָט זי: צעהן טויזענט פּעזאָס.

נאָך אַ ווייל האָבען מאַקס און פלאַראַ זיך אומגעקערט צו דער דראָשקע. מאַקס האָט געהייסען דעם פורמאַן צופאָרען די פאָר טריט צום האָטעל. שאַשע איז געהאַט געוואָרען פאַרשטילט. דערשראָקען ווי אַ קאַלב צו דער שחיטה, האָט מאַקס געמורמעלט אָדער געטראַכט. דער פאַקט וואָס פלאַראַ האָט נאָך אין איהר לאַגע זיך דערוועגט אים צו זאָגען דעה'ס און זיך אויסנעמען ווי עפּעס אַ כשר ווייב, האָט אים דערשטוינט. ער האָט פריהער געמיינט אַז ער קאָן זי טרעטען מיט די פיס און אויף איהר שפּייען און זי וועט אַלץ נעמען פאַר ליב. שאַשע האָט אויך אויסגעזעהן צערייצט און בונטאַריש. וויפיל מאָל מאַקס האָט געהאַט די איינרעדעניש אַז ער קאָן שוין איינגאַנצען דאָס ווייבערישע מין, האָט ער באַלד איינגעזעהן אַז מ'קאָן זיי קיינמאָל נישט דערגעהן. זיי האָבען זיך פיינט געהאַט איינס דאָס אַנדערע ווי די שפּינען. גלייך ווי די מאַנסלייט, האָט איינע נייערט געוואָלט הערשען איבער דער אַנדערער. ווי אַזוי האָבען דאָס די פאַרצייטיגע אויסגעפירט? — האָט מאַקס געטראַכט. — ווי אַזוי האָט יעקב אבינו געקאָנט האָבען פיר ווייבער? מ'האָט שוין דאָ שאַשע'ן געקאָנט אין האָטעל און די שקצים האָבען געקוקט האַלב מיט חשד און האַלב מיט שפּאַט ווי מאַקס פירט זיך איצט מיט איהר און מיט פלאַראַ'ן. זיי אַליין קאָנען אויך נאָך סליחה'ען, האָט מאַקס צו זיך געזאָגט. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, יעדער טריט איז איצט געווען ריזיקאַליש. מאַקס האָט זיך שוין געלאָזט אַרויפגעהן אויף די טרעפּ מיט ביידע ווייבער, ווי דער טעלעפאָן האָט געקלונגען און מאַקס האָט געהערט ווי איינער פון די שקצים רופט אים. ער האָט זיך אומגעקערט און אויפגענומען דעם טעלעפאָן. ס'איז געווען לאה. זי האָט געזאָגט:

— מאַקס, מאיר איז מעהר נישטאָ!

און זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געמיש פון אַ געשריי און אַ געקלאָג, גענוי ווי די ווייבער אין פינטשטערע פלעגען יאָמערן ביי אַ מת. ווי־וואויל מאַקס איז געווען גרייט דערויף, האָט זיך אים אויסגעשטעלט אַ קנויל אין האַלז. ער האָט קוים איינגעהאַלטען די טרערען.

— לאה, דאָס איז אַלעמענ'ס סוף.

— ער האָט נאָך געקאָנט לעבען. ער איז נאָך נישט געווען אַזוי אַלט! קום אַריבער. כ'האָב קיינעם נישט אויף דער וועלט אויסער דיר. מיין טעכטערל איז אוועקגעפאָרען מיט איהר מאַן קיין דרוסקעניק אויף דאַטשע — ברענען זאָל זי ווי אַ פייער!

מאַקס האָט געוואָלט זאָגען אַז ער איז אין אַ געפאַר און אַז ער קאָן נישט קומען, אָבער עפּעס האָבען די ווערטער זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוקומען פון זיין קעהל. ער האָט נישט געקאָנט אַנטלויפען פון לאה'ן ווען זי האָט גערעדט צו אים אַזוינע ווערטער. ער האָט געזאָגט:

— כ'קום גלייך צו.

— נעם מיט פלאַראַ'ן.

מאַקס האָט נישט געדענקט ער זאָל האָבען געזאָגט לאה'ן אַז ער איז ווידער מיט פלאַראַ'ן אָבער די לעצטע טעג איז ער געווען אַזוי צעטומעלט, אַז ער האָט עפּעס ווי פאַרלירען דעם זכרון. אחוץ דעם קאָן זיין אַז פלאַראַ, דאָס געהיינטעכץ, האָט איהר טעלעפאָנירט. מאַקס'ן האָט אָנגענומען די הפקרות, וואָס קומט מיט יאוש. נו, מיר איז שוין אַלץ איינס. מיין לעבען איז שוין פאַרשפּילט סאַיוי־סאַי. איצט אַז מאיר איז נישטאָ, האָב איך איבערהויפּט מעהר קיינעם נישט אויף דער וועלט... מאַקס האָט ערשט איצט געפילט ווי נאָהענט אַט דער מאיר איז אים געווען. ער איז געווען צו אים אַלץ — אַ טאַטע אַ ברודער, אַ פריינד. מאיר איז פאַקטיש געווען דער איינציגער מענטש וואָס מיט אים האָט ער געקאָנט רעדען און ס'זאָל אים נישט זיין נודנע. נו, מ'מוז אַלץ פאַרלירען איידער מ'ווערט אַליין פאַרלוירען. האָט מאַקס געטראַכט. פלאַראַ און שאַשע האָבען זיך געהאַט אָפּגעשטעלט אין מיטען די טרעפּ. פלאַראַ האָט אַ פרעג געטאָן:

— ס'איז אַרויס, האַ?

— יאָ, ס'איז מעהר נישטאָ קיין מאיר.

— דער פעטער מאיר!

און שאַשע האָט גענומען וויינען ווי אַ קליין מיידעלע.

(ווייטערס — מאָרגען)

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון **יצחק באשעוויס**

(פארזעצונג)

— הערי, דאס איז א האטעל, נישט קיין קהל'שע שטיבעל — האט מאקס א רוף געטאן. — קומט לאמיר אלע דריי צוגעהן צו עים. פלארא, געה ארויף מיט שאשע'ן און זאל זי ביי אונז איבערלאזן די פעקלעך. איכ'ל דא אפווארטען.

פלארא האט געוואלט ווינקען צו מאקס'ן און געבען צייכענס, אבער מאקס האט נישט פארשטאנען וואס זי וויל. נאך א וויילע זענען ביידע פרויען ארויף מיט די טרעפ. מאקס איז געשטאנען שטיל, די לינקע האנט צונויפגעביילט אין א פויסט. די רעכטע האט איבער איר, ווי עמיץ וואס איז אריין אין א קלעם נישט ארויסצוקריכען. קיין לעבעדיגען וועלען זיי מיך נישט נעמען, האט ער געמורמעלט. שאשע און פלארא האבען זיך לאנג געזוימט. צען מינוט זענען אריבער און מאקס האט נישט געהערט זייערע טריט. וואס טוען זיי דארט? מאקס האט געהאט א געפיהל אז מ'מאכט איבערן א פארשווערונג קעגען אים. ער האט אין גאנג פארגליכען פלארא'ן צו א קאץ וואס ווי מען זאל זי נישט ווארפען, שטעלט זי זיך באלד ווידער אויף די פיס. ס'איז געווען אין איר א תקיפות אזא וואס איז אייגען בלויז דעם ווייבערשען מין. נו, מאיר, וואו ביזטו איצט? — האט מאקס געפרעגט צו אים. — איז נאך עפעס געבליבען פון דיר? אדער ביזטו ווי א שיין? אויב דו האסט געהאט א נשמה און זי זעהט און הערט, זאי וויסען, מאיר, אז איך האב דיך ליב געהאט מעהר ווי מיין אייגען לעבען... אזוי ווי מאקס האט געטראכט די דאזיגע מחשבות, אזוי, האט ער געשעמט איס זיך אליין. ס'איז מעהר גארנישט געבליבען פון מאיר'ן מעהר ווי א טויטער טרעלבוד. ער, מאקס, קען אקר האט אזוי פרואווען רעדען צו דער וואנט...

מאקס איז שוין גרייט געווען זיך צו לאזען ארויפגעהן מיט די טרעפ און צו זעהן וואס עס ווערען די צוויי נקבה'ס אזוי לאנג — ווי ער האט געהערט זייערע טריט אויף די שטיגען. פלארא האט עפעס געזאגט און שאשע האט איר גענטפערט, באר מאקס האט נישט אויפגעכאפט וואס. באלד זענען זיי אראפגעקומען און ס'איז געווען אין זייערע פנים'ער אן איבערהאַנד פון מענטשען וואס האבען ערשט נאר עפעס אפגעמאכט. געשלאסען צווישען זיך א סארט בונד, אדער זיך פארטרויט א סוד. מאקס האט געפרעגט:

— וואס האט איר אזוי לאנג געזוימט? נו, לאמיר געהן.

מאקס איז ארויס מיט זיי אינדרויסען. א דראשקע איז צוגעפארען און אלע דריי זענען איינגעזעסען. אין זיין גאנצער באטריבטקייט האט מאקס ארויפגעלייגט איין האנט אויף פלארא'ס שויס און די אנדערע אויף שאשע'ס. ער האט איצט געהאט צוויי ווייבער און ער האט געמוזט וויזען ביידע אז אזוי איז עס און אזוי מוז זיין.

— אויב מ'וועט אים נישט ארויסטרייבען און אריינפאקען אין קיטושימעט. נישט פלארא און נישט שאשע האבען געפרואווט אפשאקלען זיך. זיי זענען געזעסען שטיל און זיך ווי צוגעהערט צו דעם באריר פון זיינע הענט. איצט אז מאיר איז טויט איז ער, מאקס, געווארען דער באלעבאס, דער עלטסטער. אין דער רגע האט דאס מאקס אויך דערפילט. ער איז געווען ווי א קרוינפרינץ ווען ס'קומט די בשורה אז דער קייסער איז טויט. ווער מען האט דאס געזעהל אויף דער קראכמאלנע גאס געהאט? מאקס האט געוואוסט ביי זיך אז לאה איז איצט אויך זיינע. זי האט עס ארויסגעשריגען קלאר און אפען: כ'האב קיינעם נישט אויף דער וועלט אויסער דיר...

נו, איכ'ל מיך נאך א רגגל טאן, האט מאקס געקלערט. די גאס וועט אים אויפנעמען ווי א יורש. מ'וועט אים באשיצען. מיט מאיר'ס טויט האט זיך אנגעהויבען אויף דער קראכמאלנע גאס א נייע ציים, א ניי דור. אמת, דער בלינדער איטשע איז אויף אויף זיין שטייגער א פיהרער, אבער ער איז צרפאר גרשטם. מ'האט גערעדט אויף דער גאס עמיצען וואס קען לייענען א בלאט צייטונג און אריינקוקען אין א פאס אדער א מעטריקע. אפשר זאל איך שוין דא בלייבען? — איז מאקס'ען דורכגעלאפען א רעיה. איצט אז ער האט זיך דערוואוסט פון פלארא'ס אויפפיהרונג און אז זי האט געהאט עסקים מיט לעווינזאהנ'ען, האט מאקס געהאט אנגעווארען דעם אפעטיט צו בויען אייהעס. ער האט דא אין ווארשע געקאנט אלץ איבערנעמען, אפילו זיך אריינציען צו לאה'ן צוזאמען מיט פלארא'ן און שאשע'ן...

3

ווען מאקס, פלארא און שאשע זענען צוגעפארען אין דער דראשקע צום פלאץ, איז דארט געווען אזא געדרענג אז די דראשקע האט נישט געקאנט אריינפארען. אלע האבען גערעדט וועגען איין זאך: מאיר סמעטענע. אזוי פלעגען חסידים זיך צוזאמענלויפען ווען זייערס א רבי איז נפטר געווארען. מאקס איז גלייך געווארען ארומגערינגעלט פון מאיר'ס גוטע ברידער: דער בלינדער איטשע, סרולקע גאנער, פייטל קלעפקע. די גראבע רייצעלע האט דורכגעשטופט אירע דריי הונדערט פונט פעטס דורך א סאנדע יונגען און איז אויך צו געקומען. מאקס האט געשפירט באשיינפערליך אז מ'באטראכט אים ווי א יורש. רייצעלע האט זיך געקושט מיט פלארא'ן און געטאן שאשע'ן א קנייפ אין באק ווי זי וואלט נאך געווען א קליין מיידעלע. רייצעלע האט געטאן א פאטש מיט די הענט:

— א גרויס מאלעיר האט אונז געטראפען!

און זיך פארגאסען אין א הייזעריג געוויין.

דער בלינדער איטשע האט געזאגט צו מאקס'ן:

— מ'ווארט דאך אויף דיר.

ער האט געפרעגט אויף דיר א מינחה פאר'ן טויט.

שאשע האט נישט אויפגעהערט וויינען. פלארא האט אנגעטוישט א טרער מיט א ברעג טיכעל. פון אלע זייטען האבען געשטראמט פרויען ווייבים, אלפאנסען, הורען, גלאט לאטקעס און יאטען. ס'איז אנגעקומען עפעס א טוער פון דער חברה חסד של אמת — א דיקער פארשוין מיט א ריזיגען בויך, אין א היטל מיט א לעדערנעם דאשיק און אין א לעדערן רעקל. ער איז געווען חיים פינקוס דער „קייסער" פון די לוויה'ס. ווען מאקס איז ארויף צו מאיר'ן אין דער דירה, האט מען דארט נישט געקאנט אריין, אזוי פיל מענטשען האבען זיך צונויפגעקוילט. דער בלינדער איטשע האט געטאן א געשריי:

— לאזט'ס אדארך, א רוח אין ענקערע טרפה'נע קישקעס!

און ס'איז גלייך געווארען א וואהרע. מ'האט מאיר'ן נישט געהאט אפגעהויבען און אוועקגעלייגט אויף דער ערד. ער איז געלעגען אין בעט און צוקאפענס האבען געברענט צוויי ליכט. שאשע האט זיך ווי אונטערגעבראכען. פלארא האט ארויסגעלאזט א געוויין מיט א מאנסבילש קול. ס'איז געווען צום ערשטען מאל ווי מאקס האט געהערט פון איר אזא קול און אין זיין גאנצער באטריבטקייט האט ער געטראכט אז הארציג טיף אין יעדער נקבה באהאלט זיך א מאנסביל, און אפשר פארקערט אויך. אלעס קומען האר ארויס פון א טאטען און א מאמע'ן. לאה איז אנגעקומען פון דער קיך. זי האט נישט געוויינט. זי האט אויסגעזעהן ערנסט, בייז און אויך עפעס ווי מאנסבילש. זי איז ארויפגעפאלן אויף מאקס'ן און זיך מיט אים געקושט. זי האט זיך געקושט מיט שאשע'ן און פלארא'ן. זי האט א זאג געטאן:

— נו, אפגעטאנצט!

און געגעוויזען אויף מאיר'ן. ער איז געלעגען מיט א געל פנים און האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט געשלאפען. א מנוחה אזא וואס מ'זעהט קיינמאל נישט אויף קיין לעבעדיגען, האט געשוועבט אויף זיין שטערן, די געשלאסענע ווייעס, דעם מויל אונטער די וואנסען. מאקס'ן האט זיך געדוכט אז ער זאגט: דאנקען גאט, איך בין שוין דאס מיינ'גע איבערגעקומען... אלע זענען געשטאנען שטיל. בלויז פון מאל צו מאל האט זיך דערהערט א ווייבערשער כליפ. מאקס האט עפעס ווי פון זיך אליין, אהן שום צוגרייטונג, גענומען רעדען:

— ברידער און שוועסטער, ער איז געווען אונזער טאטע און מיר אלע זענען זיינע קינדער. קא' צווייטער מאיר איז נישט געווען און ס'עט נישט זאן — — —

און פון די דאזיגע איינפאכע ווערטער האט אויסגעבראכען צווישען דעם עולם א געוויין ווי יום־כיפור. שאשע האט געחלש'ט און מ'האט זי געמוזט ארויספירען אין קיך און זי מינטערן מיט קאלט וואסער.

ס'איז דער מנהג אז מ'לאזט נישט ליגען א טויטען לאנג, אבער מ'האט געמוזט צוגרייטען די דאזיגע לוויה. מ'האט געמוזט מעלדען אין די צייטונגען. מ'האט געדארפט צוגרייטען הונדערטער דראשקעס וואס מיט זיי וועלען די באגלייטער פארען צום בית־עולם. די קראכמאלנע איז א שמאלע גאס און מ'האט געמוזט דורכקומען מיט דער פאליציי און זיבעטען צערקל. ס'איז דעריבער געבליבען מ'זאל אפליינען די לוויה אויף איבערמארגען ארום צוועלף אזייגער אינדערפרי. מ'האט געהאט אוועקגעשיקט א טעלעגראמע צו מאיר'ס טאכטער קיין רוסקעניק. די ווארשעווער קהילה, די געמיינדעליים, האבען פארלאנגט א הויכען פריז פאר דער קרקע און מ'האט זיך געמוזט מיט זיי דינגען און אנשרייען מיט פארפעטסען א מעסער. דער בלינדער איטשע און זיינע לייט האבען אלץ איבערגענומען און מאקס מיט פלארא'ן זענען געבליבען צו טרייסטען לאה'ן. לאה האט געדונגען פרומע אידען וואס זאלען וואכען ביים טויטען און זאגען תהילים. מאיר סמעטענע האט געהאט געשטיצט עטליכע תלמוד־תורה און די מלמדים זענען געווען גרייט צו שיקען די קינדער זיי זאלען געהן פאר דער לוויה און רופען: צדק לפניו יהלך. אבער מאקס האט געהאלטען אז די קינדער וועלען איינגאנצען פארשטעלען דעם וועג און ס'קאן אפילו קומען צו אן אומגליק. ווען עס ווערט צופיל א געדראנג און א שטופעניש, קאן אלץ פאסירען. מאקס האט דערציילט אז אין בוינעס איירעס איז געהאט געשטארבען איינער פון דער אלטער גווארדיע און די לוויה איז געווען אזא גרויסע, מיט אזויפיל מענשען, אז אויפ'ן בית־עולם איז געווארען א פאניק און מענשען האבען צעבראכען הענט און פיס.

מאקס איז געווארען אזוי פארנומען מיט דער לוויה אז ער האט פארגעסען אין אלע מורא'ס. אחוץ דעם האבען צו דער דאזיגער לוויה געהאלט וואלמען קאמיסאַרען, הערי ראוועס, אנדערע פאליציי־לייט. די פאליציי וואלט נישט צו געלאזט אז מאיר'ס א לייב מענטש זאל ווערען באַעולה'ט בעת מ'טוט מאיר'ן דעם לעצטען כבוד.

יענע נאכט האבען פלארא און שאשע זיך אומגעקערט אין האטעל, אבער מאקס איז געבליבען מיט לאה'ן. זי האט מיט אים געגעסען נאכטמאל און איז געזעסען מיט אים סמעט א גאנצע נאכט און דערציילט מעשה'ס — די מעשה'ס וועגען מאיר'ן און אויך זאכען וואס האט געטראפען איידער זי האט זיך באגעגענט מיט מאיר'ן. דער שמועס איז ארויס וועגען בערטא'ן אין בוינעס איירעס. נאך א וויילע האט מאקס דערמאנט פלארא'ן. לאה האט איצט צוגעגעבען אז זי האט געדענקט פלארא'ן פון דער צייט ווען זי איז געווען אין דעם הפקר־בית. זי האט אפילו געדענקט דעם נאמען פון דעם סוטענער. זי האט א זאג געטאן:

— מאקסעלע, וואס האסטו געמיינט, אז זי איז א כשר'ע בתולה?

— כ'בין א גולם, דאס אלץ.

— ניין, ביזט נישט קיין גולם, נאר א מאנסביל, און דאס איז עס.

— וואס איז א מאנסביל?

— ספאטמארט. ביי זיין גאנצער חכמה איז מאיר געווען ווי א קינד. טיילמאל האט ער גערעדט אזעלכע קינדישע זאכען אז כ'האב נישט געגלייבט אז דאס איז דער אייגענער מאיר.

— ער איז געווען אייפערזיכטיג? — האט מאקס געפרעגט.

— ער האט פייט געהאט מ'זאל אים נארען. נו, אבער מ'קאן נישט האבען א מאנסביל דעם גאנצען אמת.

— פארוואס נישט?

— א, מ'קאן נישט. יעדער מענטש מיינט אז ער איז דאס אויבערשטע פון שטויסל, און מיט אמאל דערוויסט ער זיך, אז ער איז אפילו אין זיין ווייב'ס אויגען א קליין מענטשעלע וואס זי קאן אים פארביטען אויף יעדען לאפאטניק. מיט אונז ווייבער איז אויך ס'איינענע. מיר מיינען אז מיר זענען עפעס, און דא קומט דער מאנסביל און פארטוישט דיך אויף עפעס א קרעכצע אדער א כליה. ס'טוט וויי אבער העלפען קען מען זיך נישט.

— כ'בין מקנא מאיר'ן, דאס איז דער אמת.

— הא? מיר'ן אויך הערט זיין. ווי לאנג דויערט די גאנצע כוונה אויך מיהוען א קליין מיידעל

(שלוס אויף בינטעל בריוו זייט)

---

דאך געווען אפט געצוואונגען צו שיקען קינדער צו דער ארבעט). אזעלכע פילן, אז זיי האבען כשר פארדינט צו געניסן פון א ביסל רואיקע יארן. קיינער האט ניט קיין אפמאך צו לעבן ביז'ן טיפן עלטער. עס איז דעריבער נאטירליך, אז מענטשן ווילן אריינכאפן א פאר יאר פון לעבן אן אן עול, צו קענען אויסנוצן די צייט ווי עס גלוסט זיך.

עס ווענדט זיך נאר וואס א מענטש האט בדעה צו טאן מיט זיין פרייער צייט און צי ער קען זיך מאטעריעל דערלויבן צו ריטייערן, ווען ער איז איינגער ווי 65 יאר. עס איז אויך אפהענגיק אין דעם געזונט צושטאנד פון מענטשן, פון זיינע פאמיליע פארהעלטעניסן, און פון זיינע אינטערעסן אין לעבן.

די רעגירונג דארף אבער זארגן, אז מענטשן וועלבע ריטאיערן ניט פרייוויליק אין א יונגען עלטער, זאלן ניט פארגרעסערן די צאל ארימע אמעריקאנער (און אזעלכע זיינען פאראן ביי אונז אין לאנד מער ווי א סך מיינען), נאר זאלן קענען ווייטער פירן א ווירדיק נארמאל לעבן.

# די געסט

(שלוס פון זייט 3)

לע און דער טאטע האט מיך צוגעשפיל? ס'דוכט מיר נעכטן געהאלטען אויף דער ישוּיס.

מאקס, איך קאן דא ניש' בלייבען! — האט לאה גע־ענדערט דעם טאן. — אהן מאיר'ן וועט די קראכמאלנע זיין פאר מיר א טויט. כ'וויל ניש' דיך בלינדהער איקשע זאל והערען מיין באלעבאס. ביי דער לוויה וועלען זיין אלע צוקער־זיס. אבער אויפ'ן וועג אהיים וועלען זיי מיך מעהר נישט הערקאגען.

— און איך האב שוין גע־טראכט וועגען בלייבען דא.

— וואס וועסטו דא טאן? ווי לאנג ביזט יוי מ'זאגט א גאסט אויף א ווייל. קריסען זיי דיר אונטער די טעגל. ווער א היגער און זיי וועלען דיר גלייך אונטערשטעלען א פיסעל. איך וויל פארען מיט דיר און פלא־ראַ'ן און שאשע'ן אין יענע מדינה'ס.

— האסט דאך דא מסחרים.

— וואס'ערע מסחרים? כ'האב גענוג געלט אויסצוהער־בען מיינע יארען. כ'דארף מיך מער נישט פאניעוויערען. ווי לאנג מאיר האט געלעבט, האט מען פאר מיר געהאט אפשרי. איצט וועט יעדער שמאגעגע האבען אין מיר א קונה. מאק־סועלע, דו ווייסט נישט וואס חא טוט זיך אפ. דו האסט זיי היינט אנגערהפען ברידער און שוועסטער. זיי זענען זיך ניש' קא' ברידער נאר דם שונאים. ווען איינער קאן וואלט ער דעם אנדערען הערטרינקען אין א לעפל וואסער. דער כליגדער איטשע איז א גראנ־דאווניק, א מעסער־שטעכער. ער וואלט זיין אייגענע מאמע'ן הערהרג'עט פאר א גראשען. דער סרולקע גאך איז פאלש ווי די עבודה־זרה. ער לעקט דיר דעם הינטען און בארעדט דיך. ער איז א סליחה'נער אויך. ער ארבעט אויף אלע זייטען. מיר דוכט זיך אז ער האט גע־סליחה'ט צי — רופט מען דיין?

— וואס ווילען ס'זאל זיין אחדות.

— די אנארכיסטען? ער גאר?

— יא, ער. פרעג מיך נישט פון וואנען כ'ווייס.

מאקס'ן איז געווארען טרוקען אין גומען.

— זיי קאנען נאך מיינען, אז איך האב עס געטאן.

לאה האט געזאגט:

— זיי זענען אלע אין פאַ־קע. קיין לעבעדיגע וועלען זיי שוין נישט ארויס. אבער ס'טויג נישט פאר דיר דא צו זיצען סאי ווי סאי. נאך דער לוויה וויל איך אלץ פארקויפען און לאמיר פארען צוזאמען. שאשע איז מיר ליבער ווי מיין אייגענע טאכטער. כ'וויל ניש' זי זאל פוילען ביי בערטא'ן. דא פאלט זי. ווי איז זי, הא?

— א קינד.

— איכ'ל זיין צו איר ווי א מאמע און דו וועסט זיין מיין איידעם.

און לאה האט געטאן א לאך און איז באלד ווידער געווארען ערנסט.

— די שוויגער איז בעסער פון דער טאכטער — האט מאקס געזאגט.

— גלייב מיר, מ'קאן זיך מיט מיר נישט אפ'סמ'ען — האט לאה געזאגט בארימעריש און זיך געטאן א פעטשל אין מויל. זי'ט נישט געטארט אזוי רעדען ווי לאנג מאיר איז נאך אפילו צו קבורה נישט געקומען.

א לאנגע ווייל האבעןביידע געשוויגען. דערנאך האט לאה געזאגט:

—כ'קאן מיטברענגען א האלב ט'ץ מיידען פאר בערטא'ן.

— וואס האסטו? דארט דארף מען האבען פרישע סחורה.

— אז מ'טוט זיי אן און מ'וואשט זיי אפ, זעען זיי אויס פריש.

— ס'איז שווער זיי איבער־צופירען.

— מאיר האט גאנצע שופ־לעדער מיט פעסער. קאנסט נע־מען וואס דו ווילסט. ער האט סטעמפלען פון אלע סארטען. קום, כ'על דיר ווייזען.

לאה האט מאקס'ן אריינגע־פירט אין מאיר'ס קאבינעט. זי האט אנגעצונדען דעם גאז און געעפענט שופלעדער. מאקס איז געשטאנען הינטער איר. מיט אמאל האט ער זי ארומגענומען. לאה איז געבליבען ווי פארגלי־ווערט.

— מאקסעלע, וואס טוסטו?

— דו ווייסט וואס.

— נישט איצט.

— דריי דיך אויס, כ'מוז דיך קושען.

זיי האבען זיך געקושט לאנג. מאקס האט א זאג געטאן:

— ווי לאנג מ'לעבט, לעבט מען.

— ער'ט דיך ליב געהאט. דעריבער לאז איך דיך. ער האט מיר געזאגט אפענע ווערטער. מאקס איז ביי מיר ווי אן אייגענער ברודער. נאך מער, געה צו אים.

— אזוי האט ער געזאגט?

— דאס זענען זיינע ווערטער.

(פארטזעצונג — פרייטאג)

# אטופירן ניקסאנ'ס אפיס צוליב צפון אירלאנד

פינף אירלענדיש־געבוירענע אמעריקאנער האבען נעכטען ביינאכט אקופירט איינעם פון ניקסאנ'ס קאמפעין־אפיסעס אין ניו יארק, אין רוזוועלט־האטעל.

זיי האבען באשולדיגט די ניקסאן־אדמיניסטראציע אין שטיצען די ענגלישע פאליטיק אין צפון אירלאנד. די האטעל־אנגעשטעלטע האבען ניט גע־מאכט קיין פארזוך ארויסצו־טרייבן די 5 פון אפיס.

# זיבן אמעריקאנער ווערען געטויט אין וויעטנאם

סאיגאן, אויגוסט 11. — די אמעריקאנער פארלוסטן אין וויעטנאם זענען פאריגע וואך געווען 7 טויטע און 36 פאר־וואונדעטע.

די גרעסערע צאל פארלוסטן איז געווען א רעזולטאט דערפון וואס די קאמוניסטן האבען בא־שאסן די באזעס פון דאנאנג און ביעדהאא.

# די געסט

## (נאָוועלע)

פון
**יצחק באַשעוויס**

(פאָרטזעצונג)

— הערי, דאָס איז א האָטעל, נישט אַ קאָהל־שטיבעל — האָט מאַקס א רוף געטאָן. — קומט לאָמיר אַלע דריי צוגעהן צו עים. פלאָרא, גייה אַרויף מיט שאָשע'ן און זאָל זי ביי אונז איבערלאָזען די פעקלעך. איכ'ל דאָ אָפּוואַרטען.

פלאָרא האָט גענומען ווינקען צו מאַקס'ן און געבען צייכענס. אָבער מאַקס האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל. נאָך א ווייל זענען בײדע פרויען אַרויף מיט די טרעפּ. מאַקס איז געשטאַנען שטיל, די לינקע האָט צונויפגעבילט אין א פויסט. די רעכטע האָט איבער איר, ווי עמיץ וואָס איז אַריין אין א חלום נישט אַרויסצוקריכען. קיין לעבעדיגען וועלען זיי מיך נישט נעמען, האָט ער געמורמעלט. שאָשע און פלאָרא האָבען זיך לאַנג געזוימט. צען מינוט זענען אַריבער און מאַקס האָט נישט געהערט זייערע טריט. וואָס טוען די דאָרט? מאַקס האָט געהאַט א געפיהל אַז מ'מאַכט אויבען א פאַרשווערונג קעגען אים. ער האָט אין געדאַנק פאַרגליכען פלאָרא'ן צו א קאַץ וואָס ווי מען זאָל זי נישט וואַרפען, שטעלט זי זיך באַלד ווידער אויף די פיס. ס'איז געווען אין איר א תקיפות אַזאַ וואָס איז אייגען בלויז דעם ווייבערשען מין. נו, מאיר, וואו ביזטו איצט? — האָט מאַקס גערעדט צו אים. — איז נאָך עפּעס געבליבען פון דיר? אָדער ביזטו ווי א שיין? אויב דו האָסט געהאַט א נשמה און זי זעהט און הערט, זיי וויסען, מאיר, אַז איך האָב דיך ליב געהאַט מעהר ווי מיין אייגען לעבען... אַזוי ווי מאַקס האָט געטראַכט די דאָזיגע מחשבות, אַזוי האָט ער געשעפּט אייס זיך אַליין. ס'איז מעהר פאַרטישט געבליבען פון מאיר'ן מעהר ווי א טויטער טרעלבוד. ער, מאַקס, קאָן אַקר דאָס אַזוי פּראָווען ריידען צו דער וואַנט...

מאַקס איז שוין גרייט געווען זיך צו לאָזען אַרויפגעהן מיט די טרעפּ און צו זעהן וואָס עס ווערט די צוויי נקבה'ס אַזוי לאַנג — ווי ער האָט געהערט זייערע טריט אויף די שטיגען. פלאָרא האָט עפּעס געזאָגט און שאָשע האָט איר געענטפערט, נאָר מאַקס האָט נישט אויפגעכאַפּט וואָס. באַלד זענען זיי אַראָפּגעקומען און ס'איז געווען אין זייערע פנים'ער אַן אויסדרוק פון מענטשען וואָס האָבען ערשט נאָר עפּעס אָפּגעמאַכט, געשלאָסען צווישען זיך א סאָרט בונד, אָדער זיך פאַרטרויט א סוד. מאַקס האָט געפרעגט:

— וואָס האָט איר זיך אַזוי לאַנג געזוימט? נו, לאָמיר געהן.

מאַקס איז אַרויס מיט זיי אינדרויסען. א דראָשקע איז צוגעפאָרען און אַלע דריי זענען איינגעזעסען. אין זיין גאַנצער באַטריבטקייט האָט מאַקס אַרויפגעלייגט איין האַנט אויף פלאָרא'ס שויס און די אַנדערע אויף שאָשע'ס. ער האָט איצט געהאַט צוויי ווייבער און ער האָט געמוזט ווייזען ביידע אַז אַזוי איז עס און אַזוי מוז זיין.

— אויב מ'וועט אים נישט אַרעסטירען און אַריינזעצען אין קיטשימעט. נישט פלאָרא און נישט שאָשע האָבען געפּרוּווט אָפּשאָקלען זיך. זיי זענען געזעסען שטיל און זיך צוגעהערט צו דעם באַריר פון זיינע הענט. איצט אַז מאיר איז טויט איז ער, מאַקס, געוואָרען דער באַלעבאָס, דער עלטסטער. אין דער רגע האָט דאָס מאַקס אויך דערפילט. ער איז געווען ווי א קרוינפּרינץ ווען ס'קומט די בשורה אַז דער קייסער איז טויט. וועמען האָט דאָס געזעמל אויף דער קראָכמאַלנע גאַס געהאַט? מאַקס האָט געוואוסט ביי זיך אַז לאה איז איצט אויך זיינע. זי האָט עס אויסגעשריגען קלאָר און אָפען: כ'האָב קיינעם נישט אויף דער וועלט אויסער דיר...

נו, איכ'ל מיך נאָך א ראַנגל טאָן, האָט מאַקס געקלערט. די גאַס וועט אים אויפנעמען ווי א יורש. מ'וועט אים באַשיצען. מיט מאיר'ס טויט האָט זיך אָנגעהויבען אויף דער קראָכמאַלנע א נייע ציים, א ניי דור. אמת, דער בלינדער איטשע איז אויך אויף זיין שטייגער א פירער, אָבער ער איז צופיל גראָבס. מ'האָט געדאַרפט אויף דער גאַס עמיצען וואָס קאָן לייענען א בלאַט־צייטונג און אַריינקוקען אין א פּאַס אָדער א מעטריקע. אפשר זאָל איך שוין דאָ בלייבען? — איז מאַקס'ען דורכגעלאָפען א רעיון. איצט אַז ער האָט זיך דערוואוסט פון פלאָרא'ס אויפפיהרונג און אַז זי האָט געהאַט עסקים מיט לעווינזאָהנ'ען, האָט מאַקס געהאַט אָנגעוואוירען דעם אַפּעטיט צו בוענאָס איירעס. ער האָט דאָ אין וואַרשע געקאָנט אַלץ איבערנעמען, אפילו זיך אַריינציען צו לאה'ן צוזאַמען מיט פלאָרא'ן און שאָשע'ן...

3

ווען מאַקס, פלאָרא און שאָשע זענען צוגעפאָרען אין דער דראָשקע צום פּלאַץ, איז דאָרט געווען אַזאַ געדרענג אַז די דראָשקע האָט נישט געקאָנט אַריינפאָרען. אַלע האָבען גערעדט וועגען איין זאַך: מאיר סמעטענע. אַזוי פלעגען חסידים זיך צוזאַמענלויפען ווען זייער א רבי איז נפטר געוואָרען. מאַקס איז גלייך געוואָרען אַרומגערינגעלט פון מאיר'ס גוטע ברידער: דער בלינדער איטשע, סרולקע גאַנטער, פייטל קלעפּקע. די גראָבע רייצעלע האָט דורכגעשטופּט אירע דריי הונדערט פונט פעטס דורך א באַנדע יונגען און איז אויך צוגעקומען. מאַקס האָט געשפּירט באַשיינפּערליך אַז מ'באַטראַכט אים ווי א יורש. רייצעלע האָט זיך געקושט מיט פלאָרא'ן און געטאָן שאָשע'ן א קנייפּ אין באַק ווי זי וואָלט נאָך געווען א קליין מיידעלע. רייצעלע האָט געטאָן א פּאַטש מיט די הענט:

— א גרויס מאַלעיר האָט אונז געטראָפען!

און זיך פאַרגאָסען אין א הייזעריג געוויין.

דער בלינדער איטשע האָט געזאָגט צו מאַקס'ן:

— מ'וואַרט דאָך אויף דיר. ער האָט געפרעגט אויף דיר א מינוט פאַר'ן טויט.

שאָשע האָט נישט אויפגעהערט וויינען. פלאָרא האָט אָנגעטווישט א טרער מיט א ברוגז טיכעל. פון אַלע זייטען האָבען געשטראָמט אַנדער גנבים, אַלפאָנסען, הורען, גלאַט לאַטקעס און יאַטען. ס'איז אָנגעקומען עפּעס א טוער פון דער חברה חסד של אמת — א דיקער פאַרשוין מיט א ריזיגען בויך, אין א היטל מיט א לעדערנעם דאַשיק און אין א לעדערן רעקל. ער איז געווען חיים פינקוס דער „קייסער“ פון די לוויה'ס. ווען מאַקס איז אַרויף צו מאיר'ן אין דער דירה, האָט מען דאָרט נישט געקאָנט אַריין, אַזויפיל מענטשען האָבען זיך צונויפגעקוועלט. דער בלינדער איטשע האָט געטאָן א געשריי:

— לאָזט'ץ אַדאָרך, א רוח אין ענקערע טחפּה'נע קישקעס!

און ס'איז גלייך געוואָרען א וואַרע. מ'האָט מאיר'ן נישט געהאַט אָפּגעהויבען און אַוועקגעלייגט אויף דער ערד. ער איז געלעגען אין בעט און מ'האָט־פענס האָבען געברענט צוויי ליכט. שאָשע האָט זיך ווי אונטערגעבראָכען. פלאָרא האָט אַרויסגעלאָזט א געוויין מיט א מאַנסבילש קול. ס'איז געווען צום ערשטען מאָל ווי מאַקס האָט געהערט פון איר אַזא קול און אין זיין גאַנצער באַטריבטקייט האָט ער געטראַכט אַז ערגיץ טיף אין יעדער נקבה באַהאַלט זיך א מאַנסביל, און אפשר פאַרקערט אויך. אַלע קומען דאָך אַרויס פון א טאַטען און א מאַמע'ן. לאה איז אַנטקעגענגעקומען פון דער קיך. זי האָט נישט געוויינט. זי האָט אויסגעזעהן ערנסט, בייז און אויך עפּעס ווי מאַנסבילש. זי איז אַרויפגעפאַלען אויף מאַקס'ן און זיך מיט אים געקושט. זי האָט זיך געקושט מיט שאָשע'ן און פלאָרא'ן. זי האָט א זאָג געטאָן:

— נו, אָפּגעטאָנצט!

און אָנגעוויזען אויף מאיר'ן. ער איז געלעגען מיט א געל פנים און האָט אויסגעזעהן ווי ער וואָלט געשלאָפען. א מנוחה אַזאַ וואָס מ'זעהט קיינמאָל נישט אויף קיין לעבעדיגען, האָט געשוועבט אויף זיין שטערן, די געשלאָסענע וויעס, דעם מויל און אונטער די וואָנסען. מאַקס'ן האָט זיך געדוכט אַז ער זאָגט: דאַנקען גאָט, איך בין שוין דאָס מיינ'גע איבערגעקומען... אַלע זענען געשטאַנען שטיל. בלויז פון מאָל צו מאָל האָט זיך דערהערט א ווייבערשער כליפּ. מאַקס האָט עפּעס ווי פון זיך אַליין, אָהן שום צוגרייטונג, גענומען רעדען:

— ברידער און שוועסטער, ער איז געווען אונזער טאַטע און מיר אַלע זענען זיינע קינדער. קאַ' צווייטער מאיר איז נישט' געווען און ס'עט נישט' זאַן — — —

און פון די דאָזיגע איינפאַכע ווערטער האָט אַרויסגעבראָכען צווישען דעם עולם א געוויין ווי יום־כיפּור. שאָשע האָט געחלש'ט און מ'האָט זי געמוזט אַרויספירען אין קיך און זי מינטערן מיט קאַלט וואַסער.

ס'איז דער מנהג אַז מ'לאָזט נישט ליגען א טויטען לאַנג, אָבער מ'האָט געמוזט צוגרייטען די דאָזיגע לוויה. מ'האָט געמוזט מעלדען אין די צייטונגען. מ'האָט געדאַרפט צוגרייטען הונדערטער דראָשקעס וואָס מיט זיי וועלען די באַגלייטער פאָרען צום בית־עולם. די קראָכמאַלנע איז א שמאָלע גאַס און מ'האָט געמוזט דורכשמיצען מיט דער פּאָליציי און זיבעטען צירקל. ס'איז דאָך געבליבען מ'זאָל אָפּלייגען די לוויה אויף איבערמאָרגען אַרום צוועלף אַזייגער אינדערפרי. מ'האָט געהאַט אויסגעשיקט א טעלעגראַמע צו מאיר'ס טאָכטער קיין הרוסקעניק. די וואַרשעווער קהילה, די געמיינדעלייט, האָבען פאַרלאַנגט א הויכען פּריין פאַר דער קרקע און מ'האָט זיך געמוזט מיט זיי דינגען און אָנשרעקען מיט פאַרפעסטען א מעסער. דער בלינדער איטשע און זיינע לייט האָבען אַלץ איבערגענומען און מאַקס מיט פלאָרא'ן זענען געבליבען צו טרייסטען לאה'ן. לאה האָט געדונגען פרומע אידען וואָס זאָלען וואַכען ביים טויטען און זאָגען תהלים. מאיר סמעטענע האָט געהאַט געשטיצט עטליכע תלמוד־תורה און די מלמדים זענען געקומען גרייט צו שיקען די קינדער זיי זאָלען געהן פאַר דער לוויה און רופען: צדק לפניו יהלך. אָבער מאַקס האָט געהאַלטען אַז די קינדער וועלען איינגאַנצען פאַרשטעלען דעם וועג און ס'קאָן אפילו קומען צו אַן אומגליק. ווען עס ווערט צופיל א געדראַנג און א שטופּעניש, קאָן אַלץ פּאַסירען. מאַקס האָט דערציילט אַז אין בוענאָס איירעס איז געהאַט געשטאָרבען אייגער פון דער אַלטער גוואַרדיע און די לוויה איז געווען אַזאַ גרויסע, מיט אַזויפיל מענטשען, אַז אויפ'ן בית־עולם איז געוואָרען א פּאַניק און מענטשען האָבען צעבראָכען הענט און פיס.

מאַקס איז געוואָרען אַזוי פאַרנומען מיט דער לוויה אַז ער האָט פאַרגעסען אין אַלע מורא'ס. אַחוץ דעם האָבען צו דער דאָזיגער לוויה געהאַלטען קומען קאָמיסאַרען, הערראָוועס, אַנדערע פּאָליציי־לייט. די פּאָליציי וואָלט נישט צוגעלאָזט אַז מאיר'ס א לייבמענטש זאָל ווערען באַ'עוולה'ט בעת מ'טוט מאיר'ן דעם לעצטען כבוד.

יענע נאַכט האָבען פלאָרא און שאָשע זיך אומגעקערט אין האָטעל, אָבער מאַקס איז געבליבען מיט לאה'ן. זי האָט מיט אים געגעסען נאַכטמאָל און איז געזעסען מיט אים כמעט א גאַנצע נאַכט און דערציילט מעשה'ס — די מעשׂה־סטע וועגען מאיר'ן און אויך זאַכען וואָס האָט געטראָפען אײדער זי האָט זיך באַגעגענט מיט מאיר'ן. דער שמועס איז אַוועק וועגען בערטא'ן אין בוענאָס איירעס. נאָך א ווייל האָט מאַקס דערמאָנט פלאָרא'ן. לאה האָט איצט צוגעגעבען אַז זי האָט געדענקט פלאָרא'ן פון דער צייט ווען זי איז געווען אין דעם נפקר־בית. זי האָט אפילו געדענקט דעם נאָמען פון דעם פּעטער. זי האָט א זאָג געטאָן:

— מאַקסעלע, וואָס האָסטו געמיינט, אַז זי איז א כשר'ע בתולה?

— כ'בין א גולם, דאָס אַלץ.

— ניין, ביזט נישט קיין גולם, נאָר א מאַנסביל, און דאָס איז עס.

— וואָס איז א מאַנסביל?

— פאַרטשאָרט. ביי זיין גאַנצער חכמה איז מאיר געווען ווי א קינד. טיילמאָל האָט ער גערעדט אַזעלכע קינדישע זאַכען אַז כ'האָב נישט געגלייבט אַז דאָס איז דער אייגענער מאיר.

— ער איז געווען אייפערזיכטיג? — האָט מאַקס געפרעגט.

— ער האָט פייט געהאַט מ'זאָל אים נאַרען. נו, אָבער מ'קאָן נישט' האָבען א מאַנסביל דעם גאַנצען אמת.

— פאַרוואָס נישט?

— אָ, מ'קאָן נישט. יעדער מענטש מיינט אַז ער איז דאָס איבערשטע פון שטויסעל, און מיט אַמאָל דערוויסט ער זיך, אַז ער איז אפילו אין זיין ווייב'ס אויגען א קליין מענטשעלע וואָס זי קאָן אים פאַרבייטען אויף יעדען לאַפּסעק. מיט אונז ווייבער איז אויך ס'אייגענע. מיר מיינען אַז מיר זענען דאָס, און דאַ קומט דער מאַנסביל און פאַרטוישט דיך אויף עפּעס א קרומע אָדער א כליפע. ס'טוט ווייה אָבער העלפען קאָן מען זיך נישט.

— כ'בין מקנא מאיר'ן, דאָס איז דער אמת.

— דאָ? מיר'ן אויך דאַרפט זיין. ווי לאַנג דויערט די מאַככין איך טאַקע א קליין מיידער

(שלוס אויף בינטעל בריוו זייט)

---

דאָך געווען אָפּט געצוואונגען צו שיקען קינדער צו דער אַרבעט). אַזעלכע פּילן, אַז זיי האָבען כשר פאַרדינט צו געניסען פון א ביסל רואיקע יאָרן. קיינער האָט ניט קיין אָפּמאַך צו לעבען ביז'ן טיפן עלטער. עס איז דעריבער נאַטירליך, אַז מענטשן ווילן אַריינכאַפּן א פּאָר יאָר פון לעבן אָן אַן עול, צו קענען אויסנוצן די צייט ווי עס גלוסט זיך.

עס ווענדט זיך נאָר וואָס א מענטש האָט בדעה צו טאָן מיט זיין פרייער צייט און צי ער קען זיך מאַטעריעל דערלויבן צו ריטייערן, ווען ער איז איינגער ווי 65 יאָר. עס איז אויך אָפּהענגיק אין דעם געזונט צושטאַנד פון מענטשן, פון זיינע פאַמיליע פאַרהעלטענישן, און פון זיינע אינטערעסן אין לעבן.

די רעגירונג דאַרף אָבער זאָרגן, אַז מענטשן וועלכע ריטאַיערן ניט פרייוויליק אין א יונגען עלטער, זאָלן ניט פאַרגרעסערן די צאָל אָרימע אַמעריקאַנער (און אַזעלכע זיינען פאַראַן ביי אונז אין לאַנד מעהר ווי אַ סך מיינען), נאָר זאָלן קענען ווייטער פירן א ווירדיק נאָרמאַל לעבן.

# די געסט

(נאָוועלע)

פון **יצחק באַשעווים**

(פאָרטזעצונג)

## עפּילאָג

אויף דער לוויה בעת מ'האָט געהאַלטן ביי צודעקן מאיר'ס קבר האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי. עפּעס אַ נקבה אין שוואַרצן האָט זיך געהאַט דורכגעשטופּט צו מאַקס'ן און גענומען צו אים שיסן. איין קויל האָט געטראָפן מאַקס'ן אין די לענדן, די אַנדערע — פלאָראַ'ן אין דער ברוסט, די דריטע — דעם באַגראָבער. איידער די פּאָליציי האָט באַוויזן אָנצוקומען, האָבן די באַגלייטער גענומען שלאָגן די נקבה און אַרויסרייסן ביי איר דעם שפּייער. ס'האָט נישט געדויערט קיין מינוט ווי זי איז אײַנגאַנצן געוואָרן באַגאָסן מיט בלוט, אָבער אין אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע האָט מאַקס זי דערקאַנט. ס'איז געווען אידאַ, די אַנאַרכיסטין וואָס ביי איר האָט ער איבערגענעכטיגט. פלאָראַ איז זיך פאַרגאַנגען אין געהעלישע קולות. לאה האָט זיך דורכגעריסן צו דער שיסערין און זי גענומען שלאָגן אין קאָפּ מיט ביידע פויסטן און שרייען דערביי עפּעס אַ וואָרט וואָס מאַקס האָט נישט פאַרשטאַנען. ערשט מיט אַ פּאָר טאָג שפּעטער, נאָכדעם ווי מ'האָט מאַקס'ן אָפּערירט, אַרויסגענומען פון אים די קויל און ער איז אויפגעקומען פון שלאָף־געטראַנק, האָט אים לאה איבערגעגעבן אַז דער מויד דער שיסערין האָט מען אָפּגעהאַקט די לונגען. זי ליגט אין דעם אייגענעם שפּיטאָל וואָס ער, מאַקס, און מאַטערט זיך מיט'ן טויט. נעבן איר בעט וואַכט אַ פּאָליציאַנט. מאַקס האָט געפרעגט אויף פלאָראַ'ן, און נאָך אַ ציטערניש האָט לאה געענטפערט:

— ס'איז מער נישטאָ קיין פלאָראַ.

מאַקס איז נאָך געווען פאַרטשאַדעט פון שלאָף־געטראַנק און ס'האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די ווייטיקן וואָס קומען נאָך אַן אָפּעראַציע. ער האָט נישט געהאַט קיין כח צו רעדן. ער האָט צוריק צוגעשלאָסן די אויגן און ווען ער האָט זיי ווידער געעפנט, איז געווען נאַכט. לאה איז געזעסן אײַנגעשלאָפן אויף דער שטול וואו זי איז געזעסן. מאַקס איז געלעגן אין אַ באַזונדער צימער. וואו איז אַהינגעקומען דער טאָג? — האָט ער זיך געפרעגט. ס'האָט אים וויי־געטאָן אין די זייטן, אין רוקן, אפילו אין די הענט און אין דער ברוסט, אָבער ער איז איצט געווען אײַנגאַנצן וואַך. כ'וויל מער נישט לעבן, האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין אָדער עמיצן אַן אומגעזעהענעם. ווי אויסטערליש, נאָר ער האָט די גאַנצע צייט פון דער דאָזיגער נסיעה געוואוסט אַז ער וועט מער קיין בוינעס־איירעס זיך נישט אומקערן. כ'וויל זיין מיט איר, בלויז מיט איר, האָט מאַקס אין געדאַנק גערעדט צו אַ כח וואָס פירט מיט דער וועלט און מיט דעם גורל פון יעדן מענטש און אפשר אויך פון יעדער חיה. די אומרו איז געהאַט אָפּגעטרעטן און אַ רוהע אַזאַ וואָס ער האָט קיינמאָל פריער נישט געקאָנט האָט אים אַרומגענומען. ער האָט געהאַט דאָס געפיהל פון עמיצן וואָס האָט לאַנג געטראַכט און זיך געגריבלט וועגן אַ רעטעניש און מיט אַמאָל איז געקומען דער באַשייד און אַלץ איז קלאָר. הייסט עס, דאָס איז געווען דער צוועק פון אַנדער רייזע: דאָ צו שטאַרבן. דאָס רעכטע אויג איז געווען ביי אים צוגעמאַכט און מיט דעם לינקן האָט ער געקוקט אויף לאה'ן. דאָס מויל איז געווען ביי איר אָפן. פון מאָל צו מאָל האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ כראָפּ. דאָס איז נישט געווען די לאה וואָס ער האָט געקאָנט, נאָר אַן אַלטע פרוי, סמעט אָהן צײַן.

איז דאָס איז מײַן תכלית? דערויף בין איך געקומען אויף דער וועלט צו האָבן אַזאַ סוף? — האָט ער זיך געפרעגט. ווי אויסטערליש, נאָר ער האָט געהאַט אַ באַדערפעניש צו לאַכן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. יעדע באַוועגונג, יעדער ריר האָט ווי אויסגעטרונקט געטון אין זיין אײַנגעווייד און אַרויסגערופן בריהנדיגע יסורים. אַ שפּיטאָל־שוועסטער איז אַרײַנגעקומען און עפּעס געזאָגט, אָבער ער האָט נישט געהערט וואָס זי זאָגט. ער האָט בלויז באַמערקט ווי זי באַוועגט מיט די ליפּן. וואָס וועט זיין מיט מײַן געלט? — האָט ער זיך געפרעגט, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין פרעגעניש פון אַ לעבעדיגן, נאָר פון עמיצן וואָס איז שוין ווייט פון אַלע לעבעדיגע פאַרלאַנגען.

ער האָט צוגעמאַכט דאָס לינקע אויג און ווען ער האָט עס געעפנט, איז געווען טאָג. שאַשע איז געשטאַנען ביי זיין געלעגער. זי איז געוואָרן עפּעס ווי אַלט אין דער קורצער צייט. זי האָט געזאָגט:

— מאַקס, ס'איז ראש השנה.

ווער איז זי? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. — און ווי קאָן זיין ראש השנה? ער האָט וואויל געוואוסט ווער שאַשע איז, אָבער דערביי האָט ער געהאַט פאַרגעסן איר אָנגעהעריגקייט מיט אים. די ווערטער ראש השנה האָבן אויך עפּעס געהאַט פאַרלוירן זייער באַטייט. ער האָט פונדעסטוועגן געמורמלט:

— איך געה אַ גאַנג.

— וועסט לעבן, וועסט לעבן. מ'עט דיר הײַנט אָנשרײַבן אַ גוט קוויטעל.

ווידער האָט מאַקס'ן זיך געגלוסט צו לאַכן און ווידער האָט ער געשפּירט אַז ווען ער וואָלט געלאַכט, וואָלט זיך אַלץ צעריסן אין זיינע געדערים. ער האָט געוואָלט פרעגן וועגן לאה'ן, אָבער ער האָט געהאַט פאַרגעסן איר נאָמען. ער האָט געוואוסט אַז זי איז דאָס ווייב פון זיינ'ס אַ גוטער־ברודער, ער האָט געזעהן מאיר סמעטענע ווי אַ לעבעדיגן, אָבער דער נאָמען מאיר איז אים אויך געהאַט אַרויס פון זינען. ער האָט נישט געהאַט קיין כח צו רעדן. ער האָט געהערט ווי שאַשע זאָגט:

— מ'האָט דיר אַרויסגענומען די קויל. איצט וועט דיר ווערן בעסער.

אַ קויל? — האָט מאַקס זיך געחידוש'ט. — האָב איך מיך אַליין דערשאָסן? אָדער האָט דאָס געטאָן פּייוועלע שעכטער? נו, ס'איז אַלץ איינס...

מאַקס האָט צוגעמאַכט די אויגן און ער האָט זיי מער נישט געעפנט. ס'האָט זיך אים געחלומ'ט. קולות האָבן גערעדט, אָבער מאַקס האָט נישט געוואוסט וואָס זיי זאָגן. ער האָט געזעהן זאַכן, אָבער שוין נישט מיט די אויגן. ס'האָט נאָך אַלץ וויי־געטאָן, אָבער שוין נישט אים. די דאָקטוירים, די שוועסטער, לאה, שאַשע, האָבן אַרומגעטויסט און זענען צוריק פאַרשוואונדן. ער האָט זיך איבערגעוועקט און געהערט ווי לאה זאָגט:

— זי'ט געבעטן זאָלסט איר מוחל זיין. דאָס זענען געווען אירע לעצטע ווערטער.

— ווער איז די זי? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. — פאַר וואָס זאָל איך איר מוחל זיין?

מ'האָט אים געגעבן אַן איינשפּריצונג און ער איז געוואָרן פאַרשטילט. די צייט האָט אויפגעהערט זיין צייט. דאָ איז געווען טאָג און באַלד דערנאָך איז געווען נאַכט. עמיץ אין זיין מוח האָט געטראַסט, נאָר קיינער האָט מער נישט געדענקט די מחשבות. די געדאַנקען האָבן עפּעס ווי געפירט זייערע אייגענע חשבונות. דער חילוק צווישן זיין וואַך און שלאָף האָט אויפגעהערט. דאָקטוירים זענען געקומען און מ'האָט געביטן מאַקס'עס באַנדאַזשן. באַרמהערציגע שוועסטער האָבן אים איינגעגעבן פּילן. מ'האָט גערעדט פּויליש און אידיש, אָבער די ביידע שפּראַכן זענען אים איצט געווען פרעמד. ער האָט באַנומען אַז די לייט דאָ פּרואוון אים ראַטעווען, צוריקברענגען צו דעם וואָס מ'רופט לעבן, אָבער ער האָט געוואוסט, אַז דאָס קאָן זיי מער נישט געראָטן.

מאַקס האָט געהאַט געהערט פון לאה, אַז ס'איז מער נישטאָ קיין פלאָראַ, אָבער פלאָראַ איז געווען מיט אים. זי האָט גערעדט צו אים, זי איז געווען נישט בלויז מיט אים, נאָר אין אים, אַזוי ווי זי וואָלט דורך עפּעס אַ נישט ערדישען טריק געוואָרן אַ טייל פון אים. פאַר וואָס זאָגן זיי אַז זי איז מער נישטאָ? — האָט מאַקס זיך גע'חידוש'ט. דער טאַטע זײַנער און די מאַמע זענען אויך געווען מיט אים. דער טאַטע האָט גערעדט צו אים וועגן אידישקייט, תורה, גאָט. די מאַמע האָט געזאָגט צו אים:

— זיי אַ גוט אינגל. באַגער צו לערנען...

הייסט עס, כ'בין ווידער געוואָרן אַ קינד און גייה אין חדר? — האָט מאַקס זיך געפרעגט. אַלע זאַכן האָבן זיך אומגעקערט. ער איז געווען סיי אין פּינטשעוו, סיי אין וואַרשע, סיי אין בוינעס איירעס. ס'האָבן אויפגעהערט אַלע גרענעצן, אַלע באַגרענעצונגען. ער האָט עפּעס מער נישט געהאַט קיין שום גרעניצן. ער האָט אַלץ געקאָנט טאָן, זיין אומעטום. דעם לעצטן טאָג, — אָדער עס איז געווען נאַכט? — האָט ער זיך געלאָזט ערגעץ פליען צוזאַמען מיט פלאָראַ'ן. די שיין איז געווען אַ בין־השמשות'דיגע, נישט־טאָג, נישט־נאַכט, אַ סאָרט געמיש פון זון־שפּראַץ און זון־זעצונג. ער איז געפלויגן איבער שטעט, פעלדער, טייכן, ים'ען, און ער איז געווען באַהאַפטן מיט פלאָראַ'ן אַשטייגער ווי זיי ביידע וואָלטן געווען איין מענטש מיט צוויי פּנים'ער. נײן, דאָס אויך נישט. פאַר דעם וואָס מאַקס איז איצט דורכגעגאַנגען זענען נישט געווען קיין ווערטער אין דעם לשון פון די מיקלאַמפּערשט לעבעדיגע און געזונטע. ער האָט געהאַט דערגרייכט אַ גליקזעליגקייט אַזאַ וואָס ברויך מער גאָר־נישט...

ער איז געשטאָרבן, און ער האָט נישט געוואוסט אַז ער איז טויט. ער האָט זיך געהאַט אָפּגעשיידט פון גוף און זיין שווערקייט, זיינע ווייטאָגן, זיינע זאָרגן און פחדים. מ'האָט אַראָפּגענומען אים דעם קערפּער ווי מ'נעמט אַראָפּ אַ באַנדאַזש פון אַן אויסגעהיילטער וואונד...

די קראַכמאַליטע גאַס איז געוואָרן מיד פון לוויה'ס. מ'האָט געהאַט געמאַכט מאיר'ן אַ רייזיגע לוויה, דערנאָך פלאָראַ'ן. נאָך מאַקס'ן זענען נאָכגעפאָרן בלויז אַ צעהנדליג דראָשקעס. ווי אויסטערליש, נאָר אין דעם זעלבן טאָג, אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך באַגראָבן אידאַ'ן, די אַנאַרכיסטין וואָס האָט אים געשאָסן. מ'האָט ביידע, סיי מאַקס'ן און סיי אידאַ'ן, באַגראָבן נישט ווייט פון דער צוים. די קהילה האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן זיי אַ בכבוד'יג קבר. אַזוי נאָהענט זענען געווען ביידע באַגראָבענישען, אַז די באַלייטער פון איין מת האָבן געזעהן די באַלייטער פון אַנדערן מת. ווי וואויל אַ היפּשע צאָל אַנאַרכיסטן זענען געזעסן אין ציטאַדעל, האָבן זיך צונויפגעזאַמעלט אויף אידאַ'ס לוויה אַ צאָל פון דער באַוועגונג. זיי זענען געשטאַנען און זיך צוגעהערט ווי איינער פון זיי האָט געמאַכט אַ הספד. ער האָט גערעדט וועגן יענע, וואָס האָבן געשטעקט זייער לעבן פאַר גערעכטיגקייט און פרייהייט. אין דעם מאָמענט ווען דער באַגראָבער האָט גענומען זאָגן קדיש — אידאַ'ס קרובים זענען נישט געווען אין וואַרשע, איינציגע זענען געבליבן אין וואַרעמבאַד — האָט אַ פאַרשוין אין אַ ברייטן קאַפּעליוש און מיט לאַנגע האָר אָפּגענומען פון הינטער דער פעלערינע אַ שוואַרץ פּעדעגדל און גענומען דערמיט פאָכען און עפּעס רופן. ווייזט אויס אַז די פּאָליציי האָט בלויז געוואַרט דערויף. אַגענטן און פּאָליציאַנטן האָבן אויפגעטויכט ווי פון אונטער דער ערד און מיט שווערדן און רעוואָלווערן זיך גענומען יאָגן נאָך די אַנאַרכיסטן. ס'איז געווען שווער צו אַנטלויפן ווייל די פּאָליציי האָט פאַרשטעלט דעם אַרויסגאַנג און צוליב די מצבה'ס איז געווען אוממעגליך צו לויפן. מ'האָט געכאַפּט דאָס גאַנצע געזינדעל, אָדער די מערסטע פון זיי, און מ'האָט זיי אָנגעטאָן קייטלעך אויף די הענט. דערנאָך האָט מען אַלע צוזאַמען אַרומגענומען מיט איין לאַנגער קייט. אַן אַגענט איז אַוועק טעלעפאָנירן נאָך אַ קאַטושל.

ווען די אַנאַרכיסטן האָבן איינגעזעהן, אַז זיי קאָנען מער זיך נישט באַשירמען, האָבן אַלע אָנגעהויבן זינגען אַ ליד מיט הויכע קולות. ס'איז געווען האַלב־אַ־געזאַנג, האַלב־אַ־געקלאַג. דאָס ליד האָט פאַראויסגעזאָגט, אַז אַ טאָג וועט קומען ווען אַלע טיראַנען וועלן ווערן פאַרלענדט, דער מענטש וועט ווערן פריי פון קסרים, רעזשימען, געזעצן, באַצווינגער און אַלע מענער און פרויען וועלן לעבן און זיך טיילן ווי איין גרויסע און גליקליכע משפּחה.

(סוף)